## משה פײנקינד

# גוטע יודען



# אין פוילען

ארויסגעגעבן דורכן מחברס קינדער:
שלמה (ווארשע), היגדע (לוצק),
פערל (פיאטרקאוו), הערצל (תל-אביב)

צינא

משה פינקינד

# גוטע יודען אין פוילען

ארויסגעגעבען דורכען מחברס קינדער:
שלמה (ווארשע), הינדע (לוצק), פערל (פיאטרקאוו),
און הערצל (תל־אביב).

ווארשע — 1936 — פרייז 5 זל.

Printed in Poland

MOJZESZ FEINKIND

# Gute Judën in Polen

(Cadycy w Polsce)

Wydane przez dzieci autora

Szlomo (Warszawa), Hinda (Łuck), Perła (Piotrków), i Hercel (Tel Awiw),

Warszawa 1936

Druk. „Grafja" Warszawa.

# אינהאלט פון די קאפיטלען



0—0—0

# די ביאגראפיע פון משה פיינקינד ז"ל

## מחבר פון בוך „די גוטע יודען פון פוילן"

משה פיינקינד ז"ל איז געבוירען געווארען אין טורעק, קאלישער געגענד, כ"ג שבט תרכ"ה (1865 יאהר) און אויס־געהויכט זיין נשמה אין פיעטרקאור־טריבונאלסקי ב' סיון תרצ"ה (3 יוני 1935 יאהר), ער האט געלעבט 70 יאהר.

משה פיינקינד האט געשטאמט פון א יחוס'דיגער חסי־דישער פאמיליע. פון זיין מוטערס צד איז ער געווען אנ'אור־אור־אור־אייניקעל פון „מגן אברהם". זיין עלטער־זיידע איז גע־ווען דער פאדעמביצער רב (קאלישער געגענד) ר' משה'לע חריף, וואס האט אנטיילגענומען אין קאשציושקא'ס אויפשטאנד.

משה פיינקינד האט געלערנט אין חדר און אין פערשידענע ישיבות, דערהויפט אין בעריהמטען שנידער־שטעדטעל בזשעזשין (לאדזער געגענד) אונטער דער השגחה פון זיין פעטער, דער בזשעזשינער רב ר' ישראל פיינקינד זצ"ל.

גלייכצייטיג האט משה פיינקינד זיך אבגעגעבען מיט אלגע־מיינע למודים ביי פריוואטע לעהרער, גרינטעגדיג זיך צו ווערען

ראבינער. צו 17 יאהר האט ער צוזאמען מיט זיין חבר, דעם בעריהמטן כעלעמער חנוך גליצנשטיין, ארויסגעגעבן א טאפאגראפישע קארטע פון ארץ־ישראל. צו דער צייט איז ער אוועק קיין בערלין, וואו ער האט שטודירט פילאזאפיע, גע־שיכטע און ליטעראטור, ספעציאליזירענדיג זיך אין חכמת ישראל ביי ד"ר קאסעל, לאצארוס, ד"ר הילדעסהיימער, שטיינ־טאל א. אנד.

אין יאהר 1886 איז משה פיינקינד געווארען ארויסגעשיקט פון בערלין פאר אנטיילנעמען אין א דעמאנסטראציע פון רוסיש־יודישע סטודענטן געגען דעם רוסישן אמבאסאדאר ארלאוו.

קומענדיג צוריק קיין פוילען, איז משה פיינקינד געווארען א לעהרער פון העברעאיש און דייטש און געגעבן לעקציעס, דערהויפט אין די חסידישע און פערמעגליכע הייזער. ער איז געווען לעהרער אין זיין געבורטס־שטאדט טורעק, דאן אין לאדז און נאכהער אין פיעטריקאוו־טריבונאלסקי.

שוין צו 15 יאהר האט משה פיינקינד איבערזעצט אין העברעאיש שירים פון די דייטשע קלאסיקער (שפעטער פער־עפענטליכט אין „הנצנים" פון הנ"ין).

זינט 1884 יאהר האט משה פיינקינד זיך בעטייליגט מיט היסטארישע און פובליציסטישע ארטיקלען אין דער דייטשער „אלגעמיינער צייטונג דעס יודענטומס", ארויסגעגעבן פון לוד־וויג פיליפזאן, וועלכעס ביאגראפיע פיינקינד האט בעשריבען אין א רייהע ארטיקלען אויף דער טעמע „ציון לנפש יהודה" אין „הצפירה" (1890 — 1891), אין דער דייטשער „איזראע־ליטישער וואכענשריפט" (ביז'ן יאהר 1887), אין דער דייטשער „יודישעס ליטעראטורבלאט" און אין אנדערע דייטש־יודישע אויסגאבען.

אין יאהר 1888 האט משה פיינקינד צוגעגרייט פאר גרעצ'ן א דייטשע איבערזעצונג פון מאטעריאלען צו דער געשיכטע

פון די יודען אין פוילען און רוסלאנד. ער האט אויך געפירט א קארעספאנדענץ מיט פיליפאוו, קייזערלינג, וויגשע, נעלדעקע און דעליטש.

שפעטער האט ער קארעספאנדירט און געדרוקט ארטיקלען פון פוילען אין פעטערבורגער „פריינד", אין „הצפירה", אין אינזש. יאן קירשראט'ס וואכענבלאט „גלאס זשידאווסקי" און אין דער צייטשריפט „ציון", וואס זענען ערשינען אין ווארשא, אין ווארשאווער „אונזער לעבען", אין די פעטערבורגער יודיש-רוסישע וואכענבלעטער „יעוורייסקאיא זשיזן" און „ראזסוויעט", אין ד"ר הערצעל'ס דייטשען וואכענבלאט „די וועלט", וואס איז ערשינען אין וויען, אין „לאדזער טאגעבלאט" און אין פיעל אנדערע טעגליכע און וועכענטליכע צייטונגען, וואס זענען ערשינען אין העברעאיש, יודיש, דייטש, פויליש און רוסיש. דאס רוב זיינע ארטיקלען און קארעספאנדענציעס זענען געווען געדרוקט אונטער די פסעוודאנימען: „סעדוואוס", משה פינקוס-זאן, „איקס", „א. ב. ג.", „מפה", מ. פנחסי, מ. פ. און א פיעט-קאווער.

נאכ'ן אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה איז משה פיינקינד געווארען א מיטארבייטער אין לאזאר קאהאנ'ס „לאדזער פאלקס-בלאט" און „ווארשאווער טאגעבלאט", וואו ער האט אין משך פון עטליכע יאהר פערעפענטליכט ארטיקלען אונטער'ן פסעוודאנים „א ראטמאן" איבער די אקטועלע פראגען פון יודישען לעבען אונטער דער עסטרייכישער אקופאציע. חוץ דעם האט משה פיינקינד אין די יאהרען 1915 — 1917 געדרוקט אין „לאדזער פאלקסבלאט" א גאנצע סעריע ארטיקלען אונטער'ן פסעוודאנים „א. ב. ג." וועגען די גרויזאמע פאגראמען און שחיטות, וואס זענען פארגעקומען אויף די יודען אין די שטעדט און שטעדטלעך פון גשו. קאנגרעס-פוילען און אויסגעפירט דורכ'ן צארישן מיליטער און זייערע נאכשלעפער. דאס זענען

געווען בעשריבן ווענען אלע אכזריות'ן, וואס זענען אין די דערמאנטע מלחמה־יארן באגאנגען געווארן דורך דער אונטערגעהעצטער צארישער ארמיי מיט דער הילף פון געוויסע טיילן פון אונזערע שכנים.

אין אנהויב 1916, ווען דאס „לעמבערגער טאגבלאט" האט זיך געהאלטן ביים פארמאכן, ווייל כמעט אלע רעדאקציע־מיטארבייטער זענען צוגענומען געווארן צום מיליטער, האט דער רעדאקטאר ד"ר ביקעלעס ז"ל איינגעלאדן משה פיינקינד'ן אלס מיטרעדאקטאר און ער האט כמעט טעגליך געשריבן פאר דער צייטונג ארטיקלען, איבערשיקענדיג זיי פון פיעטרקאוו קיין לעמבערג. ער האט צוליב די דאזיגע ארטיקלען, ווי אויך פאר זיינע קארעספאנדענציעס, געדרוקט אין „נייעס ווינער מארגענבלאט" און אין אנדערע דייטשע צייטונגען אין ווין, געהאט אויסצושטיין פיעל צרות פון דער עסטרייך־אונגארישער מיליטער־צענזור און פון דער זשאנדארמעריע אין פיעטרקאוו. ניט איינמאל האט די עסטרייכישע זשאנדארמעריע געוואלט משה פיינקינד'ן ארעסטירן, אדער פארשיקן אין געפאנגען־לאגער, אבער די לייטונג פון „נאטשעלני קאמיטעט נארָאדאווי" (נ. ק. נ.) ד. ה. דער פוילישער נאציאנאלער הויפט־קאמיטעט, וואס האט געארבייט פאר מארשאל פילסודסקי'ס לעגיאנען, האט ניט דערלאזט דערצו.

משה פיינקינד איז אויך געווען דער רעדאקטאר־ארויסגעבער פון ערשטן יודישן וואכנבלאט אין פיעטרקאוו אונטער'ן נאמען „פיעטרקאווער שטימע". די צייטונג האט די ליכטיגע שיין ניט אנגעזען. זי איז געווארן אפגעדרוקט, אבער גלייך געווארן פארניכטעט, ווייל אזוי האט געפאדערט דער פיעטרקאווער גובערנאטאר יאטשעווסקי. דאס איז געווען אין אויגוסט 1914, ווען ס'איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה. דער גובערנאטאר יאטשעווסקי האט עטליכע מאל אפגעזאגט משה פיינקינד'ן

צרויסצוגעבן אַ קאָנצעסיע אויף אַ וואָכנבלאַט אין פּיעטרקאָוו, אָבער פיינקינד האָט געוואָלט אויסנוצן דעם מאָמענט, וואָס דער גובערנאַטאָר מיט דער גובערניע האָבן יעדע ווײלע בע־דאַרפט אנטלויפן פון פּיעטרקאָוו קיין רוסלאַנד. ביז דער לעצטער מינוט האָט דער גובערנאַטאָר נישט דערלויבט אין „זיין שטאָט" ארויסצוגעבן אַ יודישע צייטונג.

אזוי איז טאַקי געשעהן. די גאַנצע צייט פון דער צאַרי־שער הערשאַפט אין פּיעטרקאָוו איז קיין יודישע צייטונג דאָרט נישט ערשינען, הגם אין דער שטאָדט האָבן זיך געפונען זעהר אַ סך יודישע דרוקערייען און געוועזן ספרים און ביכער פאַר דער גאַנצער יודישער וועלט.

בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, אין די יאָהרען 1916 — 1917, האָט משה פיינקינד רעדאַגירט און ארויסגע־געבען אין פּיעטרקאָוו אַ פּאָליטיש וואָכענבלאַט „גלאָס זשידאָוו־סקי". ער האָט אויך רעדאַגירט און ארויסגעגעבן אין פּיעטרקאָוו די יודישע וואָכנבלעטער „די יודישע וועלט" אין יאָהר 1924, „די צייט" און „נייע צייט" אין יאָהר 1926. מיטגעאַרבעט אויך אין וואַרשאַווער וואָכענבלאַט „דאָס פאָלק" אונטער לאַזאַר קאַהאַנ'ס רעדאַקציע, אין דוד דרוק'ס הודשליכען זשורנאַל „שול און ערציהונג", אין א. ל. יאַקובאָוויטשעס וואָכענבלאַט „דער וועלטשפּיגעל", „זאַגלעמביער צייטונג", „טשענסטאָכאָווער צייטונג" און אין וואַרשאַווער פּויליש־יודישען וואָכענבלאַט „עווא".

פאַר די לעצטע 15 יאָהר ביז דער לעצטער וואָך פון זיין לעבען האָט משה פיינקינד נישט ארויסגעלאָזט די פעדער פון זיין האַנד. זייענדיג שוין צוגעשמידט צום בעט, האָט ער בסדר געשריבען און גראָד זעהר אַ סך היסטאָרישע און קריטישע אַרטיקלען, ווי אויך לעגענדעס. זיי האָבן זיך געדרוקט אין וואַרשאַווער „אונזער עקספּרעס", אין דער וואַרשאַווער יודיש־פּוילישער צייטונג „פּיאָנטע ראַנאָ", אין לאָדזער „נייעם פאָלקס־

בלאט" און אין אנדערע װאַרשאַװער טעגלעכע ייִדישע צײַטונ־
גען, אין פּראָװינצער פּױלישע צײַטונגען, װי „דזשעננִיק נאַ־
ראָדאָװי" און „גלאָס טריבונאַלסקי", װאָס ערשײַנען אין פּיעטער־
קאָװ, װי אױך אין די פֿיעל ייִדישע װאָכנבלעטער, װאָס זענען
צוזיים און צוזאַמען איבער דער פּױלישער פּראָװינץ.

משה פֿײַנקינד'ס אַרטיקלען פּלעגן גערן װערן איבער־
געדרוקט אין דער אױסלענדישער ייִדישער פּרעסע, װי אין
לאָנדאָן, ניו־יאָרק, טשיקאַגאָ, פֿילאַדעלפֿיע, בוענאָס־אײַרעס,
מאָנטרעאַל און אין פֿיל אַנדערע שטעט פֿון אייראָפּע און
מעבר־לים, װאו עס ערשײַנען נאָר טעגלעכע, אָדער װאָכנטלעכע
ייִדישע צײַטונגען.

משה פֿײַנקינד האָט אױך אַרױסגעגעבן עטלעכע היסטאָ־
רישע בראָשורען אין ייִדיש און אין פּױליש, װי די „כוזרים"
(פּיעטריקאָװ 1910), „אױף די פּױלישע פעלדער" (הפֿט א'
— „פּערעלע די קאָזשעניצער רבי'צין". הפֿט ב' — „העלענע,
די כלה פֿון קעניג זיגמונד" און דער „גר צדק" פֿון װילנא,
פֿערלאַג ב. ליבעסקינד, פּיעטריקאָװ 1926). די מאָנאָגראַפֿיע
פֿון פּיעטריקאָװ אין דער פּױלישער שפּראַך „דזשעיע זשידוב
װ'פּיאָטרקאָװיע", ערשינען אין פּיעטריקאָװ אין יאָהר 1930.

משה פֿײַנקינד האָט נאָך זײַן טױט איבערגעלאָזט א מאַסע
כתבים און א רײַכע ביבליאָטעק מיט א סך אַנטיקען. צװישען די
איבערגעלאָזטע װערק זענען פֿאַראַן אין ייִדיש: „זכרונות פֿון
דער װעלט־מלחמה" מיט א כראָנאָלאָגישער רשימה פֿון די
שטעדט און שטעדטלעך אין פּױלען, װאו ס'זענען פֿאָרגעקומען
שחיטות, פּאָגראָמען, אַרעסטען דורכגעפֿירט דורך די רוסען,
דײַטשען, עסטרײַך־אונגאַרן א.א.װ.; א היסטאָרישע בעטראַ־
כטונג װעגען קאָזשימיעזש דעם גרױסען און די ייִדען. די גע־
שיכטע פֿון דער אַלגעמײנער און ייִדישער ליטעראַטור, געזאַ־
מעלטע גלײַכװערטלעך פֿון ייִדישען לעבען בעת דער װעלט־

מלחמה. אַנ'אָבהאַנדלונג אין דייטש וועגן די קוועלען צו שפּי־נאָזאָ'ס פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט. מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יודען אין פּיעטריקאָוו און אין פּוילען בכלל, אַ מלחמה־דראַמע „דער שפּיאָן", אַ ספר אין העברעאיש „זכרון משה" (הכולל תולדות הרבנים וכו' בפּיעטרקוב) און בראָשורען אין יודיש וועגן פּאָליטישען ציוניזם און שקל, ביאָגראַפיעס פון דוד וואָלפזאָהן, די געשיכטע פון די יודען אין פּוילען און פיל אַנדערע.

נאָך זיין טויט האָבען זיך געדרוקט און עס דרוקען זיך נאָך פון צייט צו צייט זיינע היסטאָרישע אַרטיקלען און לעגענ־דעס אין וואַרשאַווער „אונזער עקספּרעס", אין דער וואַרשאַווער יודיש־פּוילישער טעגליכער צייטונג „פּיאָנטאַ ראַנאָ" און אין פאַרשידענע יודישע זשורנאַלען.

קיין פּיעטריקאָוו מהוב. איז משה פיינקינד געקומען אַלס איידעם פון דאָרטיגען בעל־הבית ר' לייבעל עהרליך ז"ל. דאָס איז געווען אַ יוד אַ משכיל, אַ תלמיד־חכם, גוטסבעזיצער פון סטאַראָ־וויעס (פּיעטריקאָווער קרייז), גבאי און לייטער אין דער פּיעטריקאָווער „דייטשער שוהל".

צו יענער צייט איז משה פיינקינד'ס שווער ר' לייבעל עהרליך ז"ל געווען אַ פּאָפּולערע פּערזענליכקייט אין פּיעטרי־קאָווער געגענד. ביי איהם אין הויז זענען טהיר און טויער גע־שטאַנען אָפען פאַר אַלעמען. שמחות זענען אין זיין הויז געווען זעהר אָנ'אָפטע ערשיינונג. למשל, ביי אַ חתונה פון אַ טאָכטער, אָדער פּורים־באַל, האָט געמוזט שפּיעלען דער גאַנצער מילי־טערישער אָרקעסטער פון פּיעטריקאָווער גאַרניזאָן. ר' לייבעל עהרליך ז"ל איז אויך געווען אַ הדרת־פּנים און גבור. ער האָט אין יאָהר 1890 אין „שמאָלען געסעל", בעת אַ שפּאַציר, אויס־געפּאַטשט דעם דעמאָלדיגען פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר מי־לער, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אָבטרעטען דעם דורכגאַנג עהרליכ'ן איבער'ן שמאָלען טראָטואַר. ר' לייבעל עהרליך האָט

געהאלטען, אז דער גובערנאטאָר, אינטערעסענדיג איהם, וואס איז געווען עלטער פון גובערנאטאָר, דערצו א שטאָרק־קורצ־זיכטיגער — ער האָט געטראָגען 2 פּאָר ברילען — האָט גע־דאַרפט אראָבגעהן פון שטאָלען טראָטואר אין דער מיטען גאס און דורכלאָזען איהם, עהרליכ'ן, דעם אלטען און אנגעזעהענעם פּיעטריקאָווער בעל־הבית. ר' לייבעל עהרליך איז דערפאר גע־וואָרען בעשטראָפט מיט א הודש אַרעסט דורכ'ן וואַרשאווער גענעראל־גובערנאטאָר. ס'האבען נישט געהאָלפען קיין שום השתדלות'ן אין פּעטערבורג ביים אינערן־מיניסטער. ר' לייבעל עהרליך איז די שטראָף אבגעזעסען. עטליכע חדשים דערנאָך אין יאָהר 1900 איז ער געשטאָרבען.

משה פּיינקינד איז אנגעקומען צו זיין שוועהר אלס אײדעס אויף קעסט. פּיינקינד האָט חתונה געהאט מיט ר' לייבעל עהר־ליכ'ס עלטסטע טאָכטער פריידעל ז"ל. דאָס איז געווען א פרוי א צדיקת און א שטילע כלל־טהוערין, גלייכצייטיג, אבער, א פריילעכע און לעבעדיגע. איהרע גלייכווערטלעך און וויצען, מיט וועלכע זי פלעגט שיטען, האָבען געהאַט א רוהם אין פּיעטריקאָ־ווער געגענד. משה פּיינקינד'ס גוטע יאָהרען אלס גביר'ישער קעסט־אײדעס האָבען אָבער נישט לאַנג געדויערט.

פון שרייבעריי, זשורנאליסטיק און ליטעראַטור האָט מען דעמאָלט נישט געקענט מאַכען קיין לעבען. ער איז דעריבער געוואָרען צוזיס לעהרער פון העברעאיש און דייטש אין די רייכע חסיד'ישע הייזער אין פּיעטרקאָוו. ס'איז איהם גוט גע־גאנגען. אבער פאר זיין אידעאליזם, השכלה און ציוניזם־פער־שפּרייטונג האָט ער טייער בעצאָהלט. פאַנאַטיקער האָבען איהם פאַרייננעליינט אין „חרם" און משה פּיינקינד האָט אין איין טאָג פאַרלוירען אלע זיינע לעקציעס. ער מיט זיין פרוי פריידעל און 5 קינדערלעך זענען אין דער שטיל אויסגעוואנדערט פון ווײט. זעלטען עמיצער האָט געוואוסט, אז דער קרבן פון ווילדען פאַנאַ־טיזם און בלבול ליידט כמעט אויף צווי פיל ווי מיט זיין פרוי

און קינדער, און אז די קינדער האָבן שוין אַפילו אָנגעהויבן קרענקען אויף שווינדזוכט.

צו יענער צייט האָט זיך מיט משה פיינקינד'ן בעקאַנט א קריסטליכע דיכטערין, וואָס האָט געשטאַמט פון די באַל־טישע לענדער. זי איז געווען די פרוי פון א וויצע־פּראָקוראָר פון פּיעטריקאָווער קרייז־געריכט. זיי פלעגן פון צייט צו צייט זיך צונויפקומען און פירן שמועסן אין דער דייטשער שפּראַך וועגן דער שיינער ליטעראַטור און דיכטונג. זי האָט זיך אין שטאַרק ביי יודען דערוואוסט, וואָס ס'איז מיט משה פיינקינד'ן געשעהן. זי האָט אינסטינקטיוו דערפיהלט, אז ער גייט אויס פון הונגער צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. זי האָט איהם אין א געשפּרעך אָנגעדייט, אז זי האָט בעשלאָסען איהם צו בעפרייען פון צו זיין ביי יודען אין „גלות". דורך איהרע בעמי־הונגען, איז ער אָנגעקומען אויף א פּאָסטען אלס שפּראַכען־איבערזעצער צו איינעם פון די גרעסטע אדוואָקאַטען אין פּיעט־ריקאָוו מיעטשיסלאַוו באָגדזינסקי. הגם דער דאָזיגער אדוואָקאַט איז געווען א שונא־ישראל — צו יענער צייט שוין אַן'ענדעק, דאָך האָט משה פיינקינד אָבגעאַרבעט ביי איהם 25 יאָהר ביז צום אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. משה פיינקינד האָט אַזוי ווייט אוואַנסירט אויף זיין פּאָסטען, אז ער איז פאַר די לעצטע 15 יאָהר געווען דער סעקרעטאַר פון דערמאָנטען אדוואָקאַט און דערצויגען דורך זיין האַנד א דור פון אדוואָקאַטען, וואָס פערנעמען היינט וויכטיגע מלוכה־פּאָסטענס אין פּוילישען גע־ריכט און אדמיניסטראַציע־וועזען.

דאָס וואָס ס'האָט געטראָפען מיט משה פיינקינד'ן, וואָס איבער־נאַכט איז ער געוואָרען געשטעלט פאַר דער געפאַהר פון א הונגער־טויט, איז אויך נישט איין מאָהל אין לעבען געשעהן מיט זיין עלטסטען זוהן שלמה אין וואַרשא און מיט'ן יונגסטען זוהן הערצל אין חדרה.

א קרבן פון משה פיינקינד'ס הונגער און נויט־טראַגעדיע

אין גאַבאַלען זיין מיטעלסטער זוהן רפאל צבי. ער איז דעם 15־טען פעברואַר 1916 געשטאָרבען אין פּיעטריקאָוו פון שווינדזוכט אין עלטער פון 21 יאָהר. ער איז געווען א יונגער בעגאַבטער רעפּאָרטער און דיכטער. ער האָט מיטגעאַרבעט אין ס. ספּעקטאָר'ס וואַרשאַווער טעגליכע צייטונג „די נייע וועלט", אין דער אַלטער „דויטשע לאָדזשער צייטונג" און בעת דער וועלט־מלחמה אין לאַזאַר קאַהאַנ'ס „וואַרשאַווער טאַגבלאַט" און פון „לעמבערגער טאַגבלאַט" אלס קאָרעספּאָנדענט פון פּיעטריקאָוו און אומגעגענד. רפאל צבי פיינקינד איז געווען אַנ־אַקטיווער טוער פון פּיעטריקאָווער „פועלי־ציון" – אָרגאַ־ניזאַציע. ער האָט נאָך זיך געלאָזט עטליכע שענע, ניט־גע־דרוקטע דיכטונגען, סצענקעס און סקיצען אין יודיש און אין פּויליש. ער האָט געשריבען אונטער די פּסעוודאָנימען: „רפאל", „רפאל מאָזעסזאָהן", „ראדא" און „האַבער".

חוץ א שרייבער איז אויך משה פיינקינד געווען א זעלטע־נער סוחר פון א יודישען עסק. ער איז געווען צווישען די גע־צעהלטע, וואָס האָבען פון זייער כלל־טועריי ניט געצויגען קיין פּראָפיט. זיין הויז איז געווען א מקום־מקלט פאַר די אַלע, וואָס האָבען זיך גענויטיגט אין הילף בעת א צרה. אויך די, וואָס האָבען געשטרעבט נאָך וויסען און האָבען זיך געריסען אין דער ברייטער וועלט אריין, האָבען געפונען אין איהם א רבי און וועגווייזער.

משה פיינקינד איז געווען א בעשיידענער מענש, וואָס איז אַנטלאָפען פאַר רעקלאַמע. ער איז אָבער געווען א מענש מיט אַן אויסערגעוועהנליכען טעמפּעראַמענט און ענערגיע. א מענש פון שווערער אַרבייט, אָפּפערווילינגען קאַמף פאַר דעם דאָ־זיין און פאַר'ן בעסערען מאָרגען, סיי פאַר דעם כלל און סיי פאַר דעם יחיד.

די יודען פון לוצק, ראָוונאָ, קאָוועל און פאַרשידענע אַנ־דערע שטעט און שטעטלעך פון וואָהלין, וועלכע געקאָנט

זעהר א סך דערצעהלט, וואס משה פיינקינד איז גאר זיי געווען אין יענער צייט, ווען די עסטרייכיש־אונגארישע אקו־פאציע־מאכט האט זיי פערשיקט איבער די תפיסות און דערפער פון פעטריקאווער געגענד. ער האט זיך געטיילט מיט זיי מיט'ן ביסען און א דאנק זיינע מסירת־נפש'דיגע בעמיהונגען, זענען א סך וואהלינער יודען געווארען דערמאלט אבגעראטעוועט פון טויט און אונטערגאנג. זיי האבען נאך זוכה געווען זיך אומ־צוקעהרען אין זייער אלטער היים.

ער איז געווען א מענש און א ווארימער יוד, וואס האט געהאט פערשטענדעניש פאר אלעם. אנגעהערענדיג א קורצע צייט צו די ערשטע פאציאליסטישע קרייזלעך פון פיעטריקא־ווער געגענד, וועלכע מען האט דערמאלט אנגערופען — די „סאמעבלעך", איז ער אין יאהר 1894 געווארען ביינאכט ארעס־טירט דורך דער צארישער זשאנדארמעריע. געשמידט אין קיי־טען איז ער פון זיין וואוינונג גלייך געווארען אוועקגעפיהרט קיין ווארשא אין ציטאדעל אריין. ער איז דערמאלט געפאלען א קרבן פון א מסירה. אויף דער השתדלות פון וויצע־פארזיצער פון פיעטריקאווער קרייז־געריכט, וואס איז געווען מיט משה פיינקינד'ן פערזענליך בעקאנט, און פון הויפט־פראקוראר פון זעלבען געריכט, איז ער אין א וואך ארום בעפרייט געווארען.

משה פיינקינד איז געווען איינער פון די פיאנערען פון פאליטישען ציוניזם אין פוילען און איינער פון די גרינדער פון די ערשטע ציוניסטישע אגודות אין פיעטריקאוו און אומגעגענד. ער איז אליין טאג און נאכט, אויף אייגענע הוצאות, ארומגע־פאהרען איבער שטעדט און שטעדטלעך פון דער פיעטריקאווער גובערניע, האלטענדיג ציוניסטישע דרשות אין די שוהלען און בתי מדרשים.

אין פיעטריקאוו גופא פלעגט ער יעדען שבת האלטען פאר־לעזונגען איבער יודישער געשיכטע און ציוניזם.

א רייה יאהרען איז ער געווען דער פארזיצער פון דער

„אגודת הציונים בפיעטריקאוו". דער סעקרעטאר פון דער ערש־
טער ציוניסטישער אגודה אין פיעטריקאוו איז פארבליבן אין
זיין רייכן ארכיוו.

זיין גאנץ לעבן און פארמעגן (דאס שרייבט ער אויך
אין זיין צוואה) האט ער אוועקגעגעבן פאר'ן ציוניזם און ארץ־
ישראל.

אבער ווען אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע האבן
בעת און נאך דער וועלט־מלחמה זיך אריינגעכאפט אזעלכע
עלעמענטן, וואס האבן אין דעם ציוניזם דערזעען א „גוטן
עסק", איז דעמאלט משה פיינקינד, א וועלטגעבנדיג אויף זיין
שטיינער בים דער מהיר, אוועק פון דער ציוניסטישער ארגא־
ניזאציע. ער איז אבער ביז זיין לעצטן אטעם געבליבן א גע־
טרייער פאליטישער ציוניסט.

ניטא געווען אין פיעטריקאוו קיין איין פעראיין, געזעל־
שאפט, ארגאניזאציע, אינסטיטוציע, אנשטאלט, חברה און קאָ־
אפעראטיוו, אז ער זאל ניט זיין געווען איהר מיטגרינדער
אדער מיטבוער. איז די ארגאניזאציע אדער געזעלשאפט ניט
געווען איהם אידעאיש נאהנט, האט ער בלויז דעם סטאטוט
רעדאגירט און צודורכגעפיהרט די לעגאליזאציע.

ער איז אויך געווען דער מיטגרינדער פון דער „ארט"־
שול אין פיעטריקאוו און א געוויסע צייט פארזיצער פון דעם
דארטיגען „ארט" - קאמיטעט. משה פיינקינד איז אויך געווען
פארזיצער און נאכהער געבליבן געווארען אלס אייביגער
עהרען־פארזיצער פון פיעטריקאווער האנדווערקער־פעראיין, בעת
זיין 50־יעהריגען ליטעראַרישען יובילעאום, וואס ער האט געפיי־
ערט דעם 9־טן פעברואר 1934 — 16 הדשים פאר זיין טויט.

ביי די וואהלען פון ערשטען פיעטריקאווער שטאדט־ראט
אין יאהר 1915 איז משה פיינקינד געקליבן געווארען אלס
ראטמאן. ער איז געווען דער איינציגער יודישער פארטרעטער
אין פיעטריקאווער שטאדט־ראט, וואס האט דעמאלט אונטער

דער עסטרייכישער אקופאציע, ארויסגעשטעלט די פאדערונג פון פאליטישער קולטורעלער אויטאנאמיע פאר יודען אין פוילען. ער האט געקעמפט פאר דער גלייכבערעכטיגונג פון דער יודישער שפראך. זיין פאליטישע דעקלאראציע, וואס ער האט דעמאלט פארגעלייגט אויף דער פייערליכער זיצונג פון ערשטען פיעט־ריקאווער שטאדט־ראט, האט ארויסגערופען א געוואלדיגען שטורם ביי די ענדעקעס און אפילו ביי די דעמאלטיגע ליבעראלען. אפילו זיינע קריטטליכע תלמידים זענען איהם דערפאר געווארען דם שונאים.

הגם משה פיינקינד איז די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען געשטאנען פון דער ווייטענס פון דער אקטיווער ציוניסטישער ארבייט, האט ער דאך אין זיין פובליציסטישער ארבייט רעאגירט אויף יעדער־ וויכטיגער געשעהעניש אין דעם ציוניסטישען וועלט׳ל. ער איז געבליבען ד״ר הערצל׳ס א געטרייער תלמיד. יעדעס יאהר האט משה פיינקינד אויסגעקויפט דעם טראדיצ־יאנעלען ציוניסטישען שקל. ווען עס פלעגט איהם די לעצטע יאהרען אויסקומען צו זיין אין פיעטריקאוו כ׳ תמוז, בעת ס׳פאלט אויס ד״ר הערצל׳ס יאהרצייט, האט משה פיינקינד, נישט קוקענדיג אויף זיין עלטער און קראנק האריץ, נעהאט די טראדיציע מספיד צו זיין דעם שעפער פון פאליטישען ציוניזם אין דער אלטער, היסטארישער, שטאדטישער שוהל, אדער אין א ספעציעלער פערזאמלונג.

משה פיינקינד איז געוועזן פון די טיפען אקטיווע ציוניס־טישע טוער, וואס הגם ער האט אליין ארגאניזירט ציוניסטישע ראיאן־צוזאמענפאהרען ביי די געפערליכסטע צארישע בעדינ־גונגען און איז אויך עטליכע מאהל געקליבען געווארען אלס דע־לעגאט צו ציוניסטישע קאנגרעסען, איז ער דאך ביי זיין לעבען אויף קיין קאנגרעס נישט געפאהרען און אין ארץ־ישראל נישט געוועזן.

ער האט איבערגעלאזט אן׳איינציגע שוועסטער אין לאס־

אנדרושעלאס. משה פיינקינד איז געווען א בן־יחיד ביי זיין פאטער ר׳ פנחס אליהו ז״ל, וואס איז געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית און אָנגעהיטענער יוד אין טורעק. די לעצטע 13 יאָהר האט דער פאטער זיך אויפגעהאלטען ביים זוהן משה אין פיעטריקאוו און דאָרט געשטאָרבען אין שבט תרצ״א אין עלטער פון 96 יאָהר. משה פיינקינד׳ס מוטער אסתר ציל׳ע ז״ל רוהט אויפ׳ן טורקער בית־עולם.

משה פיינקינד׳ס פרוי, פריידעל, איז געשטאָרבען אין י׳ תמוז 1921 אין עלטער פון 56 יאָהר. זיי האָבען איבערגעלאָזט 2 טעכטער און 2 זיהן: הינדע, בערל, שלמה און הערצל.

צו דער ערשטער יאָהרצייט פון משה פיינקינד דערשיינט דער דאָזיגער באַנד פון זיינע שריפטען.

די קינדער.

# דער „מגן־אברהם"

ס'איז געווארען 250 יאהר זינט דער גאון־עולם און לעצ־טער פוסק ר' אברהם־אבא'לע גאמבינער, דער „מגן־אברהם", איז נפטר געווארען אין קאליש. אין צוזאמענהאנג דערמיט האט די קאלישער קהלה, ווי בעקאנט, געשטעלט א נייע מצבה אויף זיין קבר.

דער ביי יודען אזוי פאפולערער „מגן־אברהם", איז גע־בוירען געווארען אין שטעדטעל גאמבין (ביי קוטנא) אין יאהר שצ"ז (1637). אין זעלבען שטעדטעל זענען זיין פאטער (ר' חיים הלוי) און זיין מוטער אומגעקומען אויף קידוש־השם אין יאהר 1655 פון טשארניעצקי'ס קאנפעדעראטען, וועלכע האבען געמאכט, נאך דער שוועדישער מלחמה, שחיטות אויף יודען אין גאנץ פוילען.

דער „מגן אברהם" איז דעמאלט אלט געווען אכצעהן יאהר. זיין ברודער יהודה, איז געווען מיט דריי יאהר יונגער. האבען זיך די צוויי יתומים געלאזט אין דער וועלט אריין לערנען. ר' אברהם אבא'לע האט זיך אבגעשטעלט אין ליסא ביי קרובים, זוכענדיג דארט א תכלית. פון דארט איז ער שוין געקומען א חתונה־געהאטער קיין קאליש, וואו ער איז געווארען א מלמד, געלערנט מיט בחורים'לעך און פון דעם געצויגען זיין ארימע חיונה. ער האט כל־ימיו געוואוינט אין א פינסטער קעלער־שטו־

בעל אין אולריכ'ס הויז, וואס האט זיך געפונען נעבען דער שוהל און געלעבט מיט זיינע בני־בית אין גרויס דחקות, דערפאר אבער געלערנט טאג און נאכט תורה לשמה, נישט צוליב פרנסה אדער כבוד (ווי דער פראנקפורטער רב, ר' יוסף שמואל פון קראקא, בעשטעטיגט עס אין זיין הסכמה אויף דעם חיבור „מגן אברהם). אזוי ווי ער איז געווען במבע א בעהאלטענער, א גרויסער עניו, האט מען אין שטאדט קנאפ־וואס געוואוסט וועגען זיין גרויסקייט און וועגען זיין למדנות. ערשט דורך א צופאל איז ר' אברהם־אבא'לע גאמבינער נתגלה געווארען אלס גדול בישראל.

ווי מען דערצעהלט, איז געקומען קיין קאליש דער ש"ך (דער שפתי־כהן"). וועלכער איז געווען פון די גולי ווילנא (די אנטלאפענע פון ווילנא) אין דער צייט פון כמיעלניצקי'ס שחי־טות. פאהרענדיג קיין אויסלאנד, איז ער אבגעשטאנען אין קא־ליש און געהאלטען שבת אין דער שוהל א דרשה, אין וועלכער ער האט געפרעגט ביי די קאלישער לומדים א הארבע קשיא, אויף וועלכער קיינער האט נישט געוואוסט קיין תירוץ. האט זיך פון דער קשיא דערוואוסט דער „מגן־אברהם" פון איינעם פון זיינע תלמידים און ער האט זי באלד אויפ'ן ארט פער־ענטפערט.

האט מען דעם ש"ך צוגעטראגען דעם תירוץ פון „מגן־אברהם", איז באלד דער ש"ך געלאפען צום „מגן־אברהם" אהיים און, שמועסענדיג מיט איהם אין לערנען, איז ער גבהל־ונשתומם געווארען פון זיין חריפות און גאונות. און נישט קיין וואונדער: האט דאך דער „מגן־אברהם" געקענט פון אויסווייניג גאנץ ש"ס.

א צווייטע לעגענדע וויל האבען, אז דער „מגן־אברהם" האט פערענטפערט א זעהר שווערע שאלה וועגען חמץ, מיט וועלכער דער קאלישער בית־דין האט זיך נישט געקענט קיין עצה געבען.

אזוי ארום איז מען ערשט איצט דערגאנגען, אז דער צע־

בראָכענער, קרענקליכער מלמד איז׳ם קעלער־שטיבעל איז נאָך א גרויסער גאון... האָט די שטאָדט איהם געמאַכט פאַר א ראש־ישיבה און פאַר א דיין, אָבער נישט־וועלענדיג, ביי זיין גרוים עניוות, קיינעם פון די אַלטע דיינים מקפח־פּרנסה־זיין, האָט ר׳ אברהם דאָס אָנגעבאָטענע דיינות נישט געוואָלט אָננעהמען, ביידען מען וועט איהם מאַכען פאַר א שוהל־דיין. און א שוהל־דיין איז טאַקע ר׳ אברהם געוואָרען און אַזוי האָט מען איהם שוין גערופען דאָס גאַנצע לעבען, אפילו נאָכדעם, ווי ער איז שוין מעהר קיין שוהל־דיין נישט געווען.

ערשט שפּעטער האָט דער קאַלישער רב ר׳ ישראל שפּירא דעם „מגן־אברהם״ אריינגענומען אין זיין בית־דין און ר׳ אברהם איז פון דעמאָלט אָן פערעכענט געוואָרען אַלס שטאָדט־דיין. אָבער עס איז איהם ווייטער אויסגעקומען צו ליידען דחקות און נויט, ווייל ער האָט בישט געוואָלט נעהמען קיין פּסק־געלד.

נאָך נישט אַלט־זייענדיג קיין גאַנצע דרייסיג יאָהר, האָט דער „מגן־אברהם״ גענומען שרייבען א פירוש אויף גאַנץ שולחן־ערוך „אורח־חיים״ (1665—71). נישט האָבענדיג קיין געלד אויף פּאַפּיר, האָט ער געשריבען דעם פירוש אויף שטיקלעך פּאַפּיר פון סידור, אין וועלכע ס׳ווייב האָט אייגגעפּאַקט עפּענוואַרג פון נאָס אָדער אויף שניצלעך פּאַפּיר, וואָס פאַלען אָב ביים איינבינדער. אויפשטעהענדיג פון שלאָף אין מיטען דער נאַכט, אָדער ליגענדיג קראַנק אין בעט, פלעגט ער זיינע חידושים אויפשרייבען אויף דער וואַנד מיט האָלץ־קויהלען, כדי ער זאָל זיי נישט פערגעסען. דערביי האָט ער זיך שטאַרק געהיט, אַז קיינער זאָל זיך, חלילה נישט, דערוויסען, אַז ער שרייבט א חיבור, ווייל ער האָט נישט ליב געהאַט קיין פירסום.

צווישען זיינע קרובים קורסירט די לעגענדע, אַז דער קרעמער, ביי וועלכען דעם „מגן־אברהם׳ס״ ווייב (מ׳האָט זי גערופען: די באָבע מאַבעשי) פלעגט איינקויפען צוקער און אַנדערע זאַכען, האָט אַמאָל אַריינגעלעגט פון אונטען, אין דעם טיטעל

מיט צוקער, אַ גאַנצען אימפּעריאַל, ווילענדיג דעם „מגן־אברהם" מהנה־זיין און זיין נויט מיט אַ מתן בסתר. די רבי'צין האָט אויסגעשאָסען דעם צוקער, געבענדיג דעם מאַן דאָס טוטעל צו שרייבען דערויף, איז זי שטאַרק איבעראַשט געוואָרען דער־זעהענדיג אַ גאָלדען רענדעל. האָט דער „מגן־אברהם" געהייסען תיכף ומיד צוריקגעבען דעם קרעמער דאָס רענדעל. און ווען דער קרעמער האָט גע'טענה'ט אַז ס'איז נישט זיין געלד, האָט דער „מגן־אברהם" געלאָזט אויסרופען אין די שוהלען צוויי מאָל טעגליך, איינדערפריה און אין אָוונד, אַז ווער עס האָט פערלוירען אַ גאָלדען רענדעל, זאָל קומען צו איהם אָבנעהמען. איז דאָך אָבער קיינער נישט געקומען, האָט עס דער „מגן־אברהם אַוועקגעגעבען דער קהל אויף „ברק־הבית"...

ביים לעבען איז דעם „מגן־אברהם" נישט בעשערט געווען צו זעהן זיין חיבור אָבגעדרוקט, כאָטש ער האָט שוין געהאַט דערויף די הסכמה פון ליסער רב ר' יהודה בר' שלום (1671). די סיבה דערפון איז געווען, וואָס זיין ברודער ר' יהודה נאָמבינער פון קראָקא, פאָהרענדיג קיין אַמסטערדאַם עס דרוקען, איז אויפ'ן וועג נפטר געוואָרען און דער כתב־יד איז פערלוירען געגאַנגען. האָט זיך שוין דער „מגן־אברהם" איינגאַנצען מיאש געווען פון זיין חיבור. אָבער נאָך דער פטירה פון „מגן־אברהם" האָט זיך זיין זוהן, ר' חיים גאָמבינער אונטערגענומען אויפצוזוכען דעם כתב־יד און ער האָט איהם טאַקע ביי עמי־צען געפונען. האָט דער בעזיצער, אויף דער התראה פון ועד ארבע ארצות, געמוזט דעם כתב־יד אַרויסגעבען דעם זוהן און ערשט מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט דער מדפיס ר' שבתי משורר אין פראַג געלאָזט דעם חיבור אויף זיינע הוצאות אָבדרוקען אין זיין דרוקעריי אין דירעגפורט (1692).

געדרוקט האָט ער דעם פירוש צוזאַמען מיט דעם שולחן־ערוך. פון איין זייט דעם פירוש פון „טורי־זהב" מיט'ן נאָמען „מגן־דוד", און פון דער צווייטער זייט — דעם פירוש פון ר'

אברהם־אבא׳לע נאָמבינער מיט׳ן נאָמען „מגן־אברהם״.

דעם נאָמען „מגן־אברהם״ האָט דער זוהן ר׳ חיים דעם פּירוש געגעבען. דער מחבר אליין האָט עס אָנגערופען גר־ישראל.

אדאנק דעם, וואָס דער פּירוש איז גלייכצייטיג אָבגעדרוקט געוואָרען מיט׳ן „טורי־זהב״ און אינאיינעם מיט׳ן שולחן־ערוך, האָט מען דעם „מגן־אברהם״ אָנגעהויבען בעטראַכטען אלס איינעם פון די ערשט־ראנגיגע פּוסקים. די תּלמודישע וועלט האָט זיך צום פּירוש אָנגעהויבען צו בעציהען מיט גרויס כבוד און זיך שטאַרק גערעכענט מיט׳ן מגן־אברהם׳ס מיינונג אין הלכה למעשה. דער פּירוש איז קורץ און שאַרף, פול מיט לאָ־גישער טיפקייט און בעהאָוועָנטסקייט, תריפות׳דיג און אויסגע־האַלטען. ער איז ממלא די אַלע דינים און מנהגים, וואָס דער רמ״א האָט נישט דערמאָהנט אין זיין חיבור. — מען קאָן דרייסט זאָגען, אז נאָכ׳ן רמ״א איז דער „מגן־אברהם״ געוואָרען דער פּאָלסטער פּוסק אויפ׳ן געביט פון שולחן־ערוך.

ס׳איז כדאי צוצוגעבען, אז ביי זיין גאַנצען שטרענגען טראַדיציאָנאַליזם, האָט דער „מגן־אברהם״ נישט געהאַלטען, למשל, פון כפּרות שלאָגען, אָנרופענדיג עס א „מנהג של שטות״, א נאַרישער מנהג. די דאָזיגע ווערטער זענען אויסגעמעקט גע־וואָרען פונ׳ם אָריגינאַל פון זיין פּירוש. ער איז געווען אזא עניו, אז ער האָט נישט געהאַט די העזה צו זאָגען: „קבלו דעתי״, נאָר האָט לאָגיש בעוויזען, אז ער איז גערעכט מיט זיין בעהויפּטונג (ווי ס׳איז מעיד אויף איהם דער פראַנקפורטער רב, ר׳ יוסף־שמואל).

צוליב דעם, וואָס דער „מגן־אברהם״ האָט נישט געשרי־בען זיין פּירוש סיסטעמאַטיש און ציטירט אנדערע מיינונגען פון זכרון, איז ביים צופאַסען די חידושים צום טעקסט פון שולחן־ערוך אריינגעפאַלען א סך טעותים, וואָס האָט געגעבען שטאָף די מפרשים צו ערקלערען און פעסטצושטעלען דעם מגן־אברהם׳ס מיינונג.

ר' שלמה קעלן האט צוליב דער קורצער שרייב־ארט 'פון „מגן־אברהם" געשריבן אויף איהם א פירוש א. נ. „מחצית־השקל" (ווינן, 1807).

דער „מגן־אברהם" האט אויך אנגעשריבן א פירוש אויפ'ן „ילקוט־שמעוני" (דרוק דעסוי 1704) און חידושים אויף עטליכע מסכתות פון נזיקין (אמסטערדאם, 1722) דרשות אויף עטליכע סדרות פון בראשית א. נ. „שמן־ששון" (וואס עס האט ארויסגעגעבן זיין איידעם, ר' משה יקותיאל קויפמאן, דער קוטנער רב, מחבר פון „לחם הפנים" א. אנד. חידושים־ספרים).

דער „מגן־אברהם" האט אויך געפרובט שרייבן פיוטים, וועלכע מען פלעגט זאגן אין דער קאלישער שוהל כל־זמן ער האט געלעבט. צוויי פון די דאזיגע פיוטים זענען געדרוקט אין זיין איידעמ'ס ספרים. אבער די פיוטים זיינע האבען ביים עולם ווייניג אויסגענומען, ס'פעהלט אין זיי דער פאעטיש־רעליגיעזער שוואונג. אפילו זיין שעהנע קינה אויף תשעה־באב האט נישט געפונען קיין אבקלאנג אין דער יודישער ליטורגיע.

דער „מגן־אברהם" איז נפטר געווארען נישט דערגרייכענדיג קיין פופציג יאהר, נאך א לאנגער שווערער קראנקהייט (ט"ו אדר, תתי"נ). ער האט איבערגעלאזט א צוואה, אז אויף זיין מצבה זאל נישט מעהר זיין אויפגעשריבען, ווי זיין נאמען און דער נאמען פון זיין חיבור. און אזוי ווי אין קאליש איז געווען א גוילדער מנהג בכלל נאריש אויפצושרייבען אויף די מצבות, וואס זענען בעשטאנען פון פשוט'ע זאמד־שטיינער, איז אויך אויפ'ן מגן־אברהמ'ס מצבה א לאנגע צייט איבערהויפט נאר נישט געווען אויפגעשריבען.

אין מיטען דעם אלטען קאלישער בית־עלמין, וואס עגזיסטירט שוין פון יאהר 1287, געפינט זיך אויפ'ן בערגעל, וואו עס זענען געקומען צו קבורה די „חכמי קאליש" מיט זייערע תלמידים, אויך דער קבר פון גרויסען עניו און גאון, דעם „מגן

אברהם״. עס שטעהט דאָרט נאָך ביז היינט א שפּיצינער נע־
וועהגליכער זאַמד־שטיין מיט דער אויפשריפט: פ״נ ר׳ אברהם־
אבא בר׳ חיים הלוי — מגן־אברהם״.

צרים געבוירען, צרים געלעבט און צרים געשטאָרבען...
דער גורל פון כמעט אלע פאַרצייטישע יודישע גדולים...

# דער קאצקער רבי ר' מענדעלע

א.

ר' מענדעלע קאצקער איז געווען א פענאָמען אין דער חסידישער און לומדישער וועלט, דער „עמוד האש" פון דער פלעיאַדע „גוטע יודען" אין פוילען.

ער האָט זיך אויסגעצייכענט פון זיינע פאַר-גענגער דער-מיט, וואָס ער האָט זיך פערנומען נישט בלויז מיט תורה און עבודת הבורא, נאָר אויך מיט חקירה און יודישער פילאָזאָפיע, ווייל ער האָט געשטרעבט צו דערהויבען דאָס חסידות צו א אויפלעבונגס-בעוועגונג פון יודישען גייסט און פון דעם יודישען רוח-חיים, דת ודעת.

אַלס קינד שוין האָט מען בעמערקט אין ר' מענדלען א נע-גיאַלע נשמה און אויסערגעוועהנליכע גייסטיגע פעהיגקייטען, וואָס האָבען נביאות געזאָגט, אז ער וועט אודאי ווערען א גדול בישראל.

אָבער לערנען, קנייטשען די באַנק האָט ער גראָד נישט געוואָלט. ער איז געווען לעבענסלוסטיג, א פרייער פויגעל און ער האָט געוואָלט זיין א קינד פון דער נאַטור...

ר' מענדעלע איז אַלס יונגעל מעהר ווי איין מאָהל אוועק-געלאָפען פון דער היים אויף גאַנצע טעג, און ווען זיינע על-טערן, וואָס האָבען געוואוינט אין בילגוריי (נעבען לובלין),

זענען געגאַנגען איהם זוכען, האָבען זיי איהם נישט איינמאָהל געטראָפען אַרומלויפען באָרוועס אויף די גרינע לאָנקעס און שפּיעלען זיך מיט די פּאַסטוכעס, וואָס האָבען דאָרט געפּאַשעט די שאָף; אָדער מען האָט איהם געפונען אין וועלדעל נעבען שטעדטעל, וואו ער האָט זיצענדיג אונטער דעם שאָטען פון אַ בוים, געזונגען יודישע ניגונים פאַר די פויערשע קינדער.

ר' מענדעלע פלעגט זיי תמיד ברענגען צוקערלעך, אַז זיי זאָלען איהם ערלויבען זיך צו שפּיעלען מיט די ציגען און שאָף און די פּאַסטוכעס, האָבענדיג איהם שטאַרק ליב, האָבען איהם דאָס ערלויבט...

נישט געקוקט אויף אַלע התראות און שטראָפען פון די עלטערן אָדער מלמדים, האָט ער דאָס זייניגע ווייטער געטהון; געלאָפען אויף די גרינע פעלדער און געבלאָנדזשעט אין די גדינע וועלדער. ביי דעם אַלעם האָט ער איבערגעשטיגען אין לערנען, מיט זיין גוט קעפּעל, אַלע זיינע חברים. ווען ער האָט בלויז איין מאָהל געהערט פון דעם מלמד דעם שיעור האָט ער איהם שוין תופס געווען און ער איז איהם געבליבען אין זכרון.

באַלד ווי ר' מענדעלע איז נאָר דערוואַקסען געוואָרען, האָבען די עלטערן פאַר איהם געזוכט אַ תכלית, ד. ה. אַ שידוך, כדי ער זאָל געזעצט ווערען.

זייענדיג פון דער נאַטור בעשאָנקען מיט גרויס חן און שעהנקייט, האָט זיך די וועלט געריסען צו האָבען אַזא עילוי פאַר אַנ'איידעם. צו 14 יאָהר האָבען איהם די עלטערן חתונה געמאַכט מיט אַ נגידישער טאָכטער פון טאָמאַשאָוו. מען האָט איהם צוגעזאָגט „אייביגע״ קעסט, כדי ער זאָל זיצען און לערנען און ווערען אַ מענש...

טאַקע נאָך דער חתונה האָט זיך דער „ווילדער יונגערמאַנ־משוק״, ווי מען פלעגט ר' מענדלען אָנרופען אין זיין שטעד־טעל, זיך גענומען לערנען מיט גרויס התמדה, גרייטענדיג זיך

צו ווערן א רב. דערביי האט ער נישט איפגעהערט איינזאם שפאצירן אויף די טאמאשאווער פעלדער און וועלדער און זיך צו שפילן מיט די פאסטוכעס.

אין טאמאשאוו האט זיך ר' מענדעלע בעקענט מיט די דארטיגע משכילים־לומדים. פון זיי האט ער בעקומען דעם „מורה נבוכים" און אנדערע וויכטיגע ווערק פון דעם מין. בעקענענדיג זיך מיט דעם אינהאלט פון די דאזיגע פילאזאפישע ספרים, האט זיך ביי איהם געמאכט א גרויסע רעוואלוציע: זיין לעבענס־אנשויאונג איבער דעם מהות פון יודישען לעבען איז געווארען גאר אנ'אנדערע. ער ווערט א פייערדיגער משכיל, על דבר אמת, און אויך א פערביסענער מתנגד, א געפערליכער געגנער פון חסידים.

מיט אמאל אבער האט זיך דער דאזיגער פאנאטישער מתנגד ווידער א ווענד־געטהון אויף רעכטס און איז גאר געווארען א פערברענטער חסיד, געפאהרען צום „חוזה", גע'חבר'ט זיך מיט'ן „יוד הקדוש" און דאן געווארען א תלמיד פון רבי ר' בונם, „ער האט געגאסען וואסער אויף זיינע הענד און איינגעהילט זיך אין שטויב פון זיינע פיס", זאגט וועגען דעם די מליצה.

אין פשיסכע ווערט ר' מענדעלע א גרויסער חשוב. מיט זיין ווארט האט זיך אפילו דער סאטע רבי שטארק גערעכענט. ווען דער רבי ר' בונם איז נפטר געווארען (תקפ"ז) האבען די פשיסכער מיט'ן „חרושי הרי"ם" אין דער שפיץ איהם געקרוינט אלס זייער מנהיג, נישט קוקענדיג דערויף, וואס דער גרעסטער טייל עולם האט אויף איהם נישט מסכים געווען און ס'איז איבערגעבליבען א זוהן אלס ממלא מקומו. מיט כח האט דער „קאצקער" זיך גענומען די פשיסכער „קרוין".

איבערנעהמענדיג די הנהגה פון פשיסכער עולם, האט ר' מענדעלע דאן אויך פערלאזט טאמאשאוו און געמאכט קאצק

פאר זיין רעזידענץ. דער עולם פערהייליגט און פערגעטערט איהם און שטראָמט צו איהם פון אַלע עקען.

ר' מענדעלע האָט אָבער איינגעפיהרט ביי זיך די מנהגים און טראַדיציעס פון פּשיסכער הויף, וואו לערנען מיט מח איז געווען דער עיקר און אַלע איבעריגע א טפל. דאָס האָט אויך אַרויסגערופען צו זיך א גרויס התנגדות מצד די איבעריגע חסידישע גרופּירונגען. האַלטענדיג אויך פון דער שיטה „וחי בהם" (לעבען און לוסטיג זיין), האָט מען ביי ר' מענדלען אויך אָנגעהויבען פיהרען א רייך הויז, רייכע, ברייטע טישען. רבנים, גאונים און לומדים האָבען ממש עולה רגל געווען קיין קאָצק. פון די גרויסע פדיונות, וואָס די חסידים האָבען געגעבען, האָט אויך אַלעס געקלעקט. און באַדענדיג זיך אין געלד, האָט מען, נאַטירליך, נישט פערגעסען א סך דערפון צו פערטיילען צווישען די נצרכים און בכובד'ע יורדים אא"וו.

מיט דער צייט איז קאָצק געוואָרען דער גייסטיגער צענטער, פון די סאַמע רייכסטע און פערברענטסטע חסידים און לומדים, פון וואַנען די „תורות" זענען פערשפּרייט געוואָרען איבער גאַנץ פּוילען.

אויך אַלס רבי פלעגט ר' מענדעלע זיין שטאַרק בענקיי־טערט פון די שעהנקייטען פון דער נאַטור און אַרויסווייזען צו איהר גרויס אהבה. אָפטער־צייט פלעגט ער פערלאָזען זיין חדר מיוחד און צוזאַמען מיט זיינע „נושא כלים" ה' הערשעל טאָמאַשאָווער און אַנדערע מקורבים, שפּאַצירען געהן אויף די געבענשטע פעלדער און געדיכטע וועלדער. צווישען די הויכע סאָסנעס אין בושאָזעס האָט ער געהאַט התבודדות און השתפּכות הנפש. דאָ הערט ער זיך צו צו דעם זינגען פון די פייגעל, צו די מעלאָדיעס פון נאַכטיגאַל. דאָ דערצעהלט ער זיינע תלמידים, וואָס האָבען איהם נישט אָבגעלאָזט אויף א מינוט, זיינע זעהונ־גען, ענטפּלעקט פאַר זיי אויך די „סתרי תורה", וואָס ער האָט

איבער׳ן טאָג מחדש געווען... דאָ אין וועלדעל האָבען איהם אָב־געווארט און ארומגעריננעלט די אלע, וואָס האָבען געוואָלט אויס׳פועל׳ן אין הימעל א ישועה, רפואה פאר זייער הויז.

אפילו ווינטער־צייט, ווען ס׳זענען געווען די גרעסטע שנייען און פרעסט האָט ר׳ מענדעלע זיך איינגעהילט אין זיין סויבעל־פעלץ, גענומען די לולקע מיט זיך און געפאָהרען מיט זיין גע־שפאן אין וועלדל ארייין, וואו ער האָט מיט זיין גבאי, ר׳ פייוועל, פערבראכט א שפאר ביסעל צייט אין דביקות און עבודת הבורא. דאָ האָט ער אויסגעגאָסען זיין הארץ פאר דעם שעפער פון דער נאטור, פון הימעל און ערד... „נישט יעדער גוף האָט א נשמה, נאָר יעדע נשמה האָט א גוף", האָט ר׳ מענדעלע גע־זאָגט, און דעריבער האָט ער געזוכט א תיקון פאר אזעלכע גופים אָהן נשמות.

אָבער דאָס קאָצקער התנהגות האָט ארויסגערופען א גרוי־סען שטורם אי ביי די געשוואוירענע מתנגדים, אי ביי די חסי־דים פון אנדערע לאַגער׳ס, וועלכע האָבען געזעהן אין קאָצקער א גרויסע קאָנקורענץ און א געפאהר פאר זייערע דינאַסטיעס. די רעשטלעך „קהלקטניקעס" (אזוי פלעגט מען אָנרופען צו יענער צייט די מתנגדים מיט ר׳ זלמן פויזנער בראש), האָבען געוואָרפען פיל שמוץ אויף זייער׳ם א „געוועזענעם", אויסרע־דענדיג אויף איהם און זיין הויז, וואָס „אין קאָרט שטעהט". די „איזביצער", וועמענ׳ס רבי ר׳ מרדכי יוסף האָט זיך אָבגע־ריסען פון קאָצק, האָבען נישט אנדערש געשריגען אויף די קאָצ־קער חסידים, ווי „קאָצקער משומדים"; אין קאָצק, האָבען זיי גע׳טענה׳ט, דינט מען עבודה זרה, ווארום אין קאָצק האָט מען מעהר מקפיד געווען אויף א מנהג, ווי אויף א דין. אויף מעפער־שטער זענען דעריבער געווען די איזביצער מיט די קאָצקער. נישט וועניגער זענען געווען די „ווארקער", פון ר׳ איציק׳ס חדר, פייער־פלאַם אויף די קאָצקער. זיי פלעגען זיך נענגעזייטיג

שטארק זידלען, רודפ'ן, שלאגען, נישט זייענדיג זיך אפילו משדך מיט זיי, כאטש די רביים גופא האבען צווישען זיך גאנץ פריינדליך געלעבט און זענען זיך צונויפגעקומען אויף שמחות.

„קאצק" האט אבגעלאכט פון די ווארקער השתדלות'ן ביי די גבירים אח אין די „הויכע פענסטער" ווענען כלל־זאכען, ווארקע ווידער האט פארטענוארפען קאצק דאס צו ברייטע לעבען. קאצק האט אויך קיינמאל נישט געקאנט מוחל זיין דעם „איד ביצער", וועלכער האט אלס קאצקער תלמיד זיך אבגעריסען פון ר' מענדעלע'ן און געמאכט זיך א בעזונדערע חדר.

אויף איזשביץ פלעגט ר' מענדעלע זאגען:

„אז א מענש מאכט א פנים פאר אזא פנים, וואס איז נישט קיין פנים, דאס איז עבודה זרה"...

ווען ר' מענדעלע איז אזוי געשטאנען אין העכסטען גלאנץ פון עשירות און כבוד, שטארבט איהם זיין ווייב גליקע. דער „חדושי הרי"ם" שדכנ'ט איהם זיינס א שוועגערין חיה'לע, זיין ווייב'ס א שוועסטער, די יונגסטע טאכטער פון ר' משה חלפן (ליפשיץ) אין וואהשא, וועלכער איז שוין געווען דעמאלט א גרויסער יורד און נישט געקאנט געבען איהר קיין נדן. דאס מיידעל איז שוין, נעבעך, געווען אין די יאהרען און פאר קיין בריה האט זי זיך ענטשלאסען חתונה צו האבען פאר'ן רבי'ן. זי האט אבער געשטעלט א תנאי, אז ער זאל קיין פרוש נישט זיין, ווייל זי וויל געבוירען קינדער. ר' מענדעלע זאגט איהר צו און נאך א געוויסער צייט האט מען געשטעלט אין קאצק א חופה. אין חדר מיוחד, וואוהין מען האט געפיהרט חתן־כלה צום „בילדען היגדעל", האט די כלה גע'חלש'ט און מען האט זי קוים דערראטעוועט. נאך דער חופה האט אבער דער קאצקער נישט געוואלט לעבען מיט זיין יונג ווייבעל... לויפט חיה'לע צום „ווארקער" איהם פערקלאגען, אז ער „וואוינט" נישט מיט איהר, צוליב וואס זי איז קראנק... דער „ווארקער" שיקט נאכ'ן

„קאָצקער״ און מאַכט איהם גרויסע פּאַרוואורפען. בינתיים שטאַרב זי — און איצט הויבט זיך אן דער טראַגיזם פון ר׳ מענדעלע קאָצקער.

ב.

נאָך ביים לעבען פון ערשטען ווייב איז פאַרגעקומען אין קאָצקער הויף אַ גרויס איבערקעהרעניש.

ר׳ מענדעלע ווערט פּעסימיסטיש געשטימט און פערשליסט זיך אין זיין חדר מיוחד, אָבטיילענדיג זיך אויך פון זיינע תלמי־דים און חסידים און ער האָט צו זיך קיינעם נישט צוגעלאָזט. דער איינציגער, וואָס האָט זיך נעקאָנט צו איהם אמאָל אריינ־כאַפּען, איז געווען זיין גבאי ר׳ פּייוועל. ר׳ מענדעלע איז פערד־טיפט אין חשבון־הנפש, ער טהוט זיך גאַנצע יאָהרען נישט אויס, זעלטען אמאָל פלעגט ער איבערטהון זיך אַ העמד לכבוד שבת, ער וואַשט זיך נישט דאָס פּנים און לאָזט זיך פערוואַקסען די האָר פון קאָפּ. זעלטען ווען קומט אריין אין זיין מויל אַ טרוקען שטיקעל ברויט, ער לעגט זיך נישט אויפ׳ן בעט, ער שלאָפט נישט, שפּאַנט טאָג און נאַכט איבער דער שטוב הין און צוריק מיט דער לולקע אין מויל, אנגעטהון אין בלויזען טלית־קטן און אין קאַפּעל, רייבענדיג זיך דערביי זיין גרויסען, ליכ־טיגען שטערען.

און ווען ער בעוויזט זיך איין מאָהל אין יאָהר פאַר׳ן עולם, אויפמאַכענדיג די טהיר פון זיין שטיבעל, וואָס איז געגאַנגען אין זיין בית־המדרש אריין, האָט ער, דערזעהענדיג אַנ׳עולם זיך שטאַרק צע׳כעס׳ט, שרייענדיג אויפ׳ן קול, אז מען זאָל איהם אָבלאָזען, ער איז נישט מעהר קיין רבי און וויל אויך נישט מעהר קיין רבי זיין. „אַ חסיד, האָט ער געזאָגט, וואַרפט אויעק די וועלט, און דער, וואָס וואַרפט אוועק די וועלט איז אַ חסיד״...

ר׳ מענדעלע האָט טאַקע אוועקגעוואָרפען די גאַנצע וועלט, אָבער זיינע חסידים האָבען איהם נישט געוואָלט אוועקוואַרפען.

באמת ער האט נישט מער געוואלט פון זיי וויסן און נישט הערן זייער געוויין און זייער בעטן. פארקערט: וואס מער ער האט געוואלט פון זיך די חסידים אבשטופן, אלץ מער זענען זיי נעפאהרן צו איהם, געגאנגען צו פוס קיין קאצק, ארומגעוואלגערט זיך דארט גאנצע חדשים... די נבאים, דאס בני־בית האבן צוגענומען די קוויטלעך און די גרויסע פדיונות פון זיי, בעהאלטענדיג פאר די חבירים די ערשטע צייטן דעם סוד פון רבי׳נס נייעם לעבענס־שטייגער און פון זיין אבגעווג־דערטקייט.

און אפילו, ווען זיי האבן זיך שוין דערפון געהאט דער־וואוסט, האט אלץ ווייטער געשטראכט צו איהם א גרויסער עולם פון ווייט און ברייט, זוכענדיג ביי ר׳ מענדעלע הילף און א ישועה צו זייערע צרות און ליידן און — געקומען מיט געלד...

דער „חדושי הרי״ם" האט איינמאל געעפנט די טהיר פון רבי׳נס שטוב און צריינגעשריגן: „די יודען זענען פער־ביטערט, האט ער פערשלאסן די טהיר!" בעמערקענדיג, אז אין בית־המדרש זיצען מאסע דער „חדושי הרי״ם", דער אלעק־סאנדרער, ר׳ הירשעל טאמאשאווער א. א. האט ר׳ מענדעלע אויס׳ן גאנצען קול אויף זיי אלע געשריגען: לערנגעהערס, ליבנערס, וואס טהוט איהר דא?" פאר גרויס שרעק זענען זיי אלע ארויסגעשפרינגען דורך די פענסטער פון בית־המדרש.

— „וואס איך וויל?" — האט ר׳ מענדעלע צו זיי איינ־מאל געזאגט — רק שלשה דברים: פון זיך נישט ארויסקוקען, אין יענעם נישט אריינקוקען און זיך נישט מיינען — דאס איז דער יסוד פאר א יוד"...

און אזוי האט דער גרויסער פילאזאף און בעל־מקובל אב־געלעבט און פערבראכט גאנצע צוואנציג יאהר. ער האט געלעבט אין גרויס יסורים און התקות־הנפש, איינזאם און פערשלאסען, פערצארנט און פערצווייפעלט. ער איז געווען פערטיפט אין היילינע רעיונות און בפקות, מיט קיינעם קיין מגע־משא נישט

געהאט, מיט זיין בני־בית נישט גערעדט און זיך נישט מעפּרעהם, נישט געגעסען און נישט געטרונקען, געקרעכצט און געזיפצט, צעבראָכען און קראַנק... ביז ער איז נסתלק געוואָרען פון דער זינדיגער וועלט אין כ"ב שבט תרי"ט (1859), זייענדיג אַלט 70 יאָהר (געבוירען אין יאָהר תקמ"ח — ט'), גראַד אין דעם זעלבען טאָג, ווען ער איז פאַר 26 יאָהר פריהער נתגלה געוואָרען און האָט בעלויכטען די וועלט מיט זיין „מאָרגענשטערען" (מיט דעם דאָזיגען ביינאָמען האָט זיך דער קאָצקער נע'חתמ'עט), איז אויך דער „מאָרגענשטערען" אויסגעלאָשען געוואָרען פון יודישען הימעל און חשך איז געוואָרען אין יודישען וועלטעל...

זיינע שונאים, די חסידים, האָבען נאָך בחיו פערשפּרייט דעם קלאַנג, אַז דער „קאָצקער" איז נבטל געוואָרען און גייסטיג קראַנק, די מתנגדים ווידער — אַז ער איז נחמן געוואָרען. זיינע אַנהענגער, דאַגעגען, האָבען בעהויפּטעט, אַז ר' מענדעלע געפינט זיך שוין ביים לעבען אויף די עולמות העליוניות.

און ווען די חכמי ליטא האָבען זיך אָנגעפרעגט ביי ר' חיים רייגראָדער פון פלאָנסק, ביי דעם גרויסען מתנגד, וואָס האָט זיך געהאַט אָבגעריסען פון „פשיסכא", ווער ס'זענען די לומדים אין פוילען, האָט ער זיי אָבגעענטפערט: ר' יצחק'ל „וואָרקער" איז אַ למדן, דער „חדושי הרי"ם" — אַנ'עילוי און ר' מענדעלע פון קאָצק איז דאָס, וואָס קיינער קאָן איהם נישט דערגעהן, תופס זיין (אין חביריו יכולין לעמוד על סוף דעתו).

אמת, דעם קאָצקער'ס איבערספעהרעניש קאָן מען נאָך ביז היינט נישט דערגעהן און ס'איז געבליבען פאַר דער וועלט אַ גרויסער סוד, וועלכען ר' מענדעלע האָט מיט זיך מיטגענומען אין קבר...

# דער „חדושי הרי״ם"

א.

איינער פון די דריי נתיבֿס זײַלן פון חסידות אין פּוילען נאָך דעם פּשיסכער׳ס פּטירה איז געווען דער ערשטער גערער רבי ר׳ איטשע מאיר אַלטער ז״ל, דער אַזוי־גערופענער „חידו־שי הרי״ם".

די דאָזיגע „דריי" זענען געווען: ר׳ איציקל וואָרקער — דער „בעל־טובה׳ניק", ר׳ מענדעלע קאָצקער — דער חקרן און ער, דער גערער רבי — דער שר של תורה.

זייענדיג ר׳ עקיבא איינער׳ס תלמיד מובהק, אַ פּשיס־כער און דאַן אַ קאָצקער הייסער חסיד, האָט דער „חידושי הרי״ם" פאַרקערפּערט אין זיך זייערע אַלע גרויסע מעלות תורה וחכמה במקום אחד.

אָבער דער „חידושי הרי״ם" האָט נישט געמאַכט די תורה פאַר אַ קוואַל פון פּרנסה, ווי זיינע פאָרגייער האָבען דאָס געטהון. ער האָט עוסק געווען און מיט אַנדערע געלערענט תורה לשמה.

ער האָט פערלענט אין וואַרשא אַ ישיבה, אין וועלכער עס האָבען געלערענט עטליכע הונדערט בחורים און יונגעלייט.

נעבען חיונה בצמצום האָט ער פון אַ קליין טליתים־פאַבריקעל, וואָס ער האָט געהאַט פערלענט אין נייסטאַדט,

געבען ראַווע; און זיין שוועהר, דער אָבגעקומענער גביר ר׳ משה חלפן איז געווען דאָרט משגיח.

איז איהם דאָרט דער שוועהר אָבגעשטאָרבען (ז׳ חשון תקצ״א, 1830). דאָס פאַבריקעל איז ליקווידירט. האָט פייגעלע, די רבי׳צין, געעפענט זיך אַ קלייטעל מיט אַ ביסעל שניט־סחורה אין וואַרשאַ אין פויזנער׳ס הויז אויף דער וואָלאַווא גאַס.

אָבער ווי נאָר עס האָט אויסגעבראָכען דער „גאָוועמבער־אויפשטאַנד" (1830), איז זיין ביסעל האָב און גוטס צוזיבט געוואָרען דורכ׳ן פינסטערען המון און ער איז געבליבען ווייטער אַ בלוטיגער אָרימאַן.

האָט זיך איצט דער „חידושי הרי״ם" גענומען צו האַנדלען מיט אַ ביסעל ספרים. ער ווערט אַ שותף צו אַ יודישער דרוקעריי, אָבער קיין פרנסה דערפון איז נישט געווען. אין איצט אויסגעקומען ווייטער דעם גרויסען גאון ממש אויס־צוגעהן פאַר הונגער מיט זיינע בני־בית.

און ווען מען האָט זיך דערפון דערוואוסט על פי צופאַל, האָבען די חסידים זיינע געמאַכט ספּעציעל ביי איהם „מצוה־סעודה׳לעך, כדי אַזוי אַרום צו דערהאַלטען זיין הויז בדרך הכבוד. האָט ער אָבער בעמערקט די כוונת פון די חסידים און נישט מעהר געוואָלט זיך בעטייליגען אין די סעודות.

אפילו ווען תמר׳ל, די וואַרשאַווער נגידית, האָט איהם איינמאָל געוואָלט דערפרעהען מיט אַ „משלח מנות", צו וועלכער עס איז געווען צוגעלעגט אַ ביסעל רענדלעך, האָט דער „חידושי הרי״ם" — הגם אין זיין הויז האָט פשוט גע־פעהלט אַ שטיקעל טרוקען ברויט אויף בורים — נישט געוואָלט דערפון נהנה זיין און פייגעלע די רביצין האָט גענומען אַ זאַך פערקויפען און אויך צוריקשיקען דאָס ביסעל געלד, וואָס זי האָט איגצווישען פערוועגדעט אויף פרנסת

און ווייל ער האָט אויך נישט געוואָלט אָננעהמען קיין כּסא הרבנות, האָט זיין יונגערער ברודער ר׳ משה חיים ראָ־טענבערג פון בענטשין געקויפט ספּעציעל אין וואַרשע אַ הויז און דעם „חידושי הרי״ם" געמאַכט פאַר אַ זשאָנדצע צו ציהען דערפון חיונה; שפּעטער האָט ער פאַר איהם געמאַכט אַנ׳עסיג־פאַבריקעל, אָבער דער „חידושי הרי״ם" האָט זיך נישט אינטערעסירט מיט די געשעפטען און איהם איז ווייטער אויסגעקומען צו ליידען צוזאַמען מיט זיין בני־בית נויט און הונגער.

איז דאָך אָבער דער הונגער שטאַרקער פון אייזען, און דער „חידושי הרי״ם" האָט ווילענדיג נישט ווילענדיג געמוזט ווערען אין וואַרשע אַ מורה הוראה (תר״ג).

ב.

אָנפיהרענדיג מיט די וואַרשאַוער קאָצקער חסידים, איז דעם „חידושי הרי״ם" אויסגעקומען צו פיהרען אַ פערביטער־טען קאַמף מיט די וואַרשאַווער אסימיליאַטאָרען און משכּילים.

אויף יעדען שריט און טריט האָבען זיי איהם גע׳רודפ׳ט, הגם זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז ער איז גוט בעהאַווענט אין וועלט־זאַכען, ער קאָן גוט דייטש און פּויליש אא״וו, נישט צו־לאָזענדיג איהם אַפילו צו ווערען אַ געהילפס־רב אין וואַרשע.

און ווען דער וואַרשאַווער דאָזשאָר האָט זיך געווענדעט אין 1843 צו דער מאַכט, מיט פירשט פּאַסקעוויטש בראַש, וועגען בעשטעטיגען דעם „חדושי הרי״ם" אַלס מורה הוראה מיט 450 רובל יעהרליכער פּענסיע, איז ערשט צוריקגעקומען די בעשטעטיגונג נאָך ניין יאָהר (1852).

מען האָט אויף איהם צונעטראָגען אַ מלשינות, אַז דער „חדושי הרי״ם" האָט סימפּאַטיזירט מיט דעם „נאָוועמבער־אויפשטאַנד", צוליעב וואָס די צאַרישע מאַכט האָט איהם נישט געוואָלט בעשטעטיגען.

אבער ווי מען ווייסט איז דער גערער רבי שטארק פער־
ביטערט געווען אויף די פאוסטאנצעס צוליעב דעם, וואס מען
האט זיין ביטעל ארימקייט אין אנהויב פון אויפשטאנד פאג־
ראמירט, און ער האט טאקע נישט נעהאט קיין גרוים צוטרוי
צו זיי. און אויך זיין שוועהר האט נישט צוגעטהון קיין האגד
צו דעם אויפשטאנד, ווארום ער האט שוין דעמאלט בכלל נישט
געלעבט.

דער „חדושי הרי"ם איז אויך געווען א גרויסער געגנער
פון דער „פאוסטאניע" פון יאהר 1863. צוליעב זיין אקטיווער
התנגדות האט די יודישע רעוואלוציאנערע אקאדעמישע יו־
גענד געוואלט פיזיש אין איהם נקמה נעהמען. נאר א דאנק
דעם ענטשעגענשטעלען זיך פון קהלה־סעקרעטאר יעקב ראט־
וואנד, וועלכער איז פאר זיין רעוואלוציאנערישקייט פערשיקט
געווארען קיין סיביר, איז דער טייוולאנישער פלאן נישט אויס־
געפיהרט געווארען.

ביז ער איז בעשטעטיגט געווארען אפיציעל, איז ער גע־
ווען אונאפיציעל מורה הוראה און אלס אזעלכער איז ער אויך
פערבעטען געווארען אלס מיטגליד פון דער אזוויגערופענער
„בילדונגס - קאמיסיע", וואס האט געהאט די אויפגאבע צו
רעפארמירען דאס שול־וועזען אין פוילען. האט אבער דער
„חדושי הרי"ם" קיינמאל נישט אויף די זיצונגען דאס ווארט
גענומען, מיט אנ'איראנישע שמייכעל אויף די ליפען האט ער
זיך צוגעהערט, ווי מען דעבאטירט, וואס פארא טיפ שולע עס
זאל פאר די יודען געשאפען ווערען. ער האט נישט געוואלט,
אז מען זאל וויסען, וואס פאר א שטעלונג ער האט צו דעם
ציוויליזירונגס־פלאן פון די פאליאקען און אויך נישט בנוגע
רוסלאנד.

דער „חדושי הרי"ם" האט זיך אבער מיט זיין גאנצער
אויטאריטעט ענטגעגענגעשטעלט, ווען עס איז ארויס אין

יאָהר 1851 די גזירה, אז די יודען זאָלען אָדער זיך קליידען לויט דעם מערב־אייראָפּעאישען שטייגער און זיך שערען די באָרד און פּאות, אָדער זיך קליידען ווי די רוסישע סוחרים און נישט דאַרפען שערען די באָרד.

דער „סאָצקער" איז אמת נוטה געווען צו די מקילים בנוגע דער הלבשה. אָבער דער טשעכאַנאָווער צדיק האָט גע־הייסען זיך מוסר־נפש זיין און נישט לאָזען שערען זיך די באָרד און פּאות און אויך נישט ענדערען די הלבשה.

און ווען דער „חדושי הרי"ם" האָט געזעהען, אז ר' שלמה פּויזנער האָט זיך באַלד נאָך דער גזירה איבערגעטהון אייראָ־פּעאיש, כדי ער זאָל נושא־חן זיין ביי דער רעגירונג און בע־קומען קאָנצעסיעס אויף מיליטערישע ליפערונגען — האָט ער פון כענטשין געבראַכט קיין ווארשא זיין ברודער, אז ער זאָל קאָנקורירען מיט איהם אויף די ליציטאַציעס.

האָט דאָס שטאַרק פערדראָסען די אסימיליאַטאָרען, זיינע אייבינע שונאים, און זיי האָבען אָנגערייצט די רוסישע בעאַמ־טע, אז זיי זאָלען צווערשט אָבשניידען מיט כוח דעם „חדושי הרי"ם" די פּאות און באָרד — וועלען עס אלע דאַן נאָכטהון.

און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפען, מען האָט איהם נישט געקאָנט געפונען, ווייל ער האָט זיך געהאַט געענדערט זיין ביינאַמען ראָטענבערג אויף אַלטער, האָבען זיינע גענ־גער איהם פער'מסר'ט ביי דער רעגירונג, אז דער „חדושי הרי"ם" שטעלט זיך ענטגעגען דעם רצון פון דער רעגירונג און זיי הבען געבעטען, אז מען זאָל איהם ארעסטירען און אזוי ארום איהם צווינגען אז ער זאָל מסכים זיין צו דער גזירה.

און פּאסקעוויטש האָט טאַקע געהייסען איהם ארעסטי־רען.

## ג.

אינמיטען דער נאכט, ווען דער „חרושי הרי״ם״ איז געזעסען פערטיעפט ביי א חלב־ליכטעל און לערנען, איז פאליציי בעפאלען זיין וואוינונג און איהם אבגעפיהרט אין ארעסט ביים מאגיסטראט. דא האבען שוין דעם חידושי הרי״ם״ אבגעווארט עטליכע הויכע בעאמטע און פערלאנגט פון איהם, אז ער זאל ארויסגעבען א „קול קורא״ צו די יודען, דאס זיי זאלען זיך קליידען, לויט ווי עס פאדערט די מאכט. אין געגענפאל, האבען זיי איהם געדראהט, אבראזירען די בארד. האט זיך, נאטירליך, דער „חידושי הרי״ם״ ענטגעגענגעשטעלט, פערענטפערענדיג זיך, אז לויט דעם יודישען דין טאר א יוד זיך נישט אבראזירען די בארד או״ו. האט מען איהם אריינגעזעצט אין צעלע צוזאמען מיט גנבים און אנדערע פערברעכער.

זיי, די גנבים, האבען דעם „חידושי הרי״ם״ אנגעטהאן געברענטע צרות. ער האט געמוזט רוהען אויף דער ערד, זיצענדיג אויף א גנב׳ס רוקען אד״גל.

האט זיך אבער באלד דער יודישער עולם דערוואוסט וועגען דעם ארעסט און זיך געלאזט איבערעדפריה אין טויזענדער פון גרויס ביז קליין צום מאגיסטראט און מיט גרויס יללות און געשרייען געפאדערט צו בעפרייען דעם גאון.

בעזונדערס האט זיך א דעלעגאציע פון די פארנעהמסטע חסידים און אנגעזעהענע קריסטען געלאזט צום שלאס, וואו דער פירשט האט געוואוינט, מיט א פראטעסט צוליעב דעם אומשולדיגען ארעסט פון גערער רבי.

און ווען פאסקעוויטש האט זיך דערוואוסט צוליעב וואס די דעמאנסטראציע קומט פאר, האט ער זיך צוגעאיילט און בעפוילען תיכף ומיד דעם „חידושי הרי״ם״ צו בעפרייען, וואס עס איז אויך דעם זעלבען טאג געשעהן.

האָט איצט דער „חידושי הרי״ם" באַלד פּערלאָזט וואַר־
שאַ, אויפהאַלטענדיג זיך אין נאָווידוואָר.

אָבער די חסידים האָבען שוין איצט נישט פערשוויגען
די „מלשינים" און עס האָט זיך אויסגעי צעפלאַקערט אַ
שרעקליכע שנאה און סאַמף נעגען די אסימילירטע משכילים.

איין צו האָט געשריבען אומ׳ן צווייטען פּאַשקווילען,
דער „חידושי הרי״ם" אַליין האָט אויך אָנגעשריבען צווי שר־
רים נעגען דער השכלה און איהרע אָנהענגער (זעה דרך
צדיקים).

נאָך דער פּטירה פון „חידושי הרי״מ׳ס" פּאָטער ר׳
ישראל׳קע (תקפ״ז), וועלכער איז געווען רב אין גער, האָט
איבערגענומען דאָס כסא רבנות דער „חידושי הרי״ם" און
נאָך דער פטירה פון קאָצקער (תרי״ט) איז ער אויך געוואָרען
געקרוינט אַלס רבי.

איבערנעהמענדיג דאָס „הנהגות", האָט ער צו די חסידים
געזאָגט: „דער רבי ר׳ בונם האָט געפיהרט די וועלט מיט
„אהבה" (ליבע), דער רבי ר׳ מענדעלע — מיט „יראה" און
איך וועל פיהרען מיט תורה".

און ווען עס איז ווער געקומען נאָך אַ רפואה אָדער סגולה
פלעגט זיך דער אַזוי גוטמוטשקער גערער רבי אויף דעם זעלבען
אָנבייזערען און זאָגען: „איך בין נישט קיין רבי׳לע אויף
רפואות".

דער „חידושי הרי״ם" איז מעד געזעסען אין וואַרשאַ,
זיין ליבלינגס־שטאָדט, ווי אין גער. נאָר אויף די ימים טובים
פלעגט ער די ערשטע צייטען קומען קיין גער, וואו טויזענדער
חסידים, רבנים און לומדים האָבען זיך אַרום איהם גרופּירט.

האָט איהם אָבער דער קינדער־צער פערביטערט זיין גאַנץ
לעבען. ער האָט זיינע אַלע קינדער, דרייצעהן אין דער צאָהל,
כסדר פערלוירען. אָבער ער האָט זיינע גרויסע ליידן און יסו־

דים איבערגעטראָגן הערָאיש און זיי מקבל באהבה געווען,
ווי נאָר די גרויסע צדיקים קאָנען עס טהון.

די וועלט האָט אויסגעלעגט, אז דער גערער רבי איז
גענש געוואָרען מיט די קינדער צוליעב דעם, וואָס ער האָט
זיך נישט געהאַלטען ביים קאָזשעניצער׳ס זוהן ר׳ משה׳לע און
זיך בעהאָפטען צום פשיסכער.

און נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די מוטער און דאָס
ווייב זיינס האָבען איהם געבעטען, אז ער זאָל זיך צוריק אי־
בערטראָגען צום קאָזשעניצער׳ס זוהן, איז ער פער׳עקשנ׳ט
ווייטער געפאָהרען קיין פשיסכע.

זיבען יאָהר האָט דער „חידושי הרי״ם" געפּראָוועט רבי׳ש־
קייט. דורך א צופאַל האָט ער בעקומען א קלאַפּ אויף א פוס,
איז דערפון קראַנק געוואָרען און שוין מעהר נישט אויפגע־
שטאַנען; ער איז נסתלק געוואָרען כ״ג אדר תרכ״ו (1866)
אין עלטער פון 67 יאָהר.

דעם „חידושי הרי״מ׳ס" ארבייט איז געווען געריכטעט,
אז דער חסידיזם אין פוילען זאָל בעקומען א מאַכט אין גע־
זעלשאַפטליכען לעבען, מיט וועלכען מען האָט זיך אפילו אין
די רעגירונגס־קרייזען געמוזט רעכענען.

די קאַנווע פון דער גערער דינאַסטיע, וועמענס שפּעטער
דער „חידושי הרי״ם" איז אויך געווען, האָט ערשט נאָך א
געבוויכער צייט ווייטער אָנגעהויבען צו שפּינען זיין אייניקעל
ר׳ לייבעלע, פון זיין פערשטאָרבענעם לעצטען זוהן ר׳ אברהם
מרדכי.

און דער צווישען־צייט איז מנהיג פון גערער הויף געווען
דער אַלעקסאַנדרער רבי ר׳ העניך.

# דער „שפת אמת"

א.

דאָס אויסגעוויינטע אייניקעל פון דעם חידושי הרי"ם (דער ערשטער גערער רבי), וואָס איז איהם פערבליבען פון זיין אייגציגען זוהן ר' אברהם מרדכי, איז געווען דער רבי ר' אריה לייב, דער אזוי גערופענער „שפת אמת".

דער „חידושי הרי"ם" האָט דאָס אייניקעל אויף זיין שויס געהאַלטען, זיין סנדק געוועז, מיט זיינע אייגענע הענד איהם געבאָדען און דערצויגען און אפילו מיט איהם געשלאָגען אין איין בעט. מיט איהם געלערענט און גייסטיג אויף איהם משפיע געוועזן.

די גאַנצע חסידישע וועלט האָט זיך געגרויסט אין געצאַצ־קעט מיט דעם „גערער אייניקעל", וועלכער האָט זיך אזוי־שטאַרק פון קינדווייז אויף אויסגעצייכענט מיט זיין טיפזיני־קיים און חכמה, מיט זיין גרויסער התמדה און קדושה.

שוין צו דער ברמצוה האָט איהם דער „חידושי הרי"ם" פער'קנס'ט צו דער צניעות'דיגער טאָכטער יוכבד פון װענטשי־גער גרויסען סוחר ר' יודעל קאַמינער, וועלכער איז געווען זיין ברודער'ס אנ'אייניקעל. און ווען דער „חידושי הרי"ם" איז נפטר געוואָרען (תרכ"ז), האָט דער גאַנצער גערער עולם גע־

שמרעכט דעם „שפת אמת" קרוינען צ׳לם ממלא מקומו, אבער דער דעמאלט דרייצעהנ־יעהריקער „יונגערמאנטשיק" האט זיך שטארק אנטקעגנגעשטעלט און זיך בעהאפטען צום רבי׳ן ר׳ העניך פון אלעקסאנדער, האט אויך דער גרעסטער טייל פון גערער עולם איהם דאס נאכגעטהון און זיך איבערגעטראגען קיין אלעקסאנדער.

ערשט נאך דער פטירה פון רבי׳ן ר׳ העניך (תרל״א) האט דער עולם זיך איינגעשפארט און געפאהרען צום „שפת אמת" און מיט איהם האט זיך ווייטער אנגעהויבען שפינען די גאלדענע קייט פון דער גערער דינאסטיע.

דער רבי ר׳ לייבעלע, ווי מען האט איהם אין דער חסידי־שער וועלט אנגערופען, איז געווען פון מיטעל־וואוקס, פיזיש שטארק געבוים. מיט א ליכטיג פנים און טיעפע ווייטזעהענ־דיגע אויגען, מיט א בלאנדער פאטריארכאלער בארד.

פון דער טבע איז ער געווען א הצנע לכת און א גרויסער מענשען־פריינד, אבער גשרעדט האט ער נאך געצעהלטע ווער־טער, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיט גרויס איבער־לעגונג און וויטזיכטיגקייט, וואס האט געשמעקט מיט רוח־הקודש.

מען האט געזאגט, אז דער „שפת אמת" האט דעם שליסעל צום שר צבא אין הימעל.

האט אבער איהם דער רבי ר׳ גרשון העניך פון ראדזין גישט געלאזט צו רוה. דער „ראדזינער" האט, ווי בעוואוסט, אויסגעפארשט און אויסגעפונען אין ים התיכון דעם „חלזון", מיט וועלכען מען האט געפארבט דעם תכלת, וועלענדיג די יודען מזכה זיין מיט ציצית פון תכלת געמאכט.

זענען אבער די גרויסע רביים און די גדולי־ישראל גישט צו איהם צוגעשטאנען, א סך האבען גישט געהאלטען פון ראדזינער׳ס חלזון, און צווישען די האט זיך אויך געפונען דער „שפת אמת". אבער ווי זיין טבע איז געווען, האט ער

זיך אין גאנצען עסק נישט געוואלט מישען.

האט דאס ארויסגערופען גרויס פערביטערונג ביים ראדזי־נער צדיק און ער האט זיך נישט אבגעשטעלט אפילו דעם „שפת אמת" אנצוגרייפען און זיך צו זידלען. און כאטש דער „שפת אמת" האט די זאך פערשוויגען, האבען אבער די גערער חסידים נישט געוואלט מוחל זיין דעם ראדזינער פאר דעם חלול הכבוד פון זייער רבי'ן.

האט זיך צובלאקערט צווישען ביידע לאגערען א גרויסע מחלוקה, וועלכע האט זיך ערשט איינגעשטילט נאך דער פטירה פון דאדזינער.

אינטערעסאנט איז אבער דאס, אז ווען דער רבי ר' העניך איז קראנק געווארען, האט דער ראדזינער הויף טעלע־גראפיש זיך געווענדעט צום „שפת אמת", אז ער זאל מתפלל זיין פאר זיין געזונד, ועלענדיג איהם דערמיט מפייס זיין פאר די זלזולים, וואס ער האט געהאט פון ראדזינער.

נאך א צווייטער אינצידענט איז פארגעקומען צווי־שען גער און סאכאטשאוו, וואס איז ווערט פערנאטירט צו ווערען לזכרון.

די מעשה איז געווען אזוי:

אויף דער רבנישער קאנפערענץ, וואס איז בשעתו צו־נויפגערופען געווארען פון גראדזיסקער רבי ר' אלימלך ועגען דעם, אז מען מוז לערנען רוסיש אין די חדרים. האט דער „שפת אמת" פערלאנגט, אז ס'זאל פארקומען א פערטרויליכע זי־צונג פון די אנפיהרער פון דער קאנפערענץ, כדי די עפענטליכקייט זאל זיך נישט דערוויסען, וואס ס'איז גערעדט און בעשלאסען געווארען.

צו דער דאזיגער געהיימער זיצונג איז געקומען דער „שפת אמת" מיט זיין זוהן, דעם היינטיגען גערער רבי און אויך ר' אברהמ'ל סאכאטשעווער מיט זיין זוהן ר' שמואל. האט דער

„שפת אמת" ארויסגעבעטען דעם סאָכאַטשעווער׳ס זוהן פון דער זיווג. האָט זיך אָבער דער סאָכאַטשעווער שטאַרק געגען דעם אנטגעגענגעשטעלט, פרעגענדיג, פאַרוואָס דעם גערער׳ס זוהן מעג יאָ בייוואוינען די פערטרויליכע זיצונג, און זיינער ניש. האָט דער גערער זיך פערענטפערט, אַז זיין זוהן איז אַ בעל־סוד. האָט דעם רבי ר׳ אברהם׳ל דאָס שטאַרק פערדראָסען און ער האָט פערלאָזט די זיצונג צוזאַמען מיט זיין זוהן.

צוליב דעם דאָזיגען אינצידענט האָט געהערשט אין ביידע לאַגער׳ס אַ גרויסע שנאה און כעס.

ב.

דער ציוניזם, וואָס האָט דורך הערצעל׳ס קאָנגרעסען אויך פערכאַפּט גאַנץ פוילען, האָט אַנגעמאַכט אין גער אַ הויף אַ גרויס קאָבעניש.

אַלע רבי׳שע הויפען האָבען אויפגעשטעלט אַוועך׳ן און אויגען, וואָס מען זאָגט דערצו אין גער. איז דאָך גער פון אייביג אָן געווען דער מאָן־געבער אין דער חסידישער וועלט.

אָבער לאַנג האָבען זיי דערויף ניש געברויכט צו וואַרטען.

באַלד איז ארוים אַ קלאַנג, אַז גער זאָגט אָן אַ מלחמת־מצוה געגען דעם ציוניזם מיט דאָקטאָר הערצעל בראש, ווייל די ציונים זענען אפיקורסים גמורים, וועלכע מען דאַרף מחרים, מנדה זיין.

אין די שטעדט און שטעטלעך האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה רדיפות געגען די ציונים, אפילו, וואָס זענען געווען פערדעכענט אַלס פרומע.

פּאָשקווילען, מסירות א. אַ. וו. זענען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג. עס זענען פאָרגעקומען קאָנפערענצען אין וואַרשא און אין אַנדערע ערטער הינגען דעם, ווי אַזוי איינצושטילען די שמוציגע רכילות און רדיפות אויף די ציוניסטען, צו וועלכע די פּאָליציי האָט זיך אויך דאַן געמישפּעט.

איז געגליבען בהסכם כולם, אז מען זאל שיקען א דעלע־
גאציע פון אנגעזעהענע ציונים קיין גער צום „שפת אמת" און
איהם אויפקלערען דעם מהות פון ציוניזם, אז ער איז נישט
געגען דער רעליגיע א. א. וו.

אבער קויב נאר האט די דעלעגאציע בעוויזען צו קומען
קיין גער, איז ארוים א צווייטער קלאנג, אז הערצל האט זיך
געווענדעט מיט א בקשה קיין גער, אז ער זאל אונטערשטיצע
זיין פראיעקט וועגען לעגאלער קאלאניזאציע פון יודען אין
ארץ־ישראל א. א. וו.

האט דער ווארשאווער „קאמיטעט" אנגעפרעגט וועגען
דעם דאקטאר הערצל, און ס'דערשיינט אן אפיציעלער קאמו־
ניקאט פון ציוניסטישען אקציאנס־קאמיטעט, וועלכער איז
אבגעדרוקט אין דעם אפיציעלען ציוניסטישען ארגאן „די
וועלט" פון 13 יולי 1900 (נומער 28), אז „די ידיעה, וואס
די רוסישע (מען מיינט דערמיט די יודישע) צייטונגען האבען
געבראכט, אז ד"ר הערצל האט זיך געווענדעט מיט א בריוו
קיין גער, דער רבי זאל אונטערשטיצען דעם ציוניזם, איז נישט
אמת, אבער דערמיט האט זיך נאך נישט געענדיגט דער אינ־
צידענט.

די רבנישע דעלעגאציע, וואס איז דאן געפאהרען קיין
גער, האט מען נישט צוגעלאזט צום „שפת אמת". דאנגען
פאר נחום סאקאלאוו האט מען געמאכט א שעהנעם קבלת פנים
אין גער־ער הויף. סאקאלאוו האט זיך אונטער־[illegible] זעט
„שפת אמת" צו אינפארמירען וועגען דעם מהות פון ציוניזם
א. א. וו. און פון דעם, וואס ס'איז דערגאנגען צו דער עפענט־
ליכקייט, האט סאקאלאוו געהאט דעם איינדרוק, אז דער גערער
רבי איז געוועזן פאלש אינפארמירט, אבער קיין גרויסע גליקען
האט מען ווייטער נישט געקאנט ערווארטען פון גער פאר די
ציוניסטישע אספיראציעס, אבער סאקאלאוו האט געמוזט מודה
זיין, אז דער „שפת אמת" איז געווען א גרויסע אויטאריטעט

אויף דעם תלמודישען געבים, נאָך דאָס „רעדעל" פיהרט די „הויף־סוויטע".

ג

אין 1904, אין ברען פון דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה האָט מען אלע מיליטערישע בחות מאָביליזירט אין פוילען און זיי ארויסגעשיקט אויף דעם מאנדזשורער שלאכט־פעלד. בעפריים זענע נגעוואָרען נאָר די יעניגע רעזערוויסטען, וואָס האָבען געהאט א סך קליינע קינדערלעך אין דער היים צו ער־נעהר'ען.

האָט די דאָזיגע מאָביליזאציע ארויסגערופען א גרויסע פערביטערונג ביי יודען. טויזענדער מאַמעס פון קינדער און מענער פון פרויען אין די יאָהרען האָט מען מאָביליזירט און פערשיקט קיין מזרח. האָבען טויזענדער ווייבער, מאַמעס און מאַמעס ממש בעלאגערט דעם „שפת אמת", בעוויינענדיג זייערע מענער און זיהן, וואָס געהען צו דער יאפאנישער שחיטה און שווערענדיג, אז זיי וועלען נישט פריהער אבטרעטען פון דעם אָרט, ביידען; דער „שפת אמת" וועט זיי ארויסהעלפען פון זייער נויט!

דער יאָמער און די קולות זענען געגאנגען עד לב השמים.

דער „שפת אמת" האָט געהייסען ליבט ציגדען און תהי־לים זאָגען אין בית־המדרש. ער אליין איז געשטאנען שעה'ן לאנג מיט דעם עולם און מיטגעוויינט און מיטגעזאָגט תהילים. אויך האָט ער ארויסגעשיקט א מנין יודען מתפלל זיין אויף דעם חידושי הרי"מ'ס קבר פאר די אומגליקליכע ועלנער.

אין מיטען דעם געוויין האָט מען געהערט צווישען די מתפללים א קול: זאגט די יודען, אז זייערע קינדער וועלען מיט דעם אויבערשטענס הילף געראטעוועט ווערען פון דער מלחמה. און ס'האָט טאקע לאנג נישט געדויערט, האָט דער טעלעגראף באַרשפרייט די ידיעה, אז די צדדים האָבען געשלא־סען א וואפענשטילשטאַנד, נאָך וועלכען עס איז ענטשטאנען

דער בעסאָנטע פּאַרטסמוטער שלום־אַבֿמאַך און טויזענדער בעל־
ווייבטע יודען, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט אויף דעם שלאַכט־
פעלד, האָט מען פון ווענ צוריקגעטראַנספּאָרטירט אהיים. דער
עולם האָט אײַנגעזעהן דערין אַ מופת פון „שפת אמת".

ווען עס האָט זיך צופלאַקערט די רוסישע רעוואָלוציע
אויך אין פּוילען, האָט דער „שפת אמת", ווי מען דערצעהלט,
שטאַרק זיך גענומען צום האַרץ דאָס „הפקירות", וואָס האָט דע־
מאָלט געהערשט אויף דער יודישער גאַס. ער איז קראַנק גע־
וואָרען אויף אַ בלוט־פערגיפטונג און אין עטליכע טעג אַרום
איז ער נפטר געוואָרען (ה' שבט תרס"ה — 1905) אין בלי־
הענדען עלטער פון 58 יאָהר.

דער כּאָבּאָטשעווער רבי ר' אברהם'ל האָט איהם מספּיד
געוועזן, זאָגענדיג בלויז די פּאָר ווערטער, אַז ער האָט ביז איצט
גאָרנישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ גדול בתורה דער רבי ר' לייבעל
איז געוועזן.

דאָס האָט מען זיך טאַקע ערשט שפּעטער דערוואוסט
פון די נאָך דעם טויט אַרויסגעגעבענע חידושים אויף תורה און
ש"ס אונטער דעם נאָמען „שפת אמת" (צוויי חלקים).

דער „שפת אמת" האָט נישט געלעבט פון קיינעמ'ס שוח־
דות און פדיונים, האַלטענדיג זיך טריי ביי דער טראַדיציע
פון זיין גרויסען זיידע דעם חידושי הרי"ם.

נאָך זיין אשת־חיל מרת יוכבד האָט מפרנס געוועזן זיין
הויז פון איהר מסחר, וואָס זי האָט געפיהרט מיט טאַבאַק און
צוקער, האַלטענדיג אַ היבשע צאָהל יודען אין איהר געשעפט.

פון די פיער זיהן, איז ממלא מקומו געוואָרען דער עלטסטער,
דער רבי ר' אברהם מרדכי, דער היינטיגער גערער רבי.

# א ברכה פון „חפץ חיים"

א.

דאָס וואָס איך מהו אייך דאָ דערצעהלען, האָט מיר איבער־נעגעבען ערשט נישט לאַנג די זעלבע פערזאָן, מיט וועלכען די מעשה האָט פאַסירט.

ס'איז געווען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, ווען דער עולם האָט איינגעריסען די וועלט מיט וואַנדעל און האַנדעל און געלד איז נחשב געווען ווי בלאָטע, איז אויסגעקומען דעם „חפץ־חיים" (דעם רבי ר' ישראל מאיר הכהן) אין זיין רעזידענץ ראַדון פשוט צו הונגערן און גוים צו ליידען.

האָט אָבער דער גרויסער גאון שוין נישט אַזוי שטאַרק זיך איבערגענומען מיט זיין הונגער, ווי מיט דער נויט פון די תלמידים אין דער ראַדונער ישיבה.

בלית ברירה האָט זיך דער „חפץ חיים" טאַקע געלאָזט אין וועג אריין מיט זיינע חיבורים, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אָבי־געדרוקט פאַר דער מלחמה און געוואָרען א מחזר על הפתחים, פערקויפענדיג זיי אין די שטובען פון די נבירים פאַר וואָס א פרייז עס זאָל נישט זיין, כדי צו דערהאַלטען די ישיבה.

בענגליים האָט איהם אויף זיין נסיעה בקודש זיינס אַג'איידעם, אויך א גרויסער למדן.

איז דעם „חפץ חיים" אויסגעקומען צו פאָהרען אויף פּסח

ווילנא. די וואגאנען זענען געווען פול געפאקט מיט כל'ערליי מענשען. בעזונדער'ס איז שטארק געווען איבערפולט מיט מענשען דער וואגאן, אין וועלכען ס'איז געקומען דעם „חפץ חיים" צו זיצען.

דער יודישער עולם, וואס איז גראד אויך געפאהרען מיט דעם זעלבען צוג, האט איהם געמאטערט מיט בקשות און געבען ברכות, אזוי שטארק, אז ער האט אזש גע'חלש'ט פון חולשת הלב.

געווען איז עס שפעט ביינאכט, קיין דאקטער און ראפער איז נישט געווען אויף קיין רפואה.

גראד האט זיך אבער געפונען צווישען די יודישע פאסאזשירען א באזונדער יודישער בחור, וועלכער האט אמת קיין גרויס עסק נישט געהאט מיט דעם „חפץ חיים", אבער זעהענדיג ווי אלע יודען פארען זיך ארום איהם, האט ער פערשטאנען, אז ער מוז זיין נישט עפים א גלאט פשוט'ער יוד, און זעהענדיג אויך זיין חולשת הלב, האט ער זיך איינגעשטעלט אויף א סטאציע, וואו דער צוג האט זיך געשטעלט, און געכאפט א ביסעל טהיי אין א זעלנערישען וואגאן, וואס איז אויף דער סטאציע געשטאנען, אין זיינס א „מערסאס", בעוויזענדיג נאך צוריק אדיין אין וואגאן, וואו דער „חפץ חיים" איז געזעסען, איידער די באהן האט זיך גערוהרט פון ארט.

דער „חפץ חיים" האט זיך דערקוויקט מיט דעם ביסעל טהיי, בעוואונדערענדיג דעם „טערניאס", אין וועלכען מען קען שטענדיג האלטען א ביסעל ווארעמעס, „או ווא, האט ער געזאגט בתמימות, ואס פאר א קלוגע וועלט עס איז, וואס האט ערפונדען אזא כלי".

אבער נאך מעהר האט איהם געוואונדערט דאס איינשטעלעניש פון דעם יונגענמאן, וואס האט איהם דעם טהיי געבראכט.

און אזוי ווי מען האט געמוזט אויף דעם וועג אריבערגעהן פון איין באהן צו דער צווייטער, האט זיך אויך שוין געהאלטען דער זעלבער יונגערמאן; פאר א מצוה, דעם „חפץ חיים" צו נעהמען אויף זיינע הענד און אריינצוטראגען אין וואגאן אריין, מאכענדיג

איהם אנ'ארט אין דער צווייטער קלאס א. א. וו.

ב.

וועלענדיג אבדאנקען דעם יונגענמאן פאר די אלע טובות, וואס ער האט געטהון זיין שוועהר, האט דעם „חפץ חיים'ס" איידעם שטארק איהם, דעם יונגענמאן הייסט עס, אנגעהאלטען, אז ער זאל זיך אויך מזכיר זיין פאר'ן „חפץ חיים" און עפיס זיך אויסבעטען.

הגם דער דאזיגער בחור האט בכלל נישט שטארק געהאל־טען פון רביים און זייערע ברכות, דאך האט ער נישט געקאנט מעיז פיים זיין און דערמאהנענדיג זיך, אז ער האט א ברודער אין דער מלחמה, האט ער געבעטען דעם „חפץ חיים" ווענען א ברכה, אז זיין ברודער זאל בשלום אהיימקומען, וואס דער „חפץ חיים" האט איהם מבטיח געווען, אויב נאר דער זעלבער וועט יערען טאג דאוונען אין תפילין.

אין איין וועג, האט זיך דער יונגערמאן שוין אויך משאל עצה געווען מיט דעם „חפץ חיים" ווענען א שידוך. מען האט איהם גערעדט א שידוך פון ווילנא, א צווייטען ווייטער פון גראד־נא, ביידע שידוכים געפעלען איהם און דעריבער ווייסט ער נישט, צו וועלכען ער זאל זיך ענטשליסען.

נאכ'ן אויסהערען די מעלות און חסרונות פון יעדען שידוך בעזונדער, האט דער „חפץ חיים" א שאקעל געטהון מיט דעם קאפ, ווי ער וואלט זאגען, אז די דאזיגע שידוכים זענען נישט פאר איהם, צוגעבענדיג אבער, אז ער זאל וויסען, אז זיין זיווג וועט זיין דאס מיידעל, וואס וועט זיין די ערשטע, וועלכע וועט וועלען מיט איהם רעדען יודיש, בעת די אנדערע מיידלעך רעדען מיט איהם רוסיש.

מיט דעם דאזיגען מיידעל זאל ער תיכף א שידוך מהוי, ווארום זי איז פאר איהם בעשטימט פון הימעל, און מיט איהר וועט ער גליקליך זיין.

דעם לעבענסלוסטיגען און אסימילירטען בחור איז דער ענט־

פער פון „חפץ חיים" אין איין אויער אַריין און פון צווייטן באַלד אַרויס. ער האָט שטאַרק גרינגגעשעצט דעם חפץ חיים'ס" רייד און זיך געגאַנגען זיין וועג.

די גרויסע געשעפטן, אין וועלכע ער איז געווען שטאַרק פארמהון, און דאָס גרויסע געלד, וואָס ער האָט צונויפגעקליבן, האָבן פארנומען זיין גאַנצן געדאַנק און כסדר געעגבערט זיין מוח. און אַזוי איז פאַרגאַנגען גאַנצע צוויי יאָהר צייט, און ער האָט מער וועגן אַ שידוך קיין קלעהר נישט געטהון. פלוצלונג אָבער זענען אין אַ שיינעם פריהמאָרגען צו איהם אין זיין באַקאַליע געשעפט אריינגעקומען צוויי בע'חנ'טע פריילינס, איינע איז געווען געקליידט אין קאָסטבאַרע מלחמה־מלבושים, די צווייטע דאַגעגען איז געווען געקליידט גאַנץ בעשיידען; זיי האָבן געבעטען אַ נדבה פאַר אַ געוויסע וואוילטעטיגע אינסטיטוציע. דאָס רייך־געקליידטע מיידעל האָט נאַטירליך, קאָקעטירט מיט איהר שעהנעם דוסיש, אָבער אויף זיין בעמערקונג, פאַרוואָס זיי רעדען צו איהם נישט אויף מאַמע־לשון, האָט דאָס מעהר בעשיידענע מיידעל, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, מיט אַ ליבליכען שמייכעל איהם געענטפערט, אַז זי וואָלט גערן געוואָלט רעדען מאַמע יודיש, נאָר די צרה איז, וואָס זי לערענט זיך ערשט יודיש רעדען און איז דעריבער נאָך נישט דרייסט מיט קיינעם צו רעדען אין דער פאָלקס־שפּראַך.

און בעקומענדיג פון יונגענמאַן אַ שעהנע נדבה האָט דאָס בעשיידען געקליידעט מיידעל מאַמע שוין איצט בעדאַנקט אויף יודיש.

ג.

דאָס דאָזיגע מיידעל איז געווען די ערשטע, וואָס האָט גערעדט מיט דעם דאָזיגען יונגענמאַן אויף מאַמע־לשון, זינט ער האָט געהאַט דאָס געשפּרעך מיט דעם „חפץ חיים".

האָט זיך מאַמע ביי איהם דערוועקט דער געדאַנק, צי איז נישט דאָס מיידעל זיין זיווג, וועגען וועלכען דער „חפץ חיים"

האָט איהם אין זיין צייט גענאַנט.

און פאַרטראַכטענדיג זיך אַזוי וועגען דעם, האָט ער זיך גענומען אויסצופאָרשען, ווער זי איז, און ווער ס'זענען איהרע עלטערען, דערנאָך האָט ער תיכף געשיקט צו זיי אַ שדכן. אָבער דער שדכן האָט איהם געבראַכט אַ קלאָרען ענטפער, אַז די עלטערען פון דעם מיידעל ווילען דערפון נישט הערען און אפילו זיך נישט טיט איהם בעקענען.

אָבער דעם יונגענטאַן איז דאָס מיידעל שטאַרק געפעלען צוליעב איהר בעשיידענהייט און בע'חנ'טקייט. נאַרטעלט ער זיך אונטער און שיקט דעם שדכן אַ צווייט מאָהל צו איהרע עלטערען, געבענדיג איהם יעדעס מאָהל פאַר'ן וועג אַ רוסיש גאָלד־שטיקעל. אָבער זעהענדיג, אַז דערפון קומט גאָרנישט אַרויס, איז ער אַוועק צום „חפץ חיים״ קיין ראַדון, ער דער־צעהלט איהם די גאַנצע מעשה. דערמאָהנענדיג איהם אויך זיין צוזאָג בעת'ן פאָהרען צוזאַמען אויף דער באַהן קיין ווילנא.

האָט איהם דער „חפץ חיים״ איבערגעשלאָגען די רייד, אַז ער זאָל רוהיג זיין. זי איז דאָך זיין זיווג פון הימעל בעשטימט, אָבער ער וועט מוזען אַ געוויסע צייט צוליעב איהר ליידען, אָבער ער וועט דאַן אַ גליקליך לעבען מיט איהר האָבען.

אין צווישען האָט זיך דאָס כלה־מיידעל דערוואוסט פון דעם דאָזיגען שידוך, וועלכער איז איהר שטאַרק געפעלען, האָט זי שוין אויסגע'פועל'ט ביי איהרע עלטערען, אַז דער יונגערמאַן זאָל ווערען זייער הויז־גאַסט, און נישט לאַנג האָט געדויערט ווי דאָס יונגע פּאָר איז געגאַנגען אונטער דער חופּה.

אָבער באַלד האָבען אָנגעהויבען דעם יונגענטאַנ'ס געשעפטען צו געהן מיט דעם פּיטום אַראָב. פון דעם גאַנצען רייכטום, אויף וועלכען ער האָט אַזוי פיל געהאָרעוועט אין דער מלחמה־צייט, איז געוואָרען אַש. לויפט ער ווייטער צום „חפץ חיים״ זיך משאל עצה זיין. האָט ער איהם געהייסען ווייטער לערנען אַ מלאכה נקיה, און פון דעם אָלט אַן בע־

גליים איהם אויף יעדען שריט און טריט ביז דעם היינטיגען טאג די ברכה, וואס דער „חפץ חיים" האט איהם צולעצט געגעבען, אז קיין ברויט זאל און זיין הויז קיינמאהל נישט פעהלען.

ער פיהרט מיט זיין בעשערטער א צופרידען גליקליך לעבען, פרנסה פעהלט אויך נישט, אבער ער פערגעסט אויך נישט מיט אלע כחות צו שטיצען מאטעריעל דעם „חפץ חיים'ס" ישיבה אין ראדין.

און היות ער וויל נישט, אז זיין נאמען זאל פערעפענט־ליכט ווערען, טהו איך עס איהם צוליעב.

# דרײַ דורות אלעקסאנדער רבײַם

דאָס דײַטשע װעבער שטעטעל אלעקסאַנדער, נעבן לאָדז, װאָס איז ערשט ענטשטאַנען אין אָנהויב פון 19־טען יאָרהונדערט, איז שױן אין די צײַטען פון רבי ר׳ הענוך געװען א צענטער פון פױלישען הסידות.

אבער דער אײגענטליכער פאָטער פון דער אלעקסאַנדער דינאַסטיע איז ערשט געװען דער גרױסער נסתר און עניו ר׳ יחיאל דאנציגער, װעלכען דער סאָכאַטשאָװער גאון רופט־אָן: „דער מלך פון די גוטע יודען".

ר׳ יחיאל׳ס פאָטער איז געװען ר׳ פײַװעל גריצער, אײנער פון די פיאָנערען פון דעם פױלישען הסידות. ער איז געװען רב אין שערפּץ, נאָמבין, גריצע און צולעצט אין מאָסאָװ.

ר׳ פײַװעל גריצער האָט געשטאַמט פון װאַרשא. ער איז געװען א זוהן פון װאַרשאַװער אָנגעזעהענעם סוחר ר׳ הירש דאנציגער. ר׳ הירש װידער איז געװען א מחותן פונ׳ם „קדושת־לױ" פון בערדיטשעװ.

נישט־האָבענדיג קײן מזל צו קינדער, איז ר׳ פײַװעל גריצער געפאָהרען מיט זײַן בן־יחיד יחיאל צום װאָרקער רבי׳ן װעגען א ברכה, און יענער, דער װאָרקער, האָט יחיאל׳ן געהאַלטען בײַ זיך א לענגערע צײַט.

— זאָגט ניטש — האָט דער וואָרקער געזאָגט צו ר׳ פּייוועלען, — איך נעחם איהם אויף מיינע פּלייצעס און וועל מאַכען פון איהם א לייט. —

יונגערהייד האָט זיך ר׳ פּייוועל גריצער צוגעאײלט צו סער׳קנס׳ן זיין אויסגעוויינט קינד מיט דער מאַכטער פון ר׳ דוד נעקלאַנער (וועלכער האָט זיך געריפען מיט׳ן פאַמיליען־נאָמען יוזעפאָווסקי). ער האָט זיך משדך־געווען מיט איהם צוליעב א מיספערשטענדעניש וועגען דער אָבשטאַמונג פון דער כלה.

דער טעות האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ר׳ דוד נעקלאַנער האָט געהאַט א צווייט ווייב, וועלכע איז געווען אַנ׳אייניקעל פון „יוד־הקדוש". האָט ר׳ פּייוועל גריצער גע־מיינט, אז די כלה, רוויוע־מינדעל, איז אויך איהרס א מאָכ־טער, אָבער, ווי ס׳האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויזען, האָט זי נאָר געשטאַמט פון ר׳ דוד׳ס ערשט ווייב, וועמענס יחוס איז גאָרנישט אַנגעשטאַנען ר׳ פּייוועלע גריצער.

צוליב דעם טעות האָט ר׳ פּייוועל גריצער געהאַט גרויס עגמת־נפש. אָבער פון אָבלאָזען דעם שידוך האָט מעהר קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ווייל ערשטענס, איז זי דאָך גע־ווען א יתומה. צווייטענס, האָט זי, די כלה, נאָך מיידעלוויין בעקומען א ברכה פונ׳ם רבי׳ן ר׳ בונם פון פּשיסכע, אז זי וועט האָבען א מאַן, מיט וועלכען א האַלבע וועלט וועט זיך פרעהען — און דער זכות פון אָט דער רבי׳שער ברכה איז איהר איצט שטאַרק בייגעשטאַנען.

איינמאָל, — ווערט דערצעהלט, — איז דער רבי ר׳ בונם אין א פּראָסטינער ווינטער־נאַכט דורכגעפאָהרען מיט זיינע מקורבים דורך דער שטאָדט נעקלאַן. זוכענדיג אַנ׳אָרט, וואו איבערצונעכטיגען, האָט ער פּונקט אַנגעטראָפען צו ר׳ דוד נעקלאַנער׳ן, וועלכער איז, אגב, געווען דער איינציגער יוד, וואָס האָט דאָרט דעמאָלט געוואוינט.

ס'איז שוין געווען גאָר פֿאַלבער נאַכט, ווען דער בעש"ט
כער האָט אָנגעקלאַפּט בײַ ר' דוד'ל, אָבער נישט ר' דוד און
נישט זײַן ווײַב האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען מיט די
נעסראָווירע אורחים; געפּאָ־עם האָט זיך בלויז מיט זיי זיי־
ער טאָכטער רויזע־מינדעל. זי האָט באַלד פֿײַער געמאַכט
און אויפֿגעקאָכט פֿאַר זיי טיי און דערלאַנגט זיי צום טיש
טרינקען, צוגעגרייט פֿאַר זיי וואַרעמע געלעגערס און אַזוי
ווײַטער.

אויפֿשטאַרענדיק צומאָרגנס, האָט דער רבי ר' בונם
זי טאַקע דערפֿאַר געבענטשט מיט אַ גוטן מאַן, וואָס זאָל
זײַן אַ גדול בישראל.

און דערפֿאַר בעשערטער איז עס טאַקע געווען ר'
פֿײַוועל גריצער'ס זוהן, דער רבי ר' יחיאל פֿון אַלעקסאַנדער.

די חתונה איז פֿאָרגעקומען אין פּשיסכע. אָבער ר' פֿײַ־
וועל גריצער איז נישט געווען אויף זײַן זוהנ'ס שמחה. ער
איז בעת דער חתונה געבליבן הינטער דער שטאָט. דער
מסדר־קדושין איז געווען דער וואָרקער צדיק...

ר' דוד געקלאַנגער האָט פֿאַר זײַן אײדעם צוגענומען
אַלס רבי ר' יענקעלע ראַדזימינער. און זיי ביידען, דעם איי־
דעם מיט'ן רבי'ן געהאַלטן, ביז ר' יחיאל איז געוואָרן רב
אין מאָרטשין.

נאָכ'ן פֿאָטער'ס טויט ווערט ר' יחיאל רב אין גריצע,
פֿון דאַנען נעהט ער איבער קיין פּיליץ, און צולעצט ווערט ער
רב אין אַלעקסאַנדער.

כל־זמן דער וואָרקער האָט געלעבט, איז ר' יחיאל גע־
ווען אײנער פֿון זײַנע שטענדיגע „יושבים". ווען ר'
בעריש ביאַלער (לאַנדוי), דער זוהן פֿון טשעכאַנאָווער צדיק,
האָט אָנגעהויבן פֿיהרען רבי'שאַפֿט נאָך דער פּטירה פֿונ'ם
וואָרקער, האָט ר' יחיאל זיך אויך איבערגעטראָגן צו איהם.
אָבער נאָך דער פּטירה פֿון ר' בעריש'ן (תרל"ו) האָט זיך אַ

גרויסער עולם אָפּגעריסען פון ביאַלע און געקרוינט ר' יחיאל'ן פון פּילץ אַלס רבי.

ר' יחיאל האָט זיך אַפילו שטאַרק קעגענגעשטעלט די חסידים, נישט־וועלענדיג זיין קיין רבי, אָבער דער עולם האָט איהם נישט אָבגעלאָזט און בעל־כרחו האָט ער געמוזט איבערנעהמען די רבי'שאַפט.

אין אַלעקסאַנדער האָבען די חסידים אָבגעקויפט די דירה און דאָס בית־מדרש, וואָס איז דאָרט פערבליבען נאָך דער פטירה פון דעם דאָרטיגען רבי ר' הענעך. דער רבי ר' יחיאל האָט זיך דאָרט בעזעצט, איבערנעהמענדיג גלייכצייטיג דאָס כסא־רבנות אין אַלעקסאַנדער.

זייענדיג רבי האָט ר' יחיאל געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין חסידישען וועלטעל.

דער חסידישער עולם איז געווען צוגעוואוינט ארומצוגעהן לעדיג און עוסק־זיין נאָר אין פּליאַטקעס אויף אַנדערע רביים און חסידים, אָנפיהרענדיג צווישען זיך גרויסע מחלוקת'ן. דער רבי ר' יחיאל האָט געמאַכט אַ סוף צו די דאָזיגע מחלוקת'ן. ער איז געווען אַ גרויסער רודף־שלום, האָט געפיהרט זיינע חסידים אין די וועגען פון תורה ועבודה, געהייסען זיי אַ סך לערנען, אַ סך דאַווענען, תשובה־טהון... דאָס זענען אויך געווען די איינציגע הנהגות, וואָס ער פלעגט געבען זיינע חסידים, ווען זיי פלעגען זיך צו איהם ווענדען ווענען אַ ברכה, אָדער אַן עצה.

די חסידים פלעגען מאַכע זאָגען, אַז אין וואַרקע איז געווען דער עמוד (זייל) פון גמילת־חסדים, אין ביאַלע — דער עמוד התורה און אין אַלעקסאַנדער געפינט זיך דער עמוד־העבודה. דער כאָצאָטשעווער גאון האָט אָבער מוסיף געווען און געזאָגט, אַז אַלע דריי זיילען: תורה, עבודה און גמילת־חסדים האָבען זיך פעראייניגט אין אַלעקסאַנדער...

די דאָזיגע מעלות זענען געוואָרען א טראַדיציע פון אַלעקסאַנדער הויף, איבערגעהענדיג בירושה פון דור צו דור.

דער רבי ר' יחיאל איז נפטר געוואָרען מוצאי־שבת, י"ח שבט תרנ"ד, אויף דעם אויפרופען פון זיין אייניקעל ר' פייוועלע, זייענדיג קוים עטליכע און פופציג יאָהר אַלט.

פון זיינע דריי זיהן האָט דער עולם געקרוינט דעם עלטסטען ר' ישראל־יצחק, אַלס ממלא־מקום פון זיין גרויסען פאָטער.

אויך ר' ישראל־יצחק, דער „ישמח־ישראל" (לויט זיין חיבור אויף תורה), האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט מיט לומדות און חכמה, הויפטזעכליך אָבער מיט זיין גרויס השתפכות־הנפש און דבקות, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גלייכען אין דער רבי'שער וועלט פון זיין צייט.

ער האָט כסדר אָבגעהאַלטען תעניתים און געפּראַוועט סיגופים, געפּייניגט שטאַרק זיין גוף און שטאַרק געווען אין לערנען און עבודת־הבורא, און אויך אָנגעהאַלטען שטאַרק זיינע חסידים, זיי זאָלען אויך גיין אין די דאָזיגע דרכים.

מיט אַלע רביים פון זיין צייט האָט ער געלעבט בשלום. ער האָט זיך אויך גישט געמישט אין מחלוקת'ן, וואָס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען צווישען א דייה רבנים און ר' גרשון־העניך ראַדזימינער וועגען דעם חלזון, וואָס ער, ר' גרשון־העניך האָט ענטדעקט. ער, ר' גרשון־העניך, האָט פון זיין זייט שטאַרק כבוד צוגעטיילט דעם „ישמח־ישראל", האַלטענדיג איהם פאַר א זעהר גרויסען תלמיד־חכם.

די איינציגע מלחמה, וואָס איז אויסגעקומען דעם „ישמח־ישראל" צו פיהרען אין זיין לעבען, איז געווען געגען דעם ד"ר יונג, אַנ'אָרטאָדאָקס, וועלכער האָט בשעתו געעפענט אין מעהריש־אויסטראַה (עסטרייך) א יודישע גימנאַזיע, וואו מ'האָט אויך געלערענט גמרא און אַנדערע תלמודישע לימודים. דער

רבי ר׳ ישראל־יצחק איז דאן אַרויס מיט אַ קול־קורא צו זיינע חסידים אין גאַליציען און צו די רבנים אין קראָקא, וואָס האָבן זיך צו איהם ווענגן דעם געווענדעט. אין דעם קול־קורא זאָגט ער זיך שטאַרק אַרוס נעגען דעם מישען לימודי־קודש מיט לימודי־חול.

דער „ישמח־ישראל" האָט נישט געהאַט קיין אריכת־ימים. צוליב זיין איבעריגען פיינינקען זיין גוף, איז ער פיזיש אָבגע־שוואַכט געוואָרען. ער איז נסתלק געוואָרען ערב ר"ח שבט תה"ע.

אין זיין האַרציגער צוואה בעט ער מחילה ביי אַלע, פון וועמען ער האָט ווען־עס־איז בעקומען געלט, סע־זי בעלענדיג, אַז ער האָט עס קיינמאָל נישט גענומען פאַר זיך. טאָמער האָט ער דערפון, נישט־וויסענדיג, עפעס נהנה געווען — זאָל מען איהם מוחל זיין.

היות, ווי דער „ישמח־ישראל" איז געווען קינדערלאָז, איז דאָס כסא־רבנות אין אַלעקסאַנדער איבערגעגאַנגען צו זיין צווייטען ברודער, ר׳ שמואל־הערש.

דער רבי ר׳ שמואל־הערש, דער אוי־געצייכענער „תפארת־ישראל", האָט זיך שטאַרק געהאַלטען ביי דער גייסטיגער שיטה פון זיין גרויסען פאָטער, אָבער ער האָט זיך שוין אויך גע־מישט אין כלל־זאַכען, אין פּאָליטיק אא"וו. אויך ער האָט נישט געהאַט קיין אריכת־ימים. דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט איהם געטראָפען מיט זיין זוהן פייוועל אין ראַדאָם, וואָס איז צוליב אַ בלבול אומגעקומען אויף קידוש־השם אין אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה, האָט איהם מקצר־ימים געווען. ער איז נפטר געוואָרען כ"ט תשרי תרפ"ד.

דאָס אומגליק האָט דעם „תפארת־ישראל" גראַד געטראָפען ווען ער איז געווען אין אויסלאַנד אין באַד ווילדינגען. די מעשה דערפון איז געווען אזוי:

אַ רוסישער פּראָפּאָסטען האָט אַרייגטאַרשירענדיג קיין

ראָדאָם, אַרויסגענומען פון ראָטענבערג'ס גאָרבעריי ר' פּיוולען, וועלכער איז געווען ראָטענבערג'ס אַנ'איידעם, צוזאַמען מיט זיינע צוויי שוואָגער'ס, ראָטענבערג'ס זיהן, און זיי זאַלבעררים, צוזאַמען מיט טענות־ומענות אויפגעהאַנגען אַלס דייטשע שפּיאָנען. גראָד ווענען או.פּן ותנג אָנגעקומען נאָך צוויי פרעמדע יודען — ווענען זיי אויך אָהן שום פאַרוואָס אויפגעהאַנגען געוואָרען.

מען זאָגט, אַז קורץ פאַר'ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט מען אָבגעשאָפט אַ קריסטליכען מייסטער פון ראָטענבערג'ס גאָרבעריי, און ער זאָל זיך עס האָבען נוקם־געווען בשעת דער מלחמה אין ראָטענבערג'ס קינדער.

זען דער רבי ר' שמואל־הערש'ל האָט, אַהיימקומענדיג פון אויסלאַנד, זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער זיין טרויער בע־גראָבען טיף אין זיך און מקבל געווען באהבה גאָט'ס משפט...

ר' שמואל־הערש'ס אָרט פערנעהמט ביים היינטיגען טאָג זיין זוהן ר' יצחק־מענדעל, דער היינטיגער גייסטיגער מדריך פון די אַלעקסאַנדער חסידים. ער איז שוין דער דריטער דור פון דער אַלעקסאַנדערער דינאַסטיע נאָך דעם רבין ר' יחיאל

# דער כהן גדול פון אלעקסאנדער

א.

דעם רבי ר' העניך פון אלעקסאנדער גערופען טיט'ן נאָ־
מען: כהן גדול. —

זיין יחוס האט זיך געצויגען פון כמה דורות רבנים און
גאונים פון פאטער'ס און מוטער'ס צד, אין פוילען און אין
אויסלאנד.

זיין פאטער, ר' פנחס, איז געווען א מתנגד'ישער יוד, א
בעל־הבית אין שטעדטעל ליוטאמיר, נעבען לאדז. אין דעם דאָ־
זיגען שטעדטעל איז ר' העניך געבוירען געוואָרען אין יאהר
תקנ"ח.

ר' יאקעל פשיסכער האט זיך גענומען דעם רבי'ן ר' העניך
פאר אנ'איידעם פאר זיין טאכטער חנ'טשע־פיינע. דער „יוד
הקדוש" איז געווען זיין מעהערער פאר די תנאים, און ר'
העניך האט ביי איהם שטארק אויפגענומען מיט זיין גרויסער
עילוי־שקיום.

דאס ערשטע רבנות פון ר' העניך איז געווען אין אלעק־
סאנדער אין יאהר תר"א. פון דאָרט איז ער איבערגעגאנגען אלס
רב קיין נצאווי־דוואר. דא האט ער קיין גרויס נחת נישט געהאט.
אלס תלמיד פון פשיסכע און קאצק, האט ר' העניך בעקעמפט

די מתנגדים. צוליב א סכסוך וועגן מצות, וואס זענען געבאקען געווארען ביי מתנגדישע בעקערס און וועלכע ער האט גע'אסר'ט איז אין נאוואָ־דוואר אויסגעבראכען א גרויסע מחלוקת און די מתנגדים האבען איהם גענומען שטארק רודפ'ן.

בראש פון זיינע שונאים איז געשטאנען דער גביר און גרויסער תקיף פייגין, וואס איז געווען שטארק אנגעזעהן אין שטאדט און האט געהאט גרויסע פּאָליטישע „פּאָדריאדען“. דורך איהם איז ר' העניך געווען געצוואונגען די שטאדט צו פערלאזען. ער האט דאן איבערגענומען דאס בסאַ־הרבנות אין פּרושניץ.

נאך דער פּטירה פון „חידושי הרי“ם“ (תרכ“ו) האט זיך דער גאנצער גערער עולם אריבערגעטראָגען צום רבי'ן ר' העניך. ר' העניך האט באלד פערלאזט פּרושניץ און האט זיך צוריק בעזעצט אין זיין שטעדטעל אלעקסאנדער, וואו ער האט גענומען פיראווען רבי'שאפט.

ער האט פּרושניץ פערלאזט אויך דערפאר, ווייל ער האט דארט פערלוירען זיין פרוי, זיין „אשת־נעורים“, וועלכע איז געווען אנ'איש־ה־צדקניה. ער האט דערנאך חתונה געהאט ווידער אמאל פון פּשיסכע, מיט'ן יוד הקדוש'ס אנ'אייניקעל, ר' אשר'לס א טאכטער.

ר' העניכ'ס התנהגות אלס רבי איז געווען לויט'ן קאצקער'ס שיטה. אלץ איז געטהון געוואָרען מיט גרויס התלהבות און מיט א חסידישען ברען און דערצו מיט א לעבעדיגקייט און שארפזיניגקייט, וואס איז געווען זעהר כאראקטעריסטיש פאר'ן קאצקער דרך.

אין דער חסידישער ליטעראטור ווערט דערצעהלט, אז אמאל איז דעם רבי ר' העניך אויסגעקומען צו זיין צוזאמען מיט'ן גאסטינינער רבי'ן, ר' מאיר־יחיאל, אויף א חתונה אין פשיסכע. זיי האבען זיך אויפגעהאלטען אין איין אכסניה.

אויף דער חתונה האט דער רבי ר' העניך, ווי זיין שטייגער

נער און געוועהנהייט איז געווען, זיך שטארק משמח געווען און ביים טיש געוויילט די געסט מיט זיינע מעשיות און וויצען אזוי, אז דער עולם האט זיך געקייקעלט פאר געלעכטער. אבער דאס וויצלען זיך פון רבי'ן איז שטארק נישט געפעלען דעם המיוחס'דיקן גאסטינינער צדיק. ווען ער האט אבער געהערט פארטאג, ווי דער רב ר' הענעך האט אויף דער אכסניה, פער־מאכענדיג זיך אין א בעזונדער שטיבעל, געזאגט תהילים, איז ער, דער גאסטינינער, פאר שרעק אינגאנצען אויפגעציטערט געווארען און איז שיער נישט ארויסגעפאלען פון בעט...

און ווען דער רבי ר' הענעך האט דאן אין אווענד צו שבע־ברכות ווידער געשפיעלט ביים טיש די ראלע פון א בדחן, דער־צעהלענדיג עפעס א וויצינע מעשה, פון וועלכער דער עולם האט זיך געהאלטען ביי די זייטען — האט זיך דערמאנט דער גאסטינינער אויף א ווילע פערטראכט, צי איז דאס דערזעל־בער ר' הענעך, וואס האט מיט אזא הייליגען ברען ערשט איינדערפריה געזאגט תהילים אויף דער אכסניה.

האט דאס גלייך דערפיהלט דער רבי ר' הענעך און אויפ'ן גאסטינינער אזא קוק געגעבען, אז פאר גרויס אימה איז ביים גאסטינינער שיער די נשמה נישט אויסגע־גאנגען...

דעם רבי ר' הענעכ'ס מעשיות, אנעקדאטען אא״וו האבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט מיט זייער שארפזיניגקייט און הומאר. עטליכע פון זיי וועל איך דא איבערגעבען.

### ב.

דעם רבי'נס מעשה מיט חנה'לע די גנב'טע איז א סאטירע — אזוי דערצעהלט מען — אויף מתנגדים און משכילים. און ווען דער רבי האט געוואלט האלטען דעם עולם אין א גוטער שטימונג, האט ער דידאזיגע מעשה דערצעהלט, נאכמאכענדיג דערביי די העוויות און דעם גאנצען מארק־לשון פון חנה'לע דער גנב'טע.

אין דערדאָזיגער סאַטירע שפּיגלט זיך אָב די מעשה זיינען. דער רבי האָט זיך דאָ אָבגערעכנט מיט זיינע שונאים.

ליידער, איז שווער צו בעקומען דעם אָריגינאַל פון דער דאָזיגער כאַראַקטעריסטישער רבי'שער סאַטירע.

די טבע פון רבי ר' העניך איז געווען אויך צו שפּאַסן און חוזק־מאַכען אפילו פון זיינע אייגענע חסידים.

זייענדיג נאָך א יונגערמאַן, האָט ער געטראָפען ביים רבי'ן ר' בונם א ייִדען קעסט־איידעם'ל, וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז בעשטימט צו זיין ניט מער און ניט ווייניגער, ווי א פיהרער פון פאָלק ישראל.

האָט איהם אמאָל דער רבי ר' העניך אַריינגעלעגט אין טאַש א קוויטעל, אַז ס'איז אין הימעל נגזר געוואָרען אויף איהם, ער זאָל ווערען א רבי, א מנהיג־הדור. אונטערגעשריבען איז דאָס קוויטעל געווען פון דעם מלאך פּילד.

דער נאַרישער חסיד, געפינענדיג דאָס דאָזיגע קוויטעל אין טאַש, איז געוואָרען דערפון שטאַרק איבערראַשט און איז באַלד דערמיט אַריינגעלאָפען צום רבי'ן ר' בונם, אָנזאָגענדיג איהם די בשורה טובה, אַז ער איז פון הימעל בעשטימט געוואָ־רען צו ווערען רבי.

דער רבי ר' בונם האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטי־קעל מוז האָבען געטהון ניט קיין אַנדערער, ווי העניכ'ל (ווי ער פלעגט איהם נאָך אלס בחור'ל אָנרופען) און ער האָט איהם טאַקע באַלד געלאָזט צו זיך רופען אין התבודדות־שטיבעל אַריין, ער זאָל באַמש איהם מסביר־זיין, וואָס עס בעדייט דאָס וואָרט „פּילד". האָט ר' העניך איהם ערקלערט, אַז דאָס זענען די ראשי־תיבות פון: „פּתי יאמין לכל דבר" — א נאַר גלויבט אין אַלעם....

אַנ'אַנדערש מאָל ווידער האָט דער רבי ר' העניך אויפ־געשריבען זיינעם א חסיד אויף א קוויטעל, וואָס ער האָט איהם געגעבען, דאָס וואָרט „גוף". און ווען דער חסיד האָט דאָס רבי'ן

געפרעגט, וואָס דאָס דאָזיגע וואָרט בעדייט, האָט ער איהם גערענטפערט, אַז די ראשי־תיבות פון „גוף" „גוף וויל פרעסען, גוף וויל פאַפען (שלאָפען), גוף וויל פיען (טרינקען), גוף וועסט פגר'ן, גוף וועסט פוילען, גוף וויל פאַרט"... און דאָס איבעריגע זאָל ער זיך שוין אליין אָנשטויקען...

קלאַסיש זענען די מעשה'לעך פון רבי ה' העגער, וועלכע ער פלעגט דערצעהלען ביים טיש־פיהרען.

אָט דערצעהלט ער אמאָל א מעשה'לע וועגען אַן ארענדאר פון א שוויגע, ווי ער לעבט זיך אָב א פריוואַט־צר־גאבטס ביי זיך אין דאָרף ווינטער־צייט.

דער ארענדאר לעגט זיך שלאָפען באלד נאָכ'ן אָבעסען. פאר דער האַלבער נאכט האָט ער זיך שוין געהאט אויסגע־שלאָפען, און אַזוי ווי די לבנה האָט איהם מיט איהר גאַנץ ליכטיגקייט ארײנגעשיינט אין פענסטער, האָט דער ארענדאר געמיינט, אַז עס איז שוין טאָג. ער האָט אויפגעוועקט זיין גאַנץ בני־בית און גענומען דאַווענען. אָבגעדאַווענט האָט ער קידוש־געמאַכט און געהייסען ארויסרוקען דעם משאָלעכט פון אויווען און איהם דערלאַנגען צום טיש.

אָבגעגעסען האָט ער זיך צוריק געלעגט שלאָפען, און ווען ער האָט ווידער ערוואַכט, האָט שוין די לבנה געהאַלטען ביים אונטערגעהן. האָט דער ארענדאר געמיינט, אַז עס איז שוין מנחה־צייט. האָט ער געדאַווענט מנחה, געגעסען שלש־סעודות און צוריק זיך געלעגט שלאָפען. איבערשלאָפענדיג זיך ווייטער א ביסעל, בעמערקט דער ארענדאר, אַז ס'איז שוין גאַנץ פינס־טער. האָט ער געמיינט, אַז ס'ווערט אויסגעגיי טאָג. האָט ער געהייסען זיין זוהן שפאַנען פערד און וואָגען און איז זיך

ווען ער איז געקומען אין שטאָדט אריין איז, אמת, שוין געווען גרויסער טאָג, אָבער צו זיין גרויס פערוואונדערונג האָט ער דערזען, אַז אין שטעדטעל איז נאָך שבת, קיינער קויפט נישט ביי איהם קיין מילך, מען שפּאָט און מען מאַכט פון

איהם חוזק, מען זירעלט און מען שנידעלט איהם צוליב חילול־שבת. . .

דער ארענדאר אבער, וועלכער האט שוין אבגעהאלטען זיין שבת, פערשטעהט נישט, פארוואס דער עולם האט אויף איהם פאראיבעל, וואס ער איז געקומען אין שטאדט אריין מיט זיין מילך. נישט אנדערש — האט ער געקלערט — אז אין שטאדט האלט מען צוויי טעג נאכאנאנד שבת... מאכט ער, נישט קיין שהיות, באפט דאס פערדעל מיט'ן וואגען מילך און — היידא צוריק אהיים. און אזוי ווי ס'איז צוויי טעג שבת נאכאנאנד הייבט ער זיך, צהיימקומענדיג, מאכען א צווייטען טשאלענט אויפ'ן צווייטען טאג שבת...

אבער דעם צווייטען פרייטאג־צו־נאכטס האט שוין די לבנה נישט געשיינט, איז דער ארענדאר אדורכגעשלאפען בשלום די גאנצע נאכט און זיך ערשט אויפגעהויבען אינדערפריה צו דער ריכטיגער צייט. ווייסט איצט נישט דער ארענדאר, וואס ווייטער צו טהון... ער האט געשטעלט צוויי טשאלענטער און שבת איז נאר געווען אינגאנצען איין טאג...

און אט איז א צווייט מעשה'לע פון רבי'ן ר' הענעך:

ס'האט אמאל א יודיש מיידעל פון פוילען זיך פערגלוסט צו פאהרען קיין פרייסען. נישט האבענדיג קיין מיטלען צו לעבען, האט זי זיך געשטעלט דארט דינען אלס קעכין ביי א יודישער בעל־הבית'טע.

פאכ'ן אוועקגעהן אין שטאדט אריין, האט די בעל־הבית'טע געהייסען די קעכין צוהיטען די יויך, ס'הייסט — ווען זי וועט אויפקאכען זאל זי, די קעכין הייסט עס, די יויך „אבשרעקען" (דאס הייסט אויף דייטש אבשוימען), ווי דער סדר־העולם איז. די קעכין האט אבער נישט פערשטאנען די בעל־דייטונג פון ווארט „אבשרעקען", האט זי דאס אויסגעטייטשט אויף טאמער־לשון. און, דערזעהענדיג, אז די יויך קאכט און שוימט זיך, האט זי גענומען א בעזעם און געבאכעט מיט איהם

איבער'ן טאָג יויך צהין און אהער, ביז דער טאָג איז אומגע־פאַלען און די יויך האָט זיך אויסגעגאָסען. אהא — האָט זי זיך געקלערט — איך האָב די יויך שוין איינמאָל צנגעשראָקען!

ווען די בעל־הבית'טע איז צהייםגעקומען און דערזעהן, וואָס ס'איז געוואָרען מיט דער יויך, האָט זי פון נאַרנישקייט גע־וואָלט וויפען און די קעכין אָבגעשאָפט...

חסידים לעגען אריין אין דער דאָזיגער מעשה פאַרשידענע רמזים און כוונות...

— ס'איז געווען — האָט ער דערציילט אַנ'אַנדערש מאָל — אין א שטעדטעל א גולם, א נאַר. ער האָט זיך נישט געוואָלט לעגען שלאָפען, מחמת מען מוז זיך דאָך אויסטהון און ווען ער וועט זיך וועלען צוזאַמענ'ס צוריק אָנטהון, ווייס ער נישט וויסען, וואו ער האָט די זאכען אוועקגעלעגט. וואָס־זשע מהוט דער טפש? ער נעמט א שטיקעל פאַפיר און פערשרייבט דערויף אלע מלבושים, וואָס ער האָט ביים שלאָפען לעגען פון זיך אויסגעטהון, אויף וועלכען אָרט ער האָט זיי אוועקגעלעגט, כדי ער זאָל קאָנען רוהיג אדורכשלאָפען די נאַכט. און געשריבען האָט ער אזוי: „דעם הוט האָב איך ליגען דאָ, די הויזען דאָרט, די זשופיצע ווידער אויף אַנ'אַנדער אָרט או"וו.

אויפשטעהענדיג אינדערפריה וויל ער צונויפנעהמען די זאכען. האָט ער גענומען דאָס שטיקעל פאַפיר, וואו ער האָט געהאַט אלע אויפגעשריבען און דערפון ארויסגעלייענט: דעם הוט האָב איך דאָ, די הויזען — דאָרט א.א.וו., צום סוף פרעגט ער זיך: „אָבער וואו בין איך?" און ער האָט גענומען זיך אליין זוכען אין בעט, אין שאַנק, אונטער די שטוהלען... (דאָס דאָזיגע מעשה'לע איז איינענטליך אַנ'אַלטס).

די חסידים זאָגען, אז דער רבי ר' העניך האָט געהאַט מיט זיינע מעשה'לעך ספעציעלע מוסר־כוונות.

ג.

דער רבי ר' העניך איז געווען א גרויסער מליצה־שרייבער.

פון איהם איז פערבליבען א כאראקטעריסטישער פיוט אין פארם און אין סטיל פון תהלים. זיין „משכיל שיר ידידות" איז עהנליך, לויט'ן אינהאלט, צו „על נהרות בבל", געשריבען אין חרוזים. עס ענטהאלט דרייצעהן שורות, יעדע שורה בעשטעהט פון אכט ווערטער, צוזאמענגעשטעלט פון דרייסיג אותיות. יעדע שורה און די אותיות פון אנהויב און פון סוף פון יעדער שורה בעזונדער, בעטרעפט דאס יאהר־צאהל תקצ"ז. דאס איז דאס יאהר, אין וועלכען דער רבי ר' הענעך האט אויפגעשריבען די דאזיגע תפילה. די ערשטע אותיות פון דרייצעהן שורות, ענט־האלטען אין דער לענג דעם נאמען הנוך העניך הכהן".

אין דעם דאזיגען פיוט האט זיך געלאזט דער רבי ר' הענעך אויך אברעכענען מיט'ן ווארשאווער בעריהמטען מאטע־מאטיקער און אסטראנאם, דעם משכיל ר' אברהם שטערן, וועלכער האט איהם, ר' הענעכ'ן, אין זיינ'ם א שיר שטארק פערטשעפעט. ער האט אנגעהויבען זיין „משכיל שיר ידידות" מיט די ווערטער: „לא האמנתי כדי אדבר, אעלה כן גם אני, עתה ראה, כי בין „כוכבים" שמתי קני" ד.ה. דו וואלסט נישט געגלויבט, אז איך וועל רעדען, אויך איך וועל שרייבען א שיר. איצט זעה, אז צווישען די „שטערנס" האב איך געמאכט מיין נעסט.... (געמיינט ר' אברהם שטערן).

בעזונדערס האט זיך דער רבי ר' הענעך אויסגעצייכענט מיט זיינע שארפזיניגע רעטענישען און שענע מליצות, וואס פערדינען א בעזונדערע אבשאצונג.

צוקומענדיג צו די זיבעציגער יאהרען הויבט אהן דער „כהן־גדול" צו קרענקען. ער איז א גרויסער בעל־יסורים, אבער ער פערלירט נישט ביז צו דער לעצטער מינוט זיין הומאר.

מיט א הייליגען שמייכעל אויף זיינע ליפען איז ער נפטר געווארען י"ח אדר שני תר"ל (1850), איבערלאזענדיג פאר ארץ־ישראל גאנצע צוועלף טויזענד רובל, וואס ער האט זיך צוזאמענגעזאמעלט אלס כהן. פון די אויסקויף־געלדער פאר „בכור־

רים".

זיין איינציגער זוהן פון ערשטען ווייב, ר' יחיאל־פישעל לעווין פון מאלעניץ, האט זיך אבגעזאגט צו זיין דער ממלא־מקום פון זיין גרויסען פאטער. ער איז געווען א גרויסער איינען־סוחר.

האט זיך דאן דער גאנצער אלעקסאנדרער עולם איבער־געטראגען צום „שפת־אמת", וועלכער איז אליין געפאהרען צום רבי'ן ר' העניך.

ערשט לעצטענס האט ר' העניכ'ס אנ'אייניקעל, ר' מענדעל לעווין ארויסגעגעבען די כתבים און תורות פון „כהן־גדול" אונטער'ן נאמען: „חשבה לטובה" (תרפ"ח).

אין ספר געפינען זיך אויך די בריף און אלע מליצות און חידות פון רבי'ן ר' העניך. די שפראך פון זיינע מליצות איז צו בעוואונדערען. ס'האט טאקע געפאסט אזא גוטען לשון־קודש צו שרייבען פאר די אלטע משכילים, מיט וועלכע ער האט מלחמה געפיהרט.

# ר' אברהמ'לע סאכאטשעווער

איינער פון דעם לעצטען דור „גוטע יודען” אין פוילען, וואס האבען זיך קונה־שם געווען מיט זייער גרויס גאונות, איז געווען דער גאון ר' אברהם'על סאכאטשעווער.

ער איז געווען א זוהן פון ר' וואלוויש (זאב נחום) בארענ־שטיין, וועלכער איז געווען רב אין ביאלא־פאדליאסקי און איז דער מחבר פון דעם תלמודישען ספר „אגודת־אזוב”.

ר' אברהם'על סאכאטשאווער איז געבוירען געווארען אין בענדין אין יאהר תקצ"ז (1837). שוין אלס קינד איז ער געווען בעגאבט מיט א גרויסען זכרון און האט דערביי אויך שטארק בעגעהרט צו לערנען.

מ'דערצעהלט אפילו, אז ווען ער איז אלט געווען פינף יאהר, האט דער פאטער איהם געבראכט צום פינטשעווער רב ר' ישראל ראפאפארט, וועלכער האט זיך גראד אויפגעהאלטען אין בענדין אויף א חתונה. דער רב האט מיט דעם פינף־יעהרי־גען קינד געשמועסט אין פערשידענע כוניות און ער איז ממש נתפעל געווארען פון זיין פענאמענאלען זכרון...

מען דערצעהלט אויך, אז דער גאון ר' חיים האלבערשטאם האט זיך געוואלט משדך־זיין מיט ר' וואלוויש'ן, ווען זיין זוהן, דער עילוי, איז קוים אלט געווען אכט יאהר. פערהערענדיג איהם, האט ר' חיים סאנדזער געוואלט זאגען, אלץ איז גאנץ גוט, נאר די צרה איז, וואס די עילויים הערען אויף צו זיין ער־

גוים, ווען זיי ווערען עלטער. דערויף זאָל ר' אברהמ'עלע איהם דאַבען געענטפערט: „ווי איך זעה, האָט איהר אויך געמוזט אמאָל זיין אַן עילוי".

צוליעב דעם דאָזיגען חוצפה'דיגען ענטפער פון דעם אַכט־יעהריגען יונגעל האָט ר' חיים האַלבערשטאַם, דער סאַנדזשער, דעם שידוך שוין נישט געוואָלט טהון...

ר' אברהם'עלען האָט מען חתונה־געמאַכט צו בר־מצוה מיט שרה'לען, דער טאָכטער פון רבי'ן ר' מענדעלע קאָצקער (געבוירען פון רבינ'ס צווייטן ווייב ר' משה חלפנ'ס א מאָכטער).

אלס יונגערמאַן האָט דער סאָכאַטשאָווער אויך עוסק־געווען אין מאַטעמאַטיק. ביי ר' וואָלף סטריקאָווער האָט ער גע־לערנט „קידושי החודש" פון רמב"ם א. א. וו., שטעהענדיג גלייכצייטיג אין א גאַנץ נאָהנטער בעציהונג צו דעם „חידושי הרי"ם", מיט וועלכען ער פלעגט תמיד קאָרעספּאָנדירען.

צו 29 יאָהר ווערט ר' אברהמ'לע רב אין קראָשניעוויץ, (תרכ"ו), וואו ער פערלעגט באַלד א גרויסע ישיבה און צו 33 יאָהר האָבען איהם לומדי תורה שוין געקרוינט אלס „גוטען יוד".

אָבער צוליב א קאָנפליקט מ.ט די „פני־העיר" האָט ר' אברהמ'לע געמוזט קראָשניעווין פערלאָזען און ער איז געוואָרען רב אין נאַשעלסק.

אויך דאָ האָט ער געהאַט מחלוקת'ן מיט די בעלי־בתים און מען האָט זיך גענומען איהם גאַר שטאַרק רודפ'ן.

וועלענדיג זיך פון איהם בעפרייען, האָט מען געזוכט אויף איהם חטאים. און ווען מען זוכט — געפינט מען...

ס'איז גראָד צו יענער צייט פאָרגעקומען די קאָראָנאַציע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען, האָט ר' אברהמ'לע סאָכאַטשאָ־ווער פערגעסען צו מאַכען אין שוהל, אין קרוינונגס־טאָג, א „הנותן תשועה". א צווייטע ווערסיע דערצעהלט, אז ער האָט בכיון נישט געמאַכט די „תפילה", איינזעהענדיג, אז דער צאַר

איז א גרויסער שונא־ישראל... נו, איז געווארען — הימעל עפען דיך! נאשעלסקער „ווייסע חברה" האט נישט געקאנט פערטראגען די דאזיגע עולה און האט תיכף אנגעגעבען אויפ'ן רב א מסירה צום גובערנאטאר קיין לאמזשע, אז ער איז א מורד־במלכות און לאזט בכיון נישט מאכען א „הנותן־תשועה" אין דער שוהל אין טאג פון קייזער'ס קאראנאציע.

דער גובערנאטאר, בעקומענדיג אזא מסירה פון יודען אגא"ג זייער איינענעם רב, האט נאטירליך, באלד בעפוילען, אז די פאליציי זאל תיכף ברענגען צו איהם דעם נאשעלסקער רב.

דער נאטשעלניק פון נאשעלסק, דערהאלטענדיג דעם דאזיגען בעפעהל, האט דערפון באלד מודיע געווען דעם רב און ס'האט איהם אונטער א פאליצייאישער שמירה באלד צוזעק־געפיהרט קיין לאמזשע.

עטליבע אנגעזעהענע חסידים זענען גלייך מיט דעם רב'ס זוהן, ר' שמואל, מיטגעפאהרען קיין לאמזשע.

דערוויסענדיג זיך, ווענען דער מעשה איז דער לאמזשער רב, ר' אליעזר שמחה ראבינאוויטש, אין בעגלייטונג פון צוויי לאמ־זשער גבירים, וועלכע זענען געווען היימיש מיט דעם גובער־נאטאר, צוזעק צום גובערנאטאר אהיים און איהם אויפגעקלערט דעם שקר־בלבול אויפ'ן נאשעלסקער רב. דער גובערנאטאר האט אבער בשום אופן נישט געוואלט ר, זאך אבלאזען. ער האט, אפנים, אליין מורא געהאט פאר די מוסרים. ערשט ווען די דעלעגאציע האט דעם גובערנאטאר ערקלעהרט, אז דער נאשעל־סקער רב איז א גשוואלדיג צוטראגענער מענש און קען זיך נישט אויף וועלט־זאכען, ער האט בכלל נישט געוואוסט וועגען דער פייערונג אין לאנד, ווארום ס'האט איהם קיינער דערפון נישט געזאגט, האט דער גובערנאטאר געלאזט ר' אברהם'לען רופען צו זיך, כדי צו איבערצייגען זיך פערזענלי,ך, צי ס'איז אמת, וואס די דעלעגאציע האט איהם איבערגעגעבען.

ווען מען האט דעם רב פון דער תפיסה געבראכט צום

נובערנאַטאָר איז ער געווען שטאַרק דערשראָקן. דער שרעק איז איהם געווען איבער'ן פנים. נו, מאַכט ר' אברהמ'לע קיין שהיות נישט און רעכענט זיך אויך נישט, אז ער געפינט זיך אין גובערנאַטאָר'ס שטוב, לויפט ער צו צום אָפענעם פענסטער און ווישט זיך אָב מיט דער טייערער פאָרהאַנג דעם שווייס פון פנים... און דאָס האָט בעדאַרפט דער גובערנאַטאָר זעהען מיט זיינע אייגענע אויגען!

בעטרעפענדיג די דאָזיגע מאָדנע צוטראָגעניש האָט שוין דער גובערנאַטאָר איהם בעפרייט פון שטראָף, אָבער מיט דעם תנאי, אז ער מוז באַלד נאָכ'ן בעפעלסט פערלאָזען און זיך אָבזאָגען פון דאָרטיגען רבנות...

ר' אברהם איז דאַן געוואָרען רב אין סאָכאַטשעוו. האָט זיך אָבער אויך דאָרט באַלד צעפלאַקערט א גרויסע מחלוקה צווישען איהם און די בעלי-בתים, וועלכע האָבען דורכאויס געוואָלט האָבען א רב, וואָס זאָל קענען גוט רוסיש רעדען און נישט זיין צוגלייך א רבי פון חסידים.

דער וואַרשאַווער גובערנאַטאָר, צו וועלכען די בעלי-בתים האָבען זיך געווענדעט, האָט דעם רב געלאָזט צו זיך רופען. ווען דער גובערנאַטאָר האָט איינגע'טענה'ט מיט איהם האָט ר' אברהמ'לע די גאַנצע צייט נישט געקוקט דעם גובערנאַטאָר אין פנים אריין, נאָר געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזט צו דער ערד. דאָס האָט שטאַרק פערדראָסען דעם גובערנאַטאָר, ער האָט עס אויסגעטייטשט, ווי א גרינגשעצונג און — ר' אברהמ'לע האָט זיך געמוזט ווייטער אָבזאָגען פון כסא-הרבנות אין סאָכאַטשעוו.

ווען זיינע חסידים האָבען איהם געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזט בעת ער האָט גערעדט מיט'ן גובערנאַטאָר, האָט ר' אברהמ'ל געענטפערט, אז די גמרא זאָגט: „אסור להסתכל בפני אדם רשע", מען טאָר נישט אַנקוקען א רשע'ס פנים. האָט מען אויך דאָס „אָבגעטראָגען"

דעם וואַרשאַווער גובערנאַטאָר... קיין מוסרים האָבן ניט
געפעהלט!

אויף זיין צרה האָט דער גובערנאַטאָר אַריינגעשיקט אַלס
רב קיין סאָכאַטשאָוו (מיט דער הסכמה פון די דאָרטיגע בעלי־
בתים, מיט ר' שמואל זייגערמאכער בראש) ה' מענדעל טוראָ־
ווער פון וואַרשא, אַ גרויסער משכיל און חובבי־ציון. האָבן זיך
ווידער צו איהם „געוואָשען" ר' אברהם'לס אַנהענגער, זוכענדיג
אין איהם נקמה צו נעמען און פער־געלטונג פאַר דער חרפה,
וואָס מען האָט אָנגעטהון זייער רבי'ן.

האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי אַ גרויסע מחלוקה צווישען די
חסידים און בעלי־בתים. מען האָט זיך אויך ניט אָבגעשטעלט
פאַר מסירות און רדיפות. מען האָט פער'מסר'ט ר' מענדעל
טוראָווער, אַז ער איז אַ ציוניסט און טאַקע אַ מורד במלכות,
צוליעב וואָס ר' מענדעל טוראָווער האָט אויך געמוזט פערלאָזען
סאָכאַטשאָוו און האָט אפילו איינגאַנצען עוקר געווען פון פוילען
(ער איז געשטאָרבען אין אַנטווערפען). ניט קוקענדיג אויף
די אַלע רדיפות און נגישות, וואָס מען האָט אָנגעטהון ר'
אברהם'לען, האָט ער דאָך טוין ווערענדיג אוים רב, געפיהרט
אין סאָכאַטשאָוו אַ גרויסע ישיבה, וועלכע איז שטאַרק פּאָפּולער
געווען בכל תפוצות ישראל. פון דאָרט זענען אַרויס גרויסע
רבנים און לומדים. אויך זיינע חסידים זענען בעשטאַנען מייס־
טענס פון רבנים און לומדים, עהרליכע יודען.

די שיטה פון רבי ר' אברהם'לע אין לערנען איז געווען
מער ראַציאָנעל ווי סכאָלאַסטיש. דער פלפול איז ביי איהם
ניט געווען דער עיקר. אַ גאַנצע וועלט האָט זיך צו איהם
געווענדעט מיט שאלות וועגן רעליגיעזע ענינים, בעטראַכטענ־
דיג איהם אַלס אַן אויטאָריטעט און פוסק אויף דעם תלמודישען
געביט.

צו 73 יאָהר איז דער רבי ר' אברהם'לע נפטר געוואָרען,
י"א אדר א' תר"ע (1910). זיין חיבור „אגלי־טל", אויף הלכות

שבת, איז ערשינען נאך ביי זיין לעבען. זיין צווייטער חיבור „אבני נזר" (אויף אלע פיער חלקים „שלחן ערוך"), וואס ענטהאלט טויזענדער תשובות, איז ערשינען שוין נאך זיין פטירה.

ביידע חיבורים צייכענען זיך אויס מיט גרויס חריפות און בקיאות, מיט שארפזין און זאכליכקייט.

מען דערצעהלט, אז אמאל איז געקומען צום סאכאטשעווער א קירה'שער (גאליציאנער) חסיד אנשלאגען איהם א שידוך פאר זיינ'ס א זוהן. אבער פריהער האט דער דאזיגער חסיד זיך געוואלט בעקענען מיט'ן חתן־בחור און איהם פערהערען...

דער רבי ר' אברהם'לע, דערהערענדיג, וואס דער גאליציאנער חסיד פערלאנגט, האט איהם געבעטען, ער זאל פריער איהם עפעס זאגען חידושי תורה, דאן וועט ער איהם לאזען פערהערען זיין זוהן. האט איהם דער שכן עפעס נאכגעזאגט פון זיינע „אויפטהועכצער". ענטפערט איהם דער רבי, אז דאס איז א „קירה'שע תורה". זאגט איהם דער חסיד נאך א צווייטען „אויפטהו", פרעגט איהם דער רבי פון וואנען ער האט דאס גענומען. ציהט דאך דער חסיד מיט די פלייצעס און איז אין א גרויס פערלעגענהיים; זאגט איהם ר' אברהם'לע: דיין קאפ איז צו שואך צו אזא גאונישען אויפטהו, דאס האט נאר גע־קאנט זאגען אזא גאון, ווי דער פיעטער־קאווער רב ר' ברוך־צבי איז... און ער האט טאקע געטראפען. דער קירה'שער חסיד האט זיך דאן מודה געווען, אז ער האט עס געהערט נאכזאגען פון דעם פיעטריקאווער רב, און ר' אברהם'עלע האט דעם „פער־הערער" באלד משלח געווען אהיים...

דער חתן־בחור איז געווען זיין זוהן ר' שמואל, וועלכער האט שפעטער ממלא־מקום געווען נאך זיין פאטער'ס פטירה. ר' שמואל איז שוין געווען א מעהר רוהיגע נאטור.

אין חכמה און חריפות איז ער נישט צוגעשטאנען פון

זיין גרויסען סאַטער. ער איז נפטר געוואָרען כ"ד טבת תרפ"ח (1928), זייענדיג 70 יאָהר אַלט (אין אָטוואָצק).

צוליב די מלחמה־אומשטענדען האָט ר' שמואל די לעצטע צייט געוואוינט אין זגיערזש, וואו די חסידים האָבען איהם געהאַט געקויפט אַ הויז.

פון ר' שמואל סאָכאַטשעווער איז ערשינען נאָך זיין פטירה דער חיבור „שם משמואל" (אויף תורה).

דער היינטיגער סאָכאַטשעווער רבי, ר' דוד'ל, וועלכער איז פריהער געווען רב אין וויעשעגראַד, איז איינער פון דער סאָכאַטשעווער דינאַסטיע. איהם האָט אָבער געטראָפען דער זעלבער גורל, וואָס זיין גרויסען זיידען: וואו ער האָט ניט געוואָלט זיין רב, האָט ער אומעטום געהאַט אויסצושטעהן גרויסע רדיפות. אַזוי אין בענדין, אַזוי אין טאָמאַשאָוו, וואו ער האָט זיך געמוזט אָבזאָגען פון כסא הרבנות.

די רעזידענץ פון ר' דוד'ל באָרנשטיין איז פּאַביאַניץ, אָבער רופט מען איהם ווייטער „סאָכאַטשעווער רבי".

ביי היינטיגען טאָג איז ער איינער פון די אָנגעזעהענסטע גוטע יודען אין פּוילען.

# ר׳ דוד׳ל לעלעווער

א.

דער צפּאַסטאַל און פּערשפּרייטער פון חסידות אין פּוילען איז געווען דער רבי ר׳ דוד׳ל לעלעווער. ער איז געווען ביי די פרומע יודישע פאָלקס־מאַסען זעהר בעליבט.

זיין שטערען איז אויפגעגאַנגען אין די ערשטע צייטען פון דער חסידישער בעוועגונג אין פּוילען.

ווי די גרעסטע צאָהל חסידישע רביים, איז אויך ר׳ דוד׳ל לעלעווער געווען א פאָלקס־קינד.

געבוירען איז ער אין יאָהר תק״ו (1746) אין דאָרף ביאַלע, נעבען דעם שטעדטעל לעלעוו, וואו זיין פאָטער ר׳ שלמה און זיין מוטער רבקה האָבען געהאַלטען די פּאַכט און דערביי אויך צוגעהאַנדעלט.

שוין אַלס קינד האָט זיך ר׳ דוד׳ל איינגעלעבט מיט דער נאַטור. איבער פעלדער און וועלדער פלעגט ער ארומגעהן גאַנצע טעג, און אין וועלדער און פעלדער פלעגט ער אויך אין די שפּעטערדיגע יאָהרען פאַרווען התבודדות...

די נאָהענטסקייט צו דער נאַטור האָט אויך ענטוויקעלט אין איהם דאָס געפיהל פון צער־בעלי־חיים. ווען ר׳ דוד׳ל איז שוין געווען א שם־דבר אין דער חסידישער וועלט — דערצעהלט מען אין לעלעוו — פלעגט ער ארומגעהן אויף די הויפען און אויס׳ן

מאַרק און סוף האָט ער בעמערקט, אַז די בעלי־בתים זענען נישט ביי זייער פערד און וואָגן. האָט ער גלייך געבראַכט וואַסער און אָנגעפּאָיעט די פערד און זיי געגעבן פון וואָגן צו עסן...

אין לעלעוו האָט ר׳דוד׳ל געהאַט אַ געוועלבעל מיט „אַלי־סמאַלי", וואָס די פויערים פלעגן קויפן ביי „נאַש דאַווידעק" (אַזוי האָבן זיי איהם גערופן). אָבער קוים האָט ער שוין גע־האַט פאַרדינט אויפ׳ן טאָג להחיות את נפשו, האָט ער באַלד זיין געוועלבעל פאַרמאַכט, זאָגנדיג: „זאָלן אויך די איבעריגע יודען היינט עפּעס פאַרדינען, זיי ברויכן דאָך אויך צו לעבן".

און אַזוי לעבט ר׳ דוד׳ל מיט גרויס בטחון זיין פרום, בע־שיידען, רחקות׳דיק לעבן. ער זיצט דערביי אָב שטיקער צייט ביי ר׳ אלימלך פון ליזענסק און דאַן ביים „חוזה" אין לובלין, לערענט דאָרט תורה לשמה און איז עוסק אין חסידות. ער ווערט דער נושא־כלים פון לובלינער „חוזה" און וואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף און פון שטאָדט צו שטאָדט, פראָפּאַגירט און פאַר־שפּרייט דאָס חסידות צווישען די פאָלקס־מאַסען, דערהויפּט — צווישען דאָרפס־לייט.

ר׳ דוד׳ל לעלעווער האָט דעם „יוד הקדוש", וועלכער איז פריהער געווען אַ גרויסער מתנגד, געמאַכט פאַר אַ חסיד, איהם אונטערגעפיהרט צום „חוזה" און דאַן זיך מיט איהם משדך געווען. דאָסזעלבע האָט ר׳ דוד׳ל געטהון מיט׳ן רבי׳ן ר׳ בונם, וועלכען ער קרוינט דאַן אויך אַלס רבי. דעם מיליטעריש׳ען דאָקטאָר חיים־דוד בערנאַרד פון זאַלאַשין האָט ער מחזיר־למוטב געווען, מאַכענדיג איהם פאַר אַ בעל־תשובה אאז"וו. . .

ר׳ דוד׳ל לעלעווער בעקעמפט שטאַרק די מתנגדים, אָבער נישט ביד רמה, ווי אַנדערע האָבען דאָס געטהון, נאָר דאָקטאָר חיים־דוד בערנאַרד פון זאַלאַשין האָט ער מחזיר־למוטב מיט תמימות און מיט גרויס ענווה. מיט דער דאָזיגער טאַקטיק האָט ער טאַקע שטאַרק אויסגענומען ביי די מתנגדים, אַפילו

ביי אזא גאון־עולם, ווי דער ברית־אברהם", דער פיעטריקאווער רב, איז געווען, האט ער אויסגע׳פועל׳ט, אז ער זאל מתיר־זיין צו טובל׳ען זיך שבת אין א ווארימער מקווה, וואס איז ביי די מתנגדים שטארק פערבאטען געווען...

די חסידישע רביים האבען זיך טאקע שטארק געצאצקעט מיט זייער ר׳ דוד׳ל און ער איז פון זיי געקרוינט געווארען אלס רבי, כאטש ער גופא האט נישט געוואלט.

כאטש ר׳ דוד׳ל איז געווען כל־ימיו א גרויסער אריסאן, דאך האט ער דעם גרעסטען טייל פון די פדיונות אוועקגעגעבען אויף ארץ־ישראל און זיך נאך אזויפיל איבערגעלאזט, וויפיל ער האט געברויכט אויף אויסצוהאלטען זיין הויז.

אויך אלס רבי האט ער געפירט א זעהר ארים, אסקעטיש לעבען, געפאסט תעניתים און אבגעהאלטען סיגופים.

ר׳ דוד׳לס תלמידים זענען געווען: ר׳ יצחק׳ל ווארקער, ר׳ שעיה׳לע פשעדבאזשער, דער רבי ר׳ בונם פשיסכער און נאך אנדערע גרויסע צדיקים אין פוילען.

ווען עס זענען אויסגעבראכען די גרויסע היסטארישע מלחמות פון נאפאלעאנ׳ען, האט ר׳ דוד׳ל לעלעווער גע׳חלומ׳ט, אז ס׳איז שוין משיח׳ס צייטען. ער איז צוזעס צום חוזה, צום יוד הקדוש און אפילו צום קאזשעניצער מגיד און מען האט צוזאמען אבגעהאלטען תעניתים, געוואלט משיח׳ן אראב־ברענגען.

ב.

אין דער צייט, ווען די פראנצויזען האבען בעזעצט פוילען (1806—7) איז קיין לעלעוו אנגעקומען אנ׳אבטיילונג פון דער פראנצויזישער ארמעע. לעלעוו איז דעמאלט נאך געווען א קרייז־שטאדט. אין שטעדטעל האט זיך געהאט פערשפרייט א קלאנג, אז נאפאלעאן גופא געפינט זיך מיט דער דאזיגער ארמעע־אבטיילונג, וואָרום דער גענעראל, וואס האט מיט דער אבטיילונג אנגעפיהרט איז ענליך געווען צו נאפאלעאנ׳ען.

האָט זיך דער פראַנצויזישער גענעראַל שטאַרק גע'חידוש'ט, וואָס די לעלוועה יודען האָבען דער ערכטע נישט געמאַכט קיין שום קבלת־פנים, ווי די יודען פלעגען דאָס טהון אין אַנדערע מקומות אין פוילען, נישט אַקעגענגעגאַנגען מיט אַ ספר־תורה און אַ חופה, בעת די קריסטליכע בעפעלקערונג האָט זיי דאָרט יאָ געמאַכט אַ פייערליכען קבלת־פנים.

דערוויסענדיג זיך, אַז ר' דוד'ל איז נישט געווען דערפון צוליב געוויסע טעמים, איז דער גענעראַל שטאַרק נייגעריג געווען צו זעהן איהם און ער איז צו איהם צוזאַמען מיט זיין יודישען דאָלמעטשער, בכבודו ובעצמו, אַהיימגעגאַנגען. —

איבערטרעטענדיג די שוועל פון דעם איינגעהויקערטען און טיף אין בלאָטע פערזונקענעם הייזעל, וואָס איז געשטאַנען געבען דער שוהל, האָט דער פראַנצויזישער גענעראַל דערזעהן, ווי אין דעם קליינעם, אָרימען, פינסטערען שטיבעל, ד' אויף ד', מיט איין קליינעם פענסטער'ל אויס'ן הויף אַרויס, זיצט ביי אַ טיש אַן'אַלטיטשקער, אויסגעדאַרטער און איינגעהויקערטער יוד אויף אַ צובראָכען בענקעל און איז פערטיפט אין עפעס אַ גרויסען ספר, נעבען וועלכען עס ליגט אַ רויטע פאַטשיילע און אַ טאַבאַק־שקעטעלע. דער אַלטער האָט גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזעהן, אַז ס'איז עמיצער אַריינגעקומען.

ערשט ווען דער יודישער אַדיוטאַנט האָט הויך געזאָגט: „גוט מאָרגען אייך, רבי!" — האָט ר' דוד'ל אויפגעהויבען די נעריכטע ברעמען, וואָס האָבען בעדעקט זיינע ברענענדיגע שוואַרצע אויגען, און זעהנדיג, אַז נעבען איהם שטעהט עפעס איינער אין בלויז גאָלד אָנגעטהון — האָט ער זיך תיכף אויפגעהויבען פון שטוהל, אונטערשפאַרענדיג זיך ביים טיש מיט זיינע ציטערענדיגע הענד. רעכענענדיג, אַז דאָס מוז זיין טאַקע נאַפּאָלעאָן אַליין, האָט ער אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנד אויפ'ן טאַפעל, אין וועלכען ער איז געגאַנגען און אויס'ן קול געזאָגט: „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם" (די ברכה, וואָס אַ

יוד זאָגט, ווען ער זעהט אַ מלך)...

דער פראַנצויזישער גענעראַל איז זעהר גערירט געוואָרען, דערזעהענדיג פאַר זיך דעם אַלטען יודישען רבי. ער איז אויך געווען גערירט פון דער שעהנער ברכה און, אַנשטאָט צו מאַכען דעם רב אַ פאָרוואורף פאַר דעם , וואָס ער האָט נישט דערלאָזט, מען זאָל מאַכען די פראַנצויזען אַ קבלת־פּנים, האָט ער נאָך איהם, ר' דוד'לען, גענומען בעטען, אַז אַזוי ווי ער, דער גענעראַל, געהט אין דער מלחמה אריין, זאָל ער איהם געבען אַ ברכה, אַז זיין האַר זאָל זיגען און דערפאַר וועט ער איהם גוט בעלוינען.

ר' דוד'ל לעלעווער האָט פערשטאַנען די כוונה פון גענעראַל און געענטפערט, אַז ער קאָן נאָר איהם פערזענליך בענטשען, אַז ער זאָל ניצול ווערען פון אַלע געפאַהרען און אַהיימקומען בשלום צו זיין ווייב און קינדער...

דער גענעראַל איז נישט געבליבען צופרידען פון דער דאָזיגער צווייד׳יטיגער ברכה. ער האָט דערפון געדרונגען, אַז דער רבי בענטשט איהם בלויז, געראַטעוועט צו ווערען פון דער מלחמה־געפאַהר, אָבער נישט מיט אַ נצחון. זעהענדיג אָבער די שוואַכקייט פון ר' דוד'ל לעלעווער. האָט דער גענעראַל אויסגעמיטען אַ לענגערען שמועס מיט איהם און זיך מיט איהם פריינדליך געזעגענט, צוועקלעגענדיג אויפ'ן טיש אַ נאָלדענעם הונדערט־פראַנק־שטיק אַלס פדיון.

ר' דוד'ל האָט אָבער געבעטען דעם גענעראַל, אַז ער זאָל די „מטבע" צוריקנעהמען, ער איז נישט נהנה פון אַזאַ געלד. דער העפליכער גענעראַל האָט אָבער דאָס געלד געלאָזט ליגען אויפ'ן טיש און איז צוזאַמען מיט זיין יודישען אַדיוטאַנט אַרויס פון הייזעל, וואו ר' דוד'ל האָט געוואוינט.

באַלד דערנאָך האָט דער גענעראַל פערלאָזט דאָס שטעדטעל, ציהענדיג ווייטער אויפ'ן שלאַכט־פעלד. דעם גאַנצען וועג האָט איהם געענבערט אין מוח ר' דוד'לס ברכה. וואו ער איז

נישט געשטאַנען און געגאַנגען, איז פאַר זיינע אויגן געשטאַנען די געשטאַלט פונ׳ם אַלטן הייליגן ייד. און אַזוי אָפט, ווי ער האָט זיך געפונען אין אַ סכנה, האָט ער זיך דערמאָנט אין ר׳ דוד׳לס ברכה און איז פון אַלע געפאַהרן ניצול געוואָרן.

נאָך דער מפּלה ביי דער בערעזינאַ, ווען די פראַנצויזן האָבן געמוזט מאַכן דעם פאַטאַלן צוריק־צוג, און דעם גענעראַלס אַרמעע איז אינגאַנצן אומגעקומען אין פראָסט און אין שניי, האָט דער גענעראַל גופא מיט זיינע האַלב־דערפרוי־רענע רעשטלעך זיך צוריקגעצויגן אויף דעם זעלבן וועג, אויף וועלכן ער איז אַהינגעגאַנגען, און מאַקע אויך אָבגעטרעטן צודיקוועגס אין לעלאָוו, וועלענדיג זיך זעהן מיט׳ן אַלטן געט־ליכן מענש, וואָס האָט פריהער איינגעזעהן מיט׳ן רוח־הקודש, אַז זיין האַר, נאַפּאָלעאָן, וועט נישט בעזיגן רוסלאַנד, און האָט דעריבער נאָר איהם אַליין געבענטשט, נישט גלויבענדיג אין אַן אַלגעמיינעם נצחון פון די פראַנצויזן. אָבער צו זיין גרויס בעדויערן, האָט מען איהם מער שוין נישט צוגעלאָזט צו ר׳ דוד׳ל לעלאָווער. ער איז דעמאָלט געווען געפעהרליך קראַנק.

דער גענעראַל האָט זיך בשום צעוויינט אויפ׳ן קול, דער־הערענדיג, אַז ר׳ דוד׳ל, זיין מושיע, איז אַזוי שווער קראַנק. אָבער ער האָט געמוזט ווי צמיכסטן די שטאָדט פערלאָזן, ווייל די רוסן האָבן נאָכגעיאָגט די פראַנצויזן מיט׳ן גאַנצן אימפּעט. —

נאָך מען האָט ר׳ דוד׳לען דערצעהלט, אַז ס׳איז ווידער געווען דער פראַנצויזישער גענעראַל, האָט ער צו זיינע מקורבים געזאָגט: וואָס האָט ער געוואָלט, דער פראַנצויז, מכּוח זיין רוסלאַנד? זאָל ער דאַנקען גאָט, אַז ער האָט בעוויזן צו ראַ־טעווען זיין אייגן לעבן...

וועגן ר׳ דוד׳לס בעגעגניש מיט דעם פראַנצויזישן גענעראַל איז אויך פאַראַן אַ צווייטע ווערסיע:

ווען די פראַנצויזן האָבן געהאַט בעזעצט פּוילן און

צלע וועגן זענען נעווען סע־לענט מיט וועלנער און טאבארען, האט זיך ר׳ דוד׳ל לעלעווער איינגעשטעלט ממש דאס לעבען און איז געלאפען קיין לובלין צום חוזה. אוים׳ן וועג האבען איהם די פראנצויזען פערהאלטען און געפיהרט צום גענעראל, זייענדיג חושד, אז ער איז א שפיאן.

אבער ווען דער גענעראל האט אויף ר׳ דוד׳לען דעם ערשטען קוק געטהון, איז ער בענייסטערט געווארען פון זיין הדרת־פנים און, דערוויסענדיג זיך, אז ער איז א הייליגער מענש, האט דער גענעראל ביי איהם געבעטען א ברכה. ר׳ דוד׳ל האט איהם טאקע געבענשט, אז ער זאל געזונר אהיימקומען צו זיין ווייב און קינדער, און דער גענעראל האט איהם מיט גרויס כבוד אבגעשיקט צוריק אהיים...

ג.

ר׳ דוד׳ל לעלעווער איז נפטר געווארען ז׳ שבט תקע״ד (1814) א יאהר פריער פון חוזה און קאזשעניצער מגיד, אין עלטער פון 63 יאהר.

פון זיינע דריי זיהן: ר׳ משה׳ל, ר׳ אבינדור און ר׳ נחמיה, איז דער עלטסטער ר׳ משה׳ל, דער איידעם פון יוד „הקדוש״ און רב אין פשעדבאזש, געווארען דער ממלא מקומו.

דער גאנצער עולם, וואס איז פריהער געפאהרען צו ר׳ דוד׳לען, האט גענומען פאהרען צו ר׳ משה׳לען. ר׳ משה׳לע האט נישט געריהט א גאנצען טאג פון דאווענען און לערנען. ער איז אויך געווען א גרויסער עניו. שטרעבענדיג צו שטאר־בען אין ארץ־ישראל, האט ער, אין עלטער פון 72 יאהר, פערלאזט לעלעוו און זיינע חסידים און זיך בעזעצט אין ירושלים.

דארט האט ער אינגאנצען געלעבט 72 טעג (חסידים זאגען כנגד זיינע 72 יאהר) און איז באלד נפטר געווארען.

דער עולם האט זיך באלד נאך זיין אוועקפאהרען איבער־געטראגען צום „תפארת שלמה״ אין ראדאמסק, אזוי האט ר׳

משה'ל זיי געהייסען טהון, בעת זיי האָבען איהם געפּרעגט מיט טרערען אין די אויגען, וואָס זיי זאָלען טהון איצט, ווען ער פערלאָזט זיי...

מיט איהם האָט זיך שוין די לעלעווער דינאַסטיע געענ־דיגט. ס'האָט שוין מעהר קיינער נישט פּרעטענדירט אויף דער „לעלעווער קרוין"...

אָבער צו ר' דוד'לס קבר, וואָס איז איינגעהילט אין אַ בּאַ"נ קווייטלעך און אַרומגענומען מיט אַ ווייסער מויער, פאָהרט נאָך ביז היינט צום יאָהרצייט אַ גרויסער עולם (ז' שבט) פון דער גאַנצער אומגעגענד מתפלל־זיין און אויסבעטען זיך ביי איהם ישועות ונחמות...

# דער ביאלער רבי, ר' בעריש

דער רבי ר' בעריש פון ביאלע איז געווען איינער פון די פיר גערעטענע זיהן פון דעם מתנגד'אישען רבי ר' אברהמ'ל פון משעכאנאוו, וועלכער איז נפטר געווארען ה' אדר תרל"ת.

און כאטש צו ר' אברהמ'ל משעכאנאווער איז געפאהרען א גרויסער עולם חסידים און לומדים, דאך זענען זיינע זיהן געווען מקורבים פון פרעמדע רביים, וואס זייער גרויסער פאטער האט עס נישט געקענט משיג זיין...

אזוי איז זיין זוהן ר' וואלף סטריקאווער געווען א פערברענ־טער קאצקער, דער רבי ר' בעריש — א שטארקער מקורב פון ר' איציק'ל ווארקער א. א. וו.

ווען ר' איציק'ל ווארקער איז נפטר געווארען, האט א גרוי־סער עולם געוואלט קרוינען ר' בעריש'ן אלס זיין ממלא מקום, אבער ער האט זיך מיט אלע כחות נעגען דעם געוועהרט און גע־הייסען ר' איציק'עלס זוהן, ר' מענדעלע'ן, צו בעשטימען אלס רבי אויף זיין פאטער'ס ארט.

דער עולם האט מאקע געטהון ווי ר' בעריש ביאלער האט געהייסען. און ער אליין איז געבליבען טריי דעם ווארקער הויף אזוי לאנג, ווי ר' מענדעלע האט געלעבט.

ר' בעריש פלעגט אבזיצען מיט ר' מענדעלע'ן גאנצע טעג און מיט איהם עוסק זיין אין חסידות און סתם הויבע זאכען. ביי

די שמועסען האָט מען קיינעם נישט צוגעלאָזט, און ווען ר׳ בעריש פלעגט פערלאָזען דאָס יחוד־שטיבעל פון ר׳ מענדעלע, איז ער געווען פלאַם פייער, פול מיט התלהבות.

זיי פלעגען צוזאַמען פאָהרען, צוזאַמען עסען, צוזאַמען זיך משמח זיין. די חסידים פלעגען דעריבער טאַקע זאָגען, אַז דער וואָרקער און ביאַלער זענען איין נשמה אין צוויי קערפער׳ס.

מען דערצעהלט, אַז אַמאָל פּורים אין דער סעודה־נאַכט זענען די צוויי גרויסע יודען געזעסען צוזאַמען אין התבודדות־שטיבעל בייב טיש, שעה׳ן לאַנג זיך אָנגעקוקט און קיין וואָרט פון זייער מויל נישט ארויסגעלאָזט. אַמטמאָל האָבען זיי זיך אויפגעשטעלט און ארומגענומען, אריינטאַנצענדיג צום עולם, וועל־כער האָט שוין אויף זיי געוואַרט, און שעה׳ן לאַנג מיט דעם עולם געטאַנצט און געזונגען...

און ווען ר׳ מענדעלע וואָרקער איז נפטר געוואָרען (תרכ״ה) איז דורכ׳ן עולם געוואָרען געקרוינט נאָכאַמאָל אונזער ר׳ בעריש ביאַלער. דאָס מאָל האָט ער שוין דעם עולם צוליב־געטהון און איז געוואָרען רבי ביים לעבען פון זיין פאָטער ר׳ אברהם׳לע טשעכאַנאָווער...

דער רבי ר׳ יחיאל פון אלעקסאַנדער, ר׳ שמעו׳לע סקיערניע־וויצער און אַנדערע גרויסע רבנים זענען געוואָרען שטענדיגע יושבים ביים רבי׳ן ר׳ בעריש ביאַלער.

דער רבי ר׳ בעריש איז געווען אַ׳אָריגינעלער טיפּ.

ער איז געווען אַ גרויסער למדן. דער רבי ר׳ בעריש ביאַלער האָט זיך אויך אונטערשיידעט פון די אַנדערע פּוילישע גוטע יודען מיט דעם, וואָס ער פלעגט דאַווענען „השכמה״ נישט אויסעג־וועניג נאָר פון די ארי־הקדוש׳ס סידור און די גאַנצע צייט פון דאַווענען פלעגט ער נישט ארויסקוקען פון דעם סידור.

מערקווירדיג איז דאָס, וואָס דער רבי ר׳ בעריש ביאַלער האָט נאָך זיין גרויסען פאָטער׳ס פּטירה נישט געזאָגט קדיש נאָרמאַל, נאָר מיט גרויסע אונטערברעכונגען...

דערבאַר איז ער געזעסן יומם ולילה און געלערנט שיעור מיט יונגעלייט. קוים האָט א חסיד איבערגעטרעטן זיין שוועל, האָט ער באַלד איהם געפרעגט, וואָס ער האָט געלערנט און וואָס ער האָט אין לערנען מחדש געווען. און ווען ס'איז דעם רבי'ן געפעלען דער „חידוש" פון זיין חסיד, האָט ער איהם ערשט דאַן געגעבען שלום.

גישט אַלע חסידים האָבען זיך געקענט ענטשליסען דורכצוגעהן אזא שווערע פּראָצעדור און ביישטעהען דעם נסיון. דעריבער האָבען זיך טאָקע אַרום דעם ביאַלער גרופּירט בלויז לומדים.

ביי ר' בעריש'ן האָט מען אָבער אויך ליב געהאַט א ביסעל משקה, וואָס מען האָט אויך נישט פיינד געהאַט אין וואָרקע. אגב, דער פאָטער זיינער, ר' אברהם'לע משעכאָנאָווער, האָט א גאַנץ יאָהר נישט אריינגענומען אין זיין מויל קיין טראָפּען בראָנפען, צוליב דעם, וואָס די גמרא זאָגט, בשלשה דברים ניכר אדם, ביי דריי זאַכען קאָן מען א מענשען דערקענען: בכוסו, בכיסו ובכעסו, ביים טרינקען, ביי געלד און אין כעס. פון די אַלע דריי שלעכטע מידות איז ער, דער משעכאָנאָווער צדיק, געווען אָבגעהיט.

בלויז פורים ביי דער סעודה האָט דער משעכאָנאָווער זיך אָנגעגאָסען זיין זילבערנעם קידוש-בעכער מיט בראָנפען און מיט גרויס כונה און מיט א געהויבענער שטים געזאָגט: „הריני מוכן ומזומן לקיים מצות-עשה מדברי סופרים, חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע בין ארור המן וברוך מרדכי, לשם יחוד קב"ה ושכינתי' וכו' מאכענדיג דאַן א „שהכל", האָט ער אויסגעטרונקען דאָס רוב כוס און אזוי לאַנג געזונגען, ביז ער איז איינגעשלאָפען געוואָרען..

דער זוהן זיינער ר' בעריש האָט גענומען יעדען טאָג, איידער ער האָט זיך גענומען לערנען דעם שיעור זיך מאַכען קוראַזש מיט א "ברויטען „לחיים"...

מען דערצעהלט, אז אַנומעלט האָבען משעכאָנאָווער חסידים פער'מסר'ט ר' בעריש'ן פאַר זיין פאָטער, אז ער איז מבטל פון

לערנען צוליב די „קידושים", וואס מען מאכט ביי איהם זעהר אפט.

האט דער טשעכאנאווער תיכף ארויסגעשיקט א שליח מיוחד צו ר' בעריש'ן אז ער זאל תיכף קומען צו איהם ווענען א וויכטיגען ענין, מיט דעם מיין, אז ער וועט איהם דערפאר אויס'מוסר'ן...

ס'איז אבער געווען אנדערש. שמועסענדיג מיט איהם אין לערנען האט דער טשעכאנאווער געהייסען דער רבי'צין, אז זי זאל מכבד זיין דעם זוהן מיט בראנפען און געבען איהם א צוביים א געבראטען לעבער'ל, זאגענדיג דערביי צו איהר: אונזער בעריש'ל גערט, חלילה, נישט ארום פועל־בטל... און ער האט זיך מאקע ווארים, פאטערליך געזעגענט...

די חסידישע לעגענדע דערצעהלט אויך, אז אויף דער חתונה פון ר' מענדעלע וואַרקער'ס א זוהן האבען ביידע ברודער, דער ווארקער און דער אמשינאווער, געטאנצט דאס מצוה־טענצעל, דערביי האט דער אמשינאווער ארומגענומען מיט דער האנד דעם ווארקער. האט דאס שטאַרק פערדראָסען דעם רבי ר' בעריש און ער האט, שרייענדיג צום אמשינאווער: „דרך ארץ!", מיט כח אראבגענומען דעם אמשינאווער'ס האנד פון ר' מענדעלע'ס אקסעל. אין דעם מאמענט איז ר' בעריש'ן אויפ'ן ארם די רעכטע האנד פאראליזירט געווארען...

די אמשינאווער האבען עס אויסגעטייטשט, אז בעריש איז נענש געווארען פון הימעל פאר'ן מבייש זיין דעם אמשינאווער.

דער דאזיגער פאראליזש האט ר' בעריש'ן מקצר־ימים געווען און ער איז אין עלטער פון 56 יאהר נסתלק געווארען כ"ה סיון תרל"ו, א יאהר נאך זיין פאטער'ס פטירה.

דער היינטיגער זגיערזשער רבי, דער רבי ר' מענדעלע איז געווארען דער ממלא מקום נאך זיין פאטער.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויך דערמאהנען א מעשה, וואס האט פאסירט מיט אנ'אייניקעל פון ר' אברהם'עלע טשעכאנאווער. די מעשה איז פערשריבען געווען אין חברה קדישא

פנקס פון שטעדטעל ראָספּשע נעבען פּיעטריקאָוו. דער פּנקס איז פארברענט געוואָרען בעת דער גרויסער שרפה ערב ראש־השנה תרפ״ח (1928).

דאָרט (זייט מ״ב) איז געווען פארשריבען פאָלגענדעס:

הרב התריף מו״ה חיים מענדעל, דער זוהן פון הרב הגאון המנוח פון טשעבאַנאָוו, איז געוואָרען אויפגענומען אלס רב אין ראָספּשע.

האָבען איהם זיינע געגנער, א פּאָטער מיט א זוהן אָבגע׳מסר׳ט פאַר דעם פּאָוויאַטאָווע נאַטשעלניק אין פּיעטריקאָוו, אַז ער איז א פריינד פון די פּאָליאַקען און אַנ׳אָנהענגער פון פּוילישען „בונט״ געגען דעם רוסישען מלכות.

נאָכדעם ווי דער דאָזיגער נאַטשעלניק האָט דורכגעפיהרט א חקירה־ודרישה און די צוויי יודען האָבען בעשטעטיגט זייער מסירה, איז דער רב געוואָרען פאַראורטיילט צו פערלאָזען ראָספּשע.

אזוי ווי יענע מוסרים האָבען אויך אין איינוועגס אָבגע׳מסר׳ט די דאָזאָרעס, אַז זיי זענען יר־אַחת מיט דעם רב, זענען זיי דער־פאַר מיט דער הסכמה פון דער גאַנצער חברה קדישא אויף אייביג אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער חברה, צו וועלכער זיי האָבען אויך אָנגעהערט, מיט דער בעמערקונג, אַז ווען ס׳וועט קומען זייער „צייט״, זאָל מען געדענקען ווי זיך מיט זיי נוהג צו זיין.

ר׳ חיים מענדעל לאַנדוי האָט טאַקע באַלד פערלאָזט דאָס ראָספּישער כסא־הרבנות, אָבער נאָכ׳ן פערטרייבען איהם איז דאָס גאַנצע שטעדטעל אָבגעברענט געוואָרען.

דער עולם האָט דאָס אומגליק בעטראַכט אַלס עונש פאַר דעם מבייש זיין דעם רב...

# די ראדאמסקער דינאסטיע

### א.

די ראדאמסקער דינאסטיע מיט דעם „תפארת שלמה" אין דער שפיץ, איז אזוי אלט ווי די יודישע קהלה אין ראדאמסק, קויב הונדערט יאהר.

יודען האבען נישט געטארט וואוינען אין ראדאמסק, אזא פריווילעגיע האט אויך די שטאדט געהאט פון קעניג וולאדיס־לאוו דעם פיערטען פון יאהר 1643, וואס איז חל געווען ביז דעם יאהר 1862. האבען זיך די יודען בעזעצט אויף די פעלדער ארום דער שטאדט, בעזונדערס האט זיך געשאפען א „תחום־מושב" פון יודען אויף דעם בוגאי, וואס איז געווען א פארשטאדט אבגעטיילט פון „מקום" דורך א טויער מיט א שלאבאן ביי דער בריק.

די ערשטע יודישע איינוואוינער זענען בעשטאנען פון צוגערייזטע פון דער ארימער געגענד. דאן האט די רוסישע מאכט צוריקגעשיקט אויף סטאלע „פאביט" יודען פאר פער־שידענע פארברעכענס, וועלכע האבען געמוזט אין „תחום המושב" וואוינען.

ערשט אין יאהר 1832 האבען זיך די דארטיגע יודען, וואס האבען פריהער אנגעהערט צו דער קהלה אין פשעדבאזש, אויסגעפועלט ביי דער אדמיניסטראטיווע מאכט, 8 זעלבסט־

שטענדיגע קהלה מיט אַן אייגענעם בית־החיים. ביז דעמאָלט פלעגען די ראַדאָמסקער יודען קובר זיין זייערע מתים אין סולמיערזשיץ.

אין יאָהר 1834 האָבען זיי פערבעטען אַלס מרא־דאתרא דעם רבי ר׳ שלמה׳לע פון וולאָשטשאָווע, ר׳ הירש וולאָשטשאָ־ווער׳ס זוהן. ער איז געווען דער ערשטער רב אין ראַדאָמסק און האָט בעקומען גאַנצע פופצעהן גילדען (6 רובעל) א וואָך פענסיע.

אין רבנות־בריף האָט זיך ר׳ שלמה׳לע אויסגע־רעדט מיט די בעלי־בתים, אַז זיין גיטעלע, די רבי׳צין, זאָל מעגען אויך האַנדלען און האָבען אַ קלייט. ער האָט נישט גע־וואָלט זיין אָבהענגיג אין גאַנצען פון די בעלי־בתים זיינע...

אין וולאָשטשאָווע האָט די רבי׳צין אויך געהאַט א קליי־טעל, אָבער נישט האָבענדיג קיין גרויס הצלחה אין האַנדעל, האָט ר׳ מאיר׳ל אַפּטער און דער „מאָגילניצער" צוגערעדט ר׳ שלמה׳לען, אַז ער זאָל אָננעמען אין ראַדאָמסק דאָס כסא הרבנות, באַטש די שטאָדט איז געווען קליין.

און די רבי׳צין האָט זיך געעפענט אין ראַדאָמסק א שניט־געוועלב צוהעלפענדיג דעם מאַן, דעם רב, אין דער פרנסה, אָבער די ראַדאָמסקער האָט נישט געשמעקט דער רבי׳צינס קאָנקורענץ...

פאַר דער צייט פון ר׳ שלמה׳לען, דער מחבר פון „תפארת שלמה", א ספר אויף תורה, איז ראַדאָמסק געוואַקסען הן אין אַנזעהן און רייכטום הן אין יודען. אָבער דער „תפארת שלמה" איז נישט שטאַרק צופרידען געווען פון זיינע בעלי־בתים. זייענדיג אָבער שטאַרק אָנגעזעהן אין די לומדישע און תלמודישע קרייזען, האָבען איהם די רביים געקרוינט אַלס רבי און דערפון אָנגעהויבען ציהען היונה פאַר זיין הויזגעזונד.

דער „חידושי הרי"ם", ר׳ חיים צאַנזער און נאָך אַזעלכע גדולים, האָבען איהם שטאַרק מחזק געווען, און ר׳ משה לע־

לעווער האט פאר זיין אבפאהרען קיין ארץ־ישראל, געהייסען זיין עולם פאהרען קיין ראדאמסק.

תחילת האט אויך דער „תפארת שלמה" געהאט א סך אויסצושטעהן פון די „קאצקער" פון ר' דוד'לעס חדר, אבער באלד זענען זיינע גרעסטע מתנגדים און שונאים געווארען זיינע בעסטע פריינד און אנהענגער'ס. דער „תפארת שלמה" האט זיי אלע מנצח געווען מיט זיין גרויס צדקות, לומדות און חסידות...

דער גרויסער פוילישער גאון, דער „חידושי הרי"ם, האט זיך שטארק גע'חבר'ט מיט דעם „תפארת שלמה". ער פלעגט זיין עולם שיקען צו איהם על כל צרה שלא תבא, אז דער „תפארת שלמה זאל מיט זיינע תפילות אויספועל'ן אין הימעל ישועות און נחמות פאר יודען...

ב.

ער „תפארת שלמה" האט שוין אלס בחור, לערנענדיג אין דער פיעטריקאווער ישיבה, שטארק גע'שמ'ט אלס גרויסער עילוי. צו דרייצעהן יאהר האט ער שוין געקענט אויסענווענדיג דעם גאנצען „אורים ותומים" פון ר' יהונתן אייבעשיץ און צליין געשריבען „חידושים".

ער פלעגט זיך אבער אויך שטארק פערטיפען אין די קבלה־ספרים ביינאכט ווען ער איז פערבליבען ביחידות אין בית־המדרש און עוסק זיין אין חסידות.

מאכט זיך א מעשה: שטעהענדיג אמאל אזוי פערטיפט ביים פענסטער פון דער מזרח־וואנד פון בית־המדרש, וואס געהט ארויס צום אלטען בית־החיים און לערנענדיג זוהר, האט זיך איהם שטארק פערבענקט און עס איז איהם געווארען קאלא־מוטנע אויפ'ן הארץ. האט דער „תפארת שלמה" ארויסגענומען דעם שופר פון בעלעמער און אנגעהויבען בלאזען כסדר „תקיעות".

מווזענדער מענשען פלעגען בעלאגערען זיין בית־המדרש

אין ראַדאָמסק, זובענדיג ביי איהם הילף, און דער „תפארת שלמה" פלעגט זיך אויף יעדען שטאַרק אָנ'בעס'ן און טיול־מאַהל זאָגאָה מיט די הענט אָבשטופּען פון זיך דעם עולם און זיי געשאָלטען, האָט דער עולם געשטורעמט זיינע טיהרען און זיינע קללות האָבען חסידים געהאַלטען פאַר ברכות, און מיט זיינע קלעפּ האָט ער אַראָבגענומען גזירות, וואָס זענען געהאָנ־גען איבער די קעפּ און מען איז מאַקע געהאָלפען געוואָרען.

פּלוצלונג דערוועהט ער — אַזוי וועדט דערציעהלט — ווי מתים אין די תכריכים בעלאַגערען דאָס פענסטער, וואו ער איז געשטאַנען און שרייען צו איהם, צי דאָס איז שוין דער קול־שופר פון משיח'ן און פון תחית המתים. האָט זיך דער „תפארת שלמה" פון דעם חזיון שטאַרק דערשראָקען און אוועק־וואַרפענדיג דעם שופר האָט ער תיכף פערלאָזט דאָס בית־המדרש און געלאָפען וואו די אויגען האָבען איהם געטראָגען. און די מתים האָבען, געזאָגט, געמוזט צוריקגיין אין זייער רוה אַריין.

דער „ברית אברהם", ביי וועלכען ער האָט געלערענט, האָט איהם שטאַרק אָנגענומען'ט דערפאַר, וואָס ער נימט זיך אָב מיט חסידות, אַנשטאָט מיט תלמוד און מפרשים.

אָבער דער „תפארת שלמה" איז זיך ווייטער נעגאַנגען זיין אויסגעטרעטענעם וועג און ווען ער איז רבי געוואָרען האָט ער — דערציעהלען די חסידים — ממש מחיה־מתים געווען און אַנדערע גרויסע מופתים געוויזען.

נישט ווייניג האָט געהאַט דער „תפארת שלמה" צו איבער־טראָגען אין דער צייט פון אויפשטאַנד אין יאָהר 1863.

די יודען האָבען זיך געפונען צווישען צוויי פייערען, וואָס א מינוט זענען געקומען אַנדערע מענשען צו לויפען און האָבען ביים רבי'ן מרעיש עולם געווען. דאָ האָבען די קאָזאַקען געכאַפּט א יוד און געפיהרט צו דער תליה, דאָ ווילען די פּאָוו־סטאַנצעס א יוד אויפהענגען אָהן א פּראָוואָס א.א.וו. א.א.וו.

און דער „תפארת שלמה" האט א סך אבגעראטעוועט פון טויט.

און ווען די פאוסטאנצעס האבען פערנומען אין פלאווגע דעם דארטיגען יודישען גוטס - בעזיצער, האבען די קרובים געמאכט אין רבי'נס בית־מדרש א גרויסען רעש און נישט געוואלט פון דארט אבטרעטען.

האט זיך דער „תפארת שלמה" אויך אויף זיי שטארק אנגעבייזערט, ווי זיין טבע איז שוין געווען, און געהייסען זיי אהייםפאהרען. ווארום עס וועט נאר אויסגעהען צו געלד און דאס געלד וועט נישט זיין פערפאלען

האבען די קינדער געהארכט דעם רבי'ן און אויסגעקויפט זייער פאטער פאר 8 טויזענד רוכל.

דער פריץ, וואס האט אנגעפיהרט מיט דער דאזיגער גרופע פאוסטאנצעס, דערוויסענדיג זיך, אז דאס געלד האט געהייסען געבען דער ראדאמסקער „פראראק", וועלכען ער האט געקענט און נישט איינמאל זיך ביי איהם אויך מזכיר געווען דורך זיין יודישען פאכטער, האט ער דאס געלד נים איבערגעגעבען דעם רעוואלוציאנערען קאמיטעט, נאר ער האט עס ארייגגעלעגט אין א קאנווערט און פערקלעבט. דאן האט ער אנגעשריבען פון וועמען ער האט דאס געלד ערהאלטען און וויפיעל דא ליגט און עס בעהאלטען ביי זיך אין דער היים אין א שופלאד לזכרון,

פלוצים איז בעפאלען דעם פריץ'ס וואוינונג דער גענעראל ברעטזען, וואס האט אין יענער געגענד אפערירט מיט דעם גענעראל וואנגער'ס קאזאקען, און מאכענדיג דארט א רעוויזיע האט ער געפונען די קאנווערט מיט דעם געלד און אויפשריפט.

דער גענעראל ברעטזען האט תיכף געהייסען צו זיך ברענגען דעם יודישען גוט־בעזיצער פון פלאווגע, וואס האט פיגורירט אויף דעם קאנווערט.

איז מען ווידער געלאפען קיין ראדאמסק, און דער „תפארת שלמה" בעס'ט זיך ווידער אויף די קינדער און הייסט זיי תיכף

זיך לאָזען צום גענעראַל אָבנעהמען דאָס געלד.

דער גענעראַל, דערוויסענדיג זיך, אז דאָס געלד האָט דער רבי געהייסען געבען די פּאָסטאַנצעם דערמיט אויסצולייזען דעם פאָטער זייערען, און נישט־וועלענדיג זיך איינרייסען מיט דעם רבי'ן, װענען װעלכען ער האָט זיך א סך אָנגעהערט, האָט בעפרייט דעם פּלאָווגער נביר און איהם צוריקגעגעבען דאָס גאַנצע געלד.

דערמיט האָט זיך פערווירקליכט דעם „תפארת־שלמה'ס" צוזאָג...

ב.

אין ראַדאָמסק גופא האָט זיך דער „תפארת שלמה" אויך שטאַרק פּעראינטערעסירט מיט דער היימישער בעפעלקערונג. האָט מען געברויכט יודען אויסלייזען פון די זעלנער איז ער גע־גאַנגען מיט ר' טוביה זיין גבאי מבית לבית צונויפצונעהמען געלד אויף פדיון שבויים און ווינטער ווידער אויף האָלץ פאַר די אָרימע. אויף פּסח — קמחא דפּסחא, פאַר אָרימע קראַנקע א. אז. וו.

אָבער דער „תפארת שלמה" האָט זיך אָקעגענגעשטעלט יע־דע, וואָס זאָל נישט זיין גייאינקיים, וואָס איז אויפגעקומען ביי יודען אין דער שטאָדט, אפילו אין דער מאָדע פון דער דאַמען־וועלט האָט ער זיך געמישט און געשטערט מיט זיין גאַנצער ענערגיע און כעס...

ער האָט גע'אסר'ט און מהרים געווען די „מאָדע" פון די „קרינאָלינעס", וואָס זענען אויפגעקומען אין יאָהר 1862, אז די יודישע פרויען זאָלען עס נישט טראָגען. און ווען ס'האָט זיך א גבירויש ווייבעל אין ראַדאָמסק, נישט קוקענדיג אויף דעם רבי'נס איסור, ערלויבט צו בעוויזען זיך אין דער גאָס אין א „קרינאָלינע", האָט איהר שוין דאַן קיין צרות נישט געפעהלט— דער „תפארת שלמה" האָט זי אין אכת'ן פערשאָלטען און ס'איז אויך מקוים געוואָרען. די קינדער זענען העמועלבען יאָהר רחמנא

לצלן אוועקגעשטאַרבען, אַזוי ווערט דערצעהלט אין די חסידישע מעשה־ביכלעך. ותגען דער מחלוקה, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם ראַדאָמסקער פּראָפּינאַטאָר, איז דאָך אַ בעוואוסטע זאַך. דער „תפארת שלמה" איז בכבודו ובעצמו צו איהם געגאַנגען ווע־גען אַ נדבה אויף פדיון שבויים, האָט דער פּראָפּינאַטאָר נישט געוואָלט געבען אַזוי פיל, וויפיל דער רבי האָט זיך געהייסען פון איהם געבען און דעריבער האָט ער דאָס געלד נישט געוואָלט געהמען. האָט דער פּראָפּינאַטאָר געדראָהט דעם „תפארת שלמה", אַז ער וועט איהם מסר'ן, אַז ער בעפרייט יודען פון מיליטער. מעהר האָט ער נישט געברויכט. ביים פּראָפּינאַטאָר, וואָס איז געווען אַ גרויסער גביר, האָט מען שפּעטער אוועקגענומען די פּראָפּינאַציע, ווייל יודען האָבען איהם בּאָיקאָטירט און ער איז געוואָרען אַ פּשוט'ער בעטלער. דער רבי האָט איהם פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט מוחל זיין דאָס דראָהען מיט מסירה. ער האָט נישט געהאַלטען פון דעם, אַז דער גרעסטער העלד איז דער, וואָס קאָן מוחל זיין...

בכלל האָט דער „תפארת שלמה" געטראָגען אַ בייז האַרץ אויף די אַזוי־גערופענע ראַדאָמסקער „פּאָביטניקעס" און אויף דער „הפקר־שטאָדט".

ער האָט די שנאת מיטגענומען אין זיין קבר אַריין.

דער „תפארת שלמה" איז נפטר געוואָרען ערב ראש חודש ניסן תרכ"ו (1866) אין עלטער פון 63 יאָהר (געבוירען אין וולאַשטשאָווע אין יאָהר תקס"ג), זייענדיג 32 יאָהר מרא דאתרא אין ראַדאָמסק.

אַכט טעג פריהער (מוצאי שבת כ"ג אדר) איז נפטר גע־וואָרען דער „חדושי הרי"ם", זאָגענדיג פאַר'ן טויט, אַז פרייטאָג וועט מען האָבען אין הימעל אַ טייערען „בעל תפילה" צו קבלת שבת. דאָס האָט ער געמיינט דערמיט דעם „תפארת שלמה", וועלכער איז געווען אויך אַ גרויסער בעל מנגן. אַ צווייטע ווער־סיע דערצעהלט, אַז געוואָהר ווערענדיג, אַז דער „חדושי הרי"ם"

איז נפטר געוואָרען, האָט דער „תפארת שלמה" געוואָלט זאָגען
פערלעגענדיג די הענד, אז לכבוד דעם גאַסט וועט מען אודאי
מיך ארויפבעטען מקבל שבת זיין אין הימעל. אין א האלבער
שעה נאָכדעם איז דער גרויסער „כהן לאל עליון" נסתלק געוואָ־
רען.

פון זיינע זעקס זיהן האָט ממלא מקומו געווען דער גרויסער
מעורב בין תבריות דער רבי ר' אברהם'עלע („חסד אברהם"),
וועלכער איז אויך שטאַרק געשעצט געוואָרען פון אלע. ער איז
נפטר געוואָרען י"ג אלול תרנ"א (1891). זיין זוהן ר' יחזקאלע,
דער אזוי־גערופענער „כנסת יחזקאל", וועלכער האָט גע'ירשנ'ט
דאָס כסא הרבנות נאָך זיין גרויסען פאָטער, איז געשטאָרבען
יונגערהייד (ח"י חשון תרע"א — 1911).

אין איין אוהל זענען זיי אלע, די דריי דורות, צו קבורה
געקומען. דערנעבען ווייטער געפינט זיך דאָס קבר פון דער
רבי'צין ניטעלע, דעם „תפארת שלמה'ס" ווייב. זי איז געשטאָר־
בען כ' אלול תרנ"ב אין עלטער פון 92 יאָהר. זי האָט געפאַסט
יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג.

מען דערצעהלט, אז איינמאָל איז ניטעלע די רבי'צין
ס־אַנק געוואָ־ען נאָך בחייו פון „תפארת שלמה", האָט ער
מתפלל געווען פאַר איהר געזונד, זאָגענדיג: „רבונו של עולם,
אזוי פיל פריצים האָבען גרויסע „גיטער" און דו לאָזט זיי צו־
רוה, און איך האָב נאָר א קליין „גיטעלע" לאָז זי אויך צורוהה";
און מיט דער דאָזיגער תפילה האָט דער „תפארת שלמה" אויס־
געבעטען פאַר זיין ווייב אריכת ימים, זי האָט נישט מעהר גע־
קרענקט זינט דאַמאָלס...

און פון דער דאָזיגער צדיקות איז ארויסגעוואַקסען א גרויס
דור פון רבנים און רביים אין פוילען. און דער היינטיגער ראַ־
דאָמסקער רבי ר' שלמה'לע ראַבינאָוויטש אין סאָסנאָוויצע איז
שוין דער פיערטער דור פון דער „ראַדאָמסקער דינאַסטיע",
וועלכע ווערט בעטראַכט אלס די דריטע אָנגעזעהענסטע פון די

היינטיגע רבי'שע דינאַסטיעס אין פּוילען (גער, אַלעקסאַנדער און דאַראָמסק).

דער רבי ר' שלמה'לע, אַ מוליאַנער, איז מחזיק עטליכע ישיבות אין פּוילען מיט זיין געלד און איז אויך אַ גרויסער מכניס אורח. די געשעפטען טראָגען דערויף...

—•—

פון די פיל לעגענדעס, מיט וועלכע די חסידישע וועלט האָט געקרוינט די „ראַדאָמסקער דינאַסטיע" וויל איך נאָר פאָלגענדעס איבערגעבען:

דער „תפארת שלמה" פלעגט פאָהרען צו דער יאָהרצייט פון דעם רבי ר' אלימלך קיין ליזענסק. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ כהן, האָט ער זיך שטענדיג אָבגעשטעלט אויף אַ שטיקעל פעלד נעבען בית-עלמין. וואָס האָט זיך געפונען גענענאיבער דעם היילינגען קבר און דאָרט לערנען און מתפלל זיין. דער פּויער, צו וועמען דאָס שטיקעל ערד האָט אָנגעהערט, האָט געהאַלטען פאַר אַ זכיה, אַז זיין פעלד ווערט געבענטשט פון אַזאַ פרומען און געטליכען מאַן, פאַר וועלכען ער האָט גרויס דרך-ארץ געהאַט.

האָט דער פּויער דעריבער דאָס שטיקעל פעלד נישט מער פעראַקערט און פערזייהט, אַזוי הייליג האָט ער עס געהאַלטען. אָבער אויף דעם פעלד זענען אַרויסגעוואַקסען עטליכע נוס-בוימער, אותמיר וועמענס שאָטען דער „תפארת שלמה" פלעגט לערנען און מתפלל זיין, וועלכע האָבען נושא פירות געווען אַזוי פיל, וואָס האָט געקענט דעם פּויער אויסהאַלטען אַ גאַנץ יאָהר.

די דאָזיגע נוס-בוימער זאָלען נאָך שטעהען ביז היינטיגען טאָג אויף יענעם שטיקעל פעלד און זענען נושא פירות לרוב... דער „תפארת שלמה" האָט זיי געבענטשט...

# דער ריזשינער

א.

אויף דעם ריזשינער צדיק ר' ישראל'משע פרידמאַן, דער זיידע פון דעם ערשט נישט לאַנג פערשטאָרבענעם טשאָרט־קאָווער רבי, האָט מען געמאַכט אַ שרעקליך בלבול, צוליעב וואָס עס איז געגען איהם פערפיהרט געוואָרען אַ פּראָצעס, וואָס האָט גורם געווען, אַז ער האָט געמוזט עוקר זיין פון רוס־לאַנד און זיך בעזעצען אין בוקאָווינע.

די מעשה איז געווען אָט אַזוי:

ווערענדיג דער ממלא מקומו נאָך זיין פערשטאָרבענעם קינדערלאָזען ברודער ר' אברהם'משע, האָט ער שטאַרק אויס־גענומען אין דער וועלט מיט זיין התנהגות און גדלות און מען איז צו איהם געפאָהרען פון אַלע עקען וועלט, בעשיטענדיג איהם ממש מיט געלד און זילבער.

האָט ער זיך אויפגעבויט אין ריזשין אַ כ׳־אַכטפּולען פּאַ־לאַץ פול מיט לוקסוס, מעשה פירשט, און איז אויך ארויסגע־פאָהרען אין אַ טייערען עקיפּאַזש איינגעשפּאַנט מיט פיער שניי־ווייסע שימעלס אין בעגלייטונג פון בעדינערס א. אַ. וו.

גאָר מיש איז געווען אפילו אין אַ געוועהנליכען טאָג סערווירט פירשטליך מיט טייערע מאכלים און משקאות און אַ קאַפּעליע פלעגט שפּיעלען ביים טיטאָג; אין אַ יומא דפגרא

אויך אין אוצער, און נאך אנדערע גרויסע תענוגים פלעגט ער זיך אנטהון, אפילו האסען האלץ איז אויך ביי איהם געווען א תענוג.

זיינע חסידים זענען געווען פון איין זייט גרויסע לומדים און פון דער צווייטער זייט גרויסע מאגנאטען, וואס פלעגען זיך שואל עצה זיין מיט דעם „ריזשינער", אפילו רוסישע פירשטען און אנדערע גרויסע לייט זענען ווענען פאמיליע־ענינים אדער געשעפטליך צו איהם געפאהרען. אזוי האט דער ריזשינער געפיהרט זיין רבי'סטווא ביז רמה גאנצע צוואנציג יאהר, אבער מיט זיין פירשטליך לעבען און עשירות האט ער אויפגעריסען די אויגען פון דער רוסישער ממשלה, וועלכע האט אויף איהם געקוקט שטארק פערדעכטיג, אבווארטענדיג נאר א גינסטיגען מאמענט, כדי מיט איהם זיך אבצורעכענען...

עס האבען זיך מאסע באלד געטראפען אזעלכע, וואס האבען אויף דעם ריזשינער מלשין געווען, אז ער פיהרט זיך ווי א מלך ביי יודען און אויך די יודען בעטראכטען איהם אלס קעניג און בעשיטען איהם מיט גאלד אהן א שיעור.

מעהר האט מען נישט געברויכט און די רוסישע מאכט האט זיך גענומען דעם גרויסען צדיק צו פערפאלגען און צו דודפ'ן...

מאכט זיך גראד א מעשה,אז אין שטעדטלע דונאאיווייץ איז נע'הרג'עט געווארען א משומד א מסור, האבען זיינע חברים, אויך מוסרים, צוגעטראגען צו דער מאכט, אז דער ריזשינער רבי האט איהם געהייסען הרג'ענען, וואס זיינע חסידים האבען אויסגעפיהרט.

דער דאזיגער פאלשער בלבול האט דעם ריזשינער גורם געווען גרויסע צרות און פיין. די מאכט האט דעם ריזשינער אהן שום טענה ומענה באלד אריינגעזעצט אין דער תפיסה (תקצ"ח), ווען ער איז אלט געווען פערציג יאהר.

אין דער תפיסה האט מען איהם אנגעטהון געברענטע

צרות און ליידען. מען האט קיינעם צו איהם נישט אריינ־
געלאזט און מיט קיינעם האט ער זיך נישט געטארט זעהן.
דער ריזשינער פלעגט גאנצע טעג אין דער איינזאמער קאמער
מתפלל זיין און אבהאלטען סגופים און תעניתים, אבער ער
האט נישט געבויגען זיין שטאלץ און קאפ פאר קיינעם.
זיין בטחון צו גאט איז געווען אין לשער און דאס האט איהם
פערלייכטערט צו איבערטראגען זיינע שווערע ליידען און
שמערצען.

עס האבען נישט געהאלפען די גרויסע און איינפלוס־
רייכע השתדלות'ן פון די גרעסטע לייט ביי דער צענטראל־
מאכט. און נישט דאס פערמעגען פון ריזשינער'ס מחותן,
ר' יעקב יוסף האלפערן פון קיעוו, וואס ער האט מפקיר
געווען צו בעפרייען דעם ריזשינער פון געפענגעניש. מען
האט איהם געהאלטען גאנצע צוויי און צוואנציג חדשים אין
דער קרעמעניצער תפיסה. ערשט דאן איז ער ארויס צובראָ־
כען און קראנק און געמוזט צוזאגען, אז ער וועט נישט פראַ־
ווען קיין רבי'סטווע. און כאטש די מאכט האט זיך איבערציינגט
אין זיין אונשולד, אז די גאנצע מעשה איז א בלבול פון משומדים,
האט מען איהם געשטעלט אונטער דער השגחה פון פאליציי.

האט ר' ישראל'טשע מעהר נישט געקאנט פערבלייבען
אין ריזשין צוליעב די שיקאנעס פון דעם קיעווער גובערנאַ־
טאר און ער האט זיך איבערגעטראגען קיין קישיניעוו, אבער
די צענטראל־מאכט האט געפלאנט דעם ריזשינער אינגאנצען
צו פערטרייבען פון די יודישע ישובים צוליעב דעם, וואס
מוסרים האבען ווייטער צוגעטראגען צו דער מאכט רכילות
און מלשינות, אז די יודען האלטען איהם און ער אליין האלט
זיך פאר א „מלך משיח"...

דערוויסענדיג זיך דערפון, האבען זיינע גביר'ישע חסידים

איבערגעקויפט דעם קישיניעווער גובערנאטאר און ער האט דעם ריזשינער ארויסגעגעבן אג'אויסלענדישען פאס און ר' ישראל'טשע האט צוזאמען מיט זיינע צוויי געשוואוירענע גבאים אין געהיים פערלאזט ריזשין אין דער פינסטערניש פון א סוף חודש־נאכט און אריבערקומענדיג בשלום מיט גרוים שרעק די גרעניץ, האט ער זיך בעזעצט אין דער רומענישער שטאדט יאסי בסוד סודות...

ב.

קוים עס איז געלונגען דעם ריזשינער צו בעטרעטען רומעניען, איז ארויס א געהיימער בעפעהל פון קיעווער גובערנאטאר, אז מען זאל תיכף פערשיקען איהם קיין טיעף רוסלאנד, וואו יודען וואוינען נישט, און דארט איהם האלטען אונטער א שטרענגער שמירה. און ווען דער בעפעהל איז אנגעקומען קיין קישיניעוו, האט שוין פאליציי ר' ישראל'טשען נישט געטראפען אין דער היים. האט איצט אויף דעם קישיניעווער גובערנאטאר געברענט די הויט פאר פחד, מען זאל זיך נישט דערוויסען, אז ער האט דעם „ריזשינער" ארויס־געגעבן א גרעניץ־פאס. דערוויסענדיג זיך פון זייטיגע מענ־טשען, אז ר' ישראל'טשע איז צוועק קיין רומעניען, האט דער דאזיגער גובערנאטאר זיך געווענדעט צו דער רומענישער רעגירונג, אז מען זאל דארט ארעסטירען דעם „ריזשינער" און צוריק טראנספארטירען קיין רוסלאנד. איז אבער זיינע מקורבים געלונגען מיט גרוים מסירת הנפש ר' ישראל'טשען דערפון מודיע צו זיין, האט ער ווייטער אין געהיים פערלאזט רומעניען און דורכשמוגלענדיג זיך איבער דער גרעניץ, האט זיך דער ריזשינער בעזעצט אין שטעדטעל סאדעגור (גאליציען).

אבער אויך דא איז ער נישט זיכער געווען, אז מען זאל איהם נישט ארויסשיקען קיין רוסלאנד, אבער אין דעם מאמענט פון גרויסער געפאהר, וואס האט איהם געדראהט אין גאליציען האט איהם געטראפען א נס: ר' ישראל'טשע האט זיך בעקענט אוים'ן וועג מיט א קריסטליכען באראן,

ביי וועמען דער ריזשינער האָט שטאַרק נושא חן געווען אין זיינע אויגן; דערוויסענדיג זיך פון דער געפעהרליכער לאַגע פון ריזשינער צדיק, האָט דער באַראָן ר' ישראל'טשען מיט־גענומען צו זיך אין זיין גוט אריין קיין סאַדיגורע (תר"א), איהם אריינגענומען אין זיין פּאַלאַץ און מיט אַלעם גוטען איהם אויך פערזעהן, צוזאָגענדיג דעם „ריזשינער" אויך צו בעשיצען, ווען עס וועט זיך אַרויסווייזען פאַר נויטיג.

ביים באַראָן אין סאַדיגורע (בוקאָווינע), וואָס האָט אָנ־געהערט צו עסטרייך, האָט אַ געוויסע צייט דער ריזשינער פערבראַכט אָהן שום מכשול. דער באַראָן האָט זיך געהאַלטען פאַר דעם גרעסטען גליק, צו האָבען צווישען די ווענד פון זיין פּאַלאַץ אַזאַ בעריהמטען און הייליגען מענש.

דער באַראָן איז אויסען געווען מיט דעם „ריזשינער" אויך זיין אייגענע טובה. סאַדיגורע איז געווען צו יענער צייט אַ פּוסט דאָרף, האָט ער געוואָלט מיט דער הילף פון „ריזשינער" אַ יודישען ישוב מאַכען. אָבער באַלד האָט זיך אויך די רוסישע מאַכט דערוואוסט, אַז ר' ישראל'טשע גע־פינט זיך אין עסטרייך, האָט מען איהם אויך דאָ פערפאָלגט און געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם פערהאַלטען און צוריק־שיקען קיין רוסלאַנד.

דער קישינעווער גובערנאַטאָר האָט אַלס משכון פער־נומען דעם ריזשינער'ס ווייב און קינדער, וואָס זענען פער־בליבען אין קישינעוו, ביז ר' ישראל'טשע וועט זיך נישט צושטעלען. און וועלענדיג פערנאַרען דעם „ריזשינער", האָט דער גובערנאַטאָר געצוואונגען דעם זוהן, וואָס האָט געשמאַכט אין תפיסה, אַז ער זאָל שרייבען צום פאָטער, דאָס ער זאָל אַהיימקומען, וואָרום ער איז שוין פריי פון פערשיקונג א. א. וו.

האָבען די חסידים בעוויזען נאָך בעצייטענס דורך אַ שליח מיוחד אין געהיים דעם „ריזשינער" אין סאַדיגורע

מיטצוטיילען, אז דער זוהן איז נעצוואונגען געוואָרען פון דעם גובערנאַטאָר דעם בריף צו שרייבען, און אז ער זאָל, חלילה, קיין אכט דערויף נישט לעגען.

דער דאָזיגער בריף איז גראָד אָנגעקומען אין די הענד פון דעם „ריזשינער" אין איין צייט, ווען דאָס פּאַפּיר איז גע־קומען פון לעמבערגער שטאַטהאַלטער, אז מען זאָל איהם ארויסשיקען קיין רוסלאַנד.

דעם קריסטליכען באַראָן איז שוין די גאַנצע מעשה נמאס געוואָרען, ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך אליין, אז ער זאָל נישט דערביי ליידען און טאַקע געקלערט דעם „רי־זשינער" פון זיין פּאַלאַץ משלח צו זיין.

. האָט זיך אָבער ווייטער געטאָכט א נס. פון סאַדיגורע איז אלס קינד אוועק מעבר לים א ישראל זאַנגעפעלד, זיינע עלטערן זענען שוין לאַנג געווען אויפ'ן עולם האמת און פון איהם האָט מען נישט מעהר געזעהן און געהערט.

לויט די יאָהרען איז ער געווען אין דעם זעלבען עלטער ווי דער „ריזשינער". האָט ער זיך אויסגעגעבען אלס ישראל זאַנגענפעלד, וואָס איז פון דאַנען אויסגעוואַנדערט אלס קינד און יעצט איז ער צוריקגעקומען אהיים זעהען זיך מיט זיינע קרובים.

דער „ריזשינער" האָט זיך איצט אויך פאַרגעשטעלט אז זייענדיג א יתום, האָט איהם א קרוב מיטגענומען קיין רוסלאַנד, און אזוי ווי דער קרוב האָט זיך גערופען מיט דעם פאַמיליען־נאָמען פרידמאַן, האָט ער זיך אויך מיט דעם נאָמען אָנגעהויבען צו רופען, פאַקטיש אָבער הייסט ער זאַ־נגענפעלד...

מיט דער הילף פון א כך שוחד און אנדערע מיטלען איז די דאָזיגע ערקלערונג פון „ריזשינער"ס אָנגענומען גע־וואָרען פון שטאַטהאַלטער פאַר אַנ'עהרליכען פּאַס, אָבער כדי איהם צו בעטראַכטען פאַר אַנ'עסטרייכישען אונטערטאַן,

האָט דער שטאָטהאַלטער פערלאַנגט, אַז ר' ישראל'טשע זאָל זיך דאָ קויפען אַ גוט אין געגענפאַל וועט ער זיין געצוואונגען איהם ארויסצושיקען.

האָט דאָך דעם ריזשינער נישט געפעהלט קיין חסידים נבידים און מאַגנאַטען, האָבען זיי אָבגעקויפט פאַר איהם דאָס גוט פאָטין נעבען סאַדיגורע, און ר' ישראל'טשע איז איצט ואַנערקענט געוואָרען פון דער עסטרייכישער מאַכט אַלס איהר אונטערטאַן און אַלס אַזעלכער שוין פערבליבען אין סאַדיגורע.

איצט האָט ר' ישראל'טשע אָנגעהויבען צוריק צו פיהרען זיין רבי'סטווע ביד רחבה נאָך מיט מעהר לוקסוס ווי פריהער. די האַלבע וועלט האָט זיך מיט איהם געגרייסט און שטאָלצירט...

זיין פּרעכטיגען פּאַלאַץ אין סאַדיגורע האָט דער עולם אָנגערופען „היכל הקודש", וועלכער האָט זיך געקענט פערגלייכען מיט די גרעסטע קעניגליכע פּאַלאַצען אין דער וועלט אין פּראַכט און אין לוקסוס.

פון וויים און ברייט זענען געקומען הויכע געסט, פון פירשטען און פון קייזערליכען הויף, קיין סאַדיגורע און האָבען בעוואונדערט דאָס רייכקייט און גרויסקייט פון דעם ריזשינער צדיק.

פירשטליך זיך געוואוינט און פירשטליך זיך געלעבט און געפיהרט. אָבער נישט לאַנג האָט זיך דאָס גליק מיט איהם אין סאַדיגורע געשפּיעלט. צעהן יאָהר נאָך דער בעפרייאונג איז ר' ישראל'טשע נפטר געוואָרען (ג' חשון תרי"א) אין עלטער פון 54 יאָהר.

ראש השנה האָט ער געזאָגט זיינע חסידים, אַז ער האָט געהערט תקיעת־שופר של משיח, וועלענדיג דערמיט מרמז זיין, אַז מען רופט איהם שוין אין הימעל אריין פון דער זינדיגער וועלט. און אַזוי ווי ער האָט געזאָגט איז געווען, ער האָט זיך

טעקע באלד איבערגעטראָגען...

ג.

ר׳ ישראל׳טשע רוזשינער איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקנ"ז אין דעם פערוואָרפענעם רוסישען שטעדטעלע פרוכשיץ. זיין פאָטער ר׳ שלום איז געוועזען ר׳ אברהם מלאך׳ס זוהן און אַן אייניקעל פון מעזעריטשער מגיד, די מוטער זיינע חוה איז געוועזען ווידער אַן אייניקעל פון ר׳ נחום׳קע טשערנאָבילער פון זיין טאָכטער מלכה׳לע.

ר׳ שלום׳ען האָט דעם ווייב׳ס פעטער ר׳ מרדכי׳לע טשערנאָבילער געהייסען זיך בעהעפטען צו זיין ווייב, פון וועלכער ער איז געוועזען אַ פרוש און זי וועט דאָן געבוירען אַ זוהן, וועלכער וועט זיין אַ גילגול פון בעל־שם־טוב, וועמענס נשמה ברויכט איצט נאָך 40 יאָהר פון זיין טויט אַראָבצו־קומען, לויט ווי דער בעל שם טוב האָט מודיע געוועזען פאַר זיין טויט.

האָט ר׳ שלום געהאַלטען דעם רבי׳נס בעפעהל און טאַקע געבוירען אַ זוהן, געבענדיג איהם דעם נאָמען נאָך דעם בעל שם טוב.

באלד דערנאָך איז ר׳ שלום זיין פאָטער נפטר געוואָרען און זיין עלטסטער ברודער ר׳ אברהם׳טשע איז געוועזען דער ממלא מקומו און האָט ערצויגען ר׳ ישראל׳טשען. צו 13 יאָהר האָט ער איהם חתונה־געמאַכט און אַזוי ווי זיין ברודער איז געשטאָרבען (תקע"ג) קינדערלאָז, האָט דער עולם ר׳ ישראל־טשען געקרוינט אַלס מנהיג, בעזעצענדיג זיך אין רוזשין, זייענדיג דאַמאָלסט אַלט קוים 16 יאָהר.

דאָס גרויסע פערמעגען, וואָס ער האָט אַלס רבי ער־וואָרבען, איז איבערגעגאַנגען צו זיינע זעקס זיהן און אייני־ציגע טאָכטער.

די דאָזיגע קינדער האָבען זיך אויך איינגעטיילט מיט זייער פאָטער׳ס גייסטיגע ירושה און בעזעצענדיג זיך אין

פערשידענע שטעדט, האבען זיי אלע געפראוועט רבי'שקייט ביד רחבה אויף דעם ריזשינער'ס שטייגער, חוץ איין זוהן, וועלכער האט געבלאנדזשעט אין זיינע רעיונות און איז נכשל געווארען, האט זיך געהאט אבגעזאגט פון רבי זיין.

אין סאדיגורע, אין דעם ריזשינער'ס רעזידענץ, איז בלויז פערבליבען ר' שלום יוסף, שפינענדיג דא ווייטער די טרא־דיציעס פון זיין גרויסען פאטער, ביז ס'איז געקומען די שרעקליכע וועלט־מלחמה און האט דעם ריזשינער'ס אלע קינ־דער פערזאגט פון זייערע טייערע פאלאצען און רייכטימער, איבערטראגענדיג זיך קיין וויען אין דער שעהנער דאנאו־שטאדט און אגדערשוואו.

דער גרינדער פון דער אזוי גערופענער „טשארטקאווער" דינאסטיע, איז געווען דער דריטער זוהן פון דעם ריזשינער, ר' דוד משה, נאך וועמענס פטירה דער ערשט וואס פער־שטארבענער ר' ישראל'טשע, איז געווען דער ממלא מקומו.

ווי ס'האט מיר איבערגעגעבען א מקורב פון טשארט־קאווער הויף, איז נאך ביי היינטיגען טאג א היילגע טרא־דיציע ביי דעם ריזשינער'ס קינדער צו פייערען דאס נס, וואס ס'האט געהאט זייער גרויסער פאטער און זיידע, וועג־רענדיג בעפרייט פון אנ'ם הענד, אין דעם היסטארישען טאג מיט גרויס שמחה און פרייד א. א. וו.

אין יענעם טאג ווערט דערצעהלט פאר אלע מקורבים די מעשה וועגען דעם פראצעס פון זייער פאטער און וועגען די נסים, וואס דער הקב"ה האט מיט זיין הויז געטהון.

די מעשה איז ביי זיי פערשריבען לזכרון לדורות.

# דער אפטער גאון

א.

„החולם" — דער בעל־חלומות — האט אנגערופן ציפעלע די רבי'צין איהר ערשטן מאן, דעם גרויסן גאון און מקובל ר' חנניא־ליפא מייזעלס, וועלכער איז געווען רבי אין אפט אין די יאהרען תקל"ב — תקנ"ד (1772—1794) און האט ווייט און בהייט גע'שם'ט אין דער יודישער לומדישער וועלט.

בעקומענדיג ס"ה זעקס גילדען פוילישע א וואך געהאלט (אפטער „פנקס", זייט רנ"ב) האט א רב אפילו אין יענע צייטן נישט געקענט לעבען. האט דעריבער ציפעלע די רבי'צין געמוזט מיט עפעס האנדלען, כדי צו קענען דורכקומען מיט ברנכה.

ציפעלע איז אבער, חוץ אנ'אשת־חיל, אויך געווען א למדנ'טע. זי האט געקענט א בלאט גמרא און האט אויך גוט געשריבען לשון־קודש.

מאקע דערפאר האט ר' חנניה־ליפא מייזעלס זיין ציפעלע שטארק געשעצט און געליבט.

זי, די רבי'צין, ווידער, האט שטארק שטאלצירט מיט איהר מאן. ער איז דאך געווען א גרויסער למדן און דערצו נאך א בעל־מקובל, וועגן וועלכען די וועלט האט א סך גערעדט.

אבער איינס האט זיי געפעהלט: נחת פון קינדער. צעהנד־

ליגער יאָהרען צוזאַמען געלעבט און קיין קינד נאָך אויף דער וועלט נישט געבראַכט.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דעם שלום־בית, דער האַרמאָניע צווישען מאַן און ווייב.

דער אַפטער גאון האָט קיינמאָל זיין ציפּעלען ווענען דעם קיין פאָרוואורף נישט געמאַכט. פערקעהרט, ווען זי, די רבי'צין, פלעגט אַמאָל אַ שווערען קרעכץ געבען, דערמאָהנענדיג זיך, אַז זי ווערט מיט יעדען טאָג עלטער און קיין קינדער האָט זי נישט, פלעגט ער, דער רב, אפילו שטאַרק אָנשרייען אויף איהר, אַז זי זאָל נישט זינדיגען געגען גאָט.

אַזוי האָבען זיי זיך שטיל און רוהיג אָבגעלעבט אַ רייה יאָהרען. דער רב איז זיך געזעסען אויף זיין כסא־הרבנות אין אַפּט און האָט געלערנט, גע'פּסקענט שאלות. ציפּעלע, די רבי־צין, ווידער, איז געזעסען אין איהר קלייטעל און האָט געהאַנ־דעלט מיט אַ ביסעל צעלניס.

בעמערקט אָבער אַמאָל ציפּעלע, אַז איהר מאַן געהט אַרום קאַלעסאָטנע און מיט יעדען טאָג ווערט ער אַלץ מעהר מרה־שחורה'דיג, פרעגט זי איהם, וואָס ס'איז ביי איהם מיט אַמאָל אַזאַ ענדערונג געוואָרען, פאַרוואָס ער איז אַזוי שטאַרק פער־זאָרגט, ציהט ער מיט די פּלייצעס און ענטפערט איהר גאָר נישט. דער גאון האָט נישט געוואָלט זיין ווייב מצער זיין און איהר זאָגען, וואָס איהם ליגט אויפ'ן האַרצען.

ציפּעלע איז דאָך געווען אַנ'אשת־חייל, האָט זי אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטען ביי איהם, אַז ער האָט איהר ענטפּלעקט זיין האַרץ. ער האָט איהר אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז איהם חלום'ט במעט יעדע נאַכט, אַז קוים וועט ער חתונה האָבען מיט אַ צווייט ווייב — וועט ער ברענגען אויף דער וועלט אַ „זרע של קיימא". ער וועט קינדער האָבען...

ציפּעלע אָבער האָט די דאָזיגע בייזע חלומות פון רב נישט ערנסט גענומען. זי האָט זיך פון דעם גאַנץ וועניג וואָס

געמאכט. זי איז דאך צו שטארק צוגעבונדען געווען צו איהר מאן און ער — צו איהר.

פאר ציפעלען איז בכלל געווען אומפערשטענדליך, ווי ס'קומט צו איהר טרייען מאן, דעם גרויסען למדן, אזא פאג־מאזיע, אז ער זאל זי פלוצלונג ווערלען איבערווארפען און נאך דערצו אויף די אלטע יאהרען, אין דער צייט, ווען ער האט זי קיינמאל נישט געלאזט אפילו א טראכט־טהון, א זיפ'ן געבען ווענען קינדער.

אבער כ'איז נישט פארבייגעגאנגען קיין טאג, דער אפטער רב זאל נישט דערצעהלען זיין ציפעלע, אז אין שלאף איז מען מודיע פון הימעל, דאס ער זאל זיך מיט איהר דורכאויס גט'ן און ער וועט פון א צווייט ווייב געהאלפען ווערען מיט קינדער...

איצט ערשט האט ציפעלע איהר מאנ'ס רייד גענומען אויפ'ן רעיון, און איינזעהענדיג, אז ער מיינט עס גאנץ ערנסט, דאס זי זיך נישט לאנג מישב געווען און ענטשלאסען צו נעה־מען גוטוויליג א גט פון איהר מאן, דעם אפטער גאון.

**ג.**

ר' חנניא־ליפא מייזעלס פלעגט אפט קומען קיין פיאטרקאוו אויף דין־תורות.

דא האט ער זיך בעקענט מיט'ן פיאטרקאווער גביר ר' אליהו, דער זוהן פון ר' הערשעל קירזשנער.

ר' אליהו האט געהאט ביי זיך א טאכטער אנ'אלמנה, דבור־רה'לע, וועלכע ער האט געוואלט דורכאויס פיהרען אונטער דער חופה מיט א תלמיד־חכם, א רב, וועלענדיג זיך איינקויפען אין א יחוס.

כל־זמן ער איז געווען ארים און מען האט איהם גערופען סתם: הערשעלע קירזשנער'ס זוהן, האט, נאטירליך, קיין רייד נישט געקאנט זיין, אז ער זאל קאנען דאס פערווירקליכען.

אבער זינט זיין פאטער, דער קירזשנער, האט געפו־נען אנ'אוצר און איז געווארען זעהר רייך און שטארק אנגע־

זעהן, האָט שוין ר' אליהו פּיאָטרקאָווער אַנגעווענדעט אַלע מיט־לען צו דערגרייכען זיין הארץ־בעגעהר. דורך דער טאָכטער זייער דבורה'לע. זי איז געווען אַ יונגע אלמנה, אַ גרויסע יפת־תואר. חוץ דעם האָט ער איהר אויך געגעבען זעהר אַ שענעם נדן.

ווי נאָר ר' חנניה ליפּא מייזעלס האָט זיך נע'גט מיט זיין ציפּעלע, האָט ר' אליהו זיין דבורה'לע פאַר'קנס'ט מיט איהם, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ זקן.

דאָס פּאָרעל האָט לאַנגע יאָהרען גוט און צופרידען גע־לעבט, אָבער קיין קינדער־פרייד האָט ר' חנניא־ליפּא מייזעלס אויך פון זיין צווייט ווייבעל נישט געהאַט.

דאַנגענע ציפּעלע, חתונה האָבענדיג מיט אַ צווייטען מאַן, אַ בן־תורה פון פּילץ, האָט נאָך אַ געוויסער צייט געבוירען אַ זוהן און דערפון האָט זי באַלד אין אַ בריף מודיע געווען איהר געוועזענעם ערשטען מאַן, ר' חנניא־ליפּא מייזעלס.

אין דעם דאָזיגען בריף שרייבט זי איהם: „לכבוד בעלי הגאון הה"לם" — ס'הייסט מיין כאַן דער פרומער. זי פערבעט איהם אויפ'ן ברית מילה און איז איהם גלייכצייטיג מכבד מיט סנדקאות...

ר' חנניא־ליפּא מייזעלס, בעקומענדיג דעם דאָזיגען כאַ־ראַקטעריסטישען בריף, איז געוואָרען שטאַרק איבערראַשט. ער האָט זיך איבערהויפּט געפונען בעליידיגט פון דעם, וואָס ציפּע־לע האָט איהם אָנגערופען מיט'ן שפּאָט־נאָמען „החולם", מרוי־מער, מיינענדיג, אַז זי מאַכט עס פון איהם חוזק צוליב די חלומות, וועגען וועלכע ער האָט איהר דערציהלט, ווען ער האָט געהאַלטען ביים חתונה האָבען מיט אַ צווייט ווייב. אויך האָט ער נאַרנישט געקאָנט גלויבען, אַז זיין ציפּעלע, וועלכע איז שוין געווען אין די יאָהר־ען, זאָל באמת געבוירען אַ בן־זכר, נאָך וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט און צוליב וואָס

ער האָט זיך מיט איהר נע'גט.

איז ר' חנניא־ליפּא מייזעלס, דער פּערבּיסענער מתנגד, געלאָפען צום „חוזה" קיין לובלין, כדי זיך מיט איהם שואל־עצה צו זיין. אָבער קוים האָט ער געהאַט בעטרעטען די שוועל פון צדיק, האָט איהם דער „חוזה" גלייך געהייסען פאָהרען קיין פּילץ אויפ'ן ברית און זיין סנדק ביים קינד פון זיין ערשט ווייב. און ר' חנניא־ליפּא מייזעלס איז טאַקע תיכף געפאָהרען קיין פּילץ, געווען ביי זיין ציפּעלע'ס בכח דער סנדק און זיך טאַקע אויפ'ן ברית משמח געווען.

און ווען ער, דער רב, האָט זיך מיט ציפּעלע'ן אָבגעזעגנט, ווינשענדיג איהר, אַז זי זאָל איהר קינד ערציהען צו תורה, חופּה ומעשים טובים, האָט ער זי גלייכצייטיג אַ פּרעג־געטהון, פאַרוואָס זי האָט אין איהר בריוו אַזוי תחס געמאַכט פון איהם, אָנרופענדיג איהם אירגאַניש: „החולם". האָט דאַן ציפּעלע מיט אַ שמייכעל איהם פּותר געווען, אַז די ראשי־תיבות פון זיין נאָמען — הרב חנניא־ליפּא מייזעלס צוזאַמען לייגט זיך אויס „החולם"!...

אַזוי דערצעהלט דער נאָון אין זיין בריף צום „ברית־אברהם".

ר' חנניא־ליפּא מייזעלס איז געווען רב אין פּיאָטרקאָוו אומגעפעהר אין יאָהר תקנ"ד (1794). אין דער רבנישער וועלט איז ער געווען זעהר אָנגעזעהען און געאַכטעט.

די מחברים פון יענער צייט האָבען געזוכט ביי איהם הסכמות אויף זייערע חיבורים. דער „ברית־אברהם" פלעגט מיט איהם קאָרעספּאָנדירען וועגען רעליגיעזע ענינים, וואָס ס'איז צו זעהען פון די תשובות, וועלכע געפינען זיך אָבגעדרוקט אין ש"ת „ברית אברהם".

ר' חנניא־ליפּא מייזעלס איז נפטר געוואָרען, זייענדיג אַ זקן, כ"ח אלול תקע"א (1811). רבּנה'לע די רבּי'צין — אין יאָהר תקפ"ד.

אויף זיין מצבה שטעהט, אז דער נפטר איז געווען א „בוצינא קדישא" און א גרויסער בעל - מקובל, און אין דעם חברה־קדישא־פנקס (ערשטער טייל, זייט כ"ח)) ווערט ער אנ־גערופען: „מלך ישראל", דער יודישער קעניג.

אויס'ן בערגעל, צווישען ווילדע סאסנעס, איז אין פיאטר־קאוו געקומען צו קבורה „התגלם" — דער טרוימער.

# ר' מאיר שפירא אלס פיעטריקאווער רב

צווישען די 14 רבנים, וואס האבען פאר דער צייט פון יאהר תפ"ד ביז תרפ"ד, ד"ה אין פערלויף פון 200 יאהר, אנהויבענדיג פון הרה"ג ר' מאיר גץ ביז ר' מאיר שפירא ז"ל, פערנומען דאס כסא הרבנות אין פיעטריקאוו, האט זיך דער לעצטער פערשריבען א שעהן בלעטעל אין דער געשיכטע פון דער פיעטריקאווער קהלה.

די שטאט פיעטריקאוו האט זיך תמיד אויסגעצייכענט מיט איהרע גרויסע רבנים, גדולים און כלל-טוער'ס, פון וועלכע איך וויל נאר עטליכע דערמאהנען ווי די רבנים חנניא ליפא מייזלס, ר' אברהם צבי פאצאנאווסקי (שו"ת „ברית אברהם"), ר' ברוך צבי ראזענבלום, ר' חיים אליעזר וואקס (שו"ת נפש חיה), ר' דוד טעבעלין אא"וו, וואס יעדער איינציגער פון זיי האט געהאט זעלטענע מעלות און גוטע מדות. אבער איך וועל נישט איבערשעצען, ווען איך זאג, אז דער גרויסער נפטר, ר' מאיר שפירא ז"ל האט מיט זיינע כשרונות און מעלות באמת געפאסט צו זיין דער נאכפאלגער פון די פריהער-אויסגערעכענטע גדולים.

ער איז געווען דער גרויסער חכם, געניאלער אויסטהוער,

דער גרויסער קאָפּ. אַ הייסער יוד, אַן עסקן בצרכי צבור באמונה, אַ גרויסער בעל־צדקה און דער עיקר — אַ פּיוערע, נוטע נשמה.

איך וויל נאָך דאָ געבען אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער אַפּפּערפּולער טעטיגקייט פון דעם גרויסען חכם ר׳ מאיר שפּירא ז״ל אַלס מרא דאתרא אין פּיעטריקאָוו אין דעם צייט־אָבשניט פון אלול תרפ״ד ביז אייר תרצ״א, ווען ער האָט זיך איבערגעטראָגען קיין לובלין.

איבערנעהמענדיג דאָס כסא־רבנות אין פּיעטריקאָוו (פּרשת קדושים) האָט דער נפטר אָנגעטראָפען אַלע רעליגיעזע מוסדות אין אַ שרעקליכען אָבגרונד, פערזונקען און געפאַלען. די תלמוד־תורה האָט זיך געפונען בשפל המדרגה, סיי מאַטעריעל, סיי בנוגע דעם חינוך, וועלכער איז געווען שטאַרק אָבגעשטאַנען פון אַנדערע גרויסע שטעדט. דער רעליגיעזער חינוך פון מיידלעך האָט איבערהויפּט נישט אין פּיעטריקאָוו עקזיסטירט. די שטאָדט־מקוה האָט זיך געפונען אין זעהר נישט קיין סאַניטאַרען צושטאַנד. אויך נאָך אַנדערע פערנאַכלעסיגונגען האָט דער נפטר אָנגעטראָפען אין פּיעטריקאָוער געמיינדע, וואָס עס זענען פערבליבען אַלס ירושה נאָך פון דער מלחמה.

זענען זיינע ערשטע שריט געווען אויפצוהויבען דעם רעליגיעזען און גייסטיגען מצב, די רעליגיעזע ערציהונג פון דער בעל־בתישער יוגענד.

ער האָט רעאָרגאַניזירט די תלמוד־תורה, אריינגעזעצט בעסערע מלמדים און פערשטאַרקט די יודישע למודים, אריינגעצויגען אויך קינדער פון מעהר בעמיטעלטע בעלי־בתים, שטעלענדיג די ת״ת אוועק אויף דער געהעריגער הויך פון איהר אויפגאַבע. דער נפטר האָט אויך געהאַט די השגחה אויף דער ת״ת און זי פּערזענליך געשטיצט מיט עפענטליכע רעפעראַטען, וועמענס הכנסה עס איז אויף איהר פערוועגדעט

געוואָרן.

קוים האָט ער זיך אָבגעפּערטיגט מיט דער אַזוי נוצ־ליכער רעאָרגאַניזאַציע פון דער תלמוד־תורה, האָט זיך דער רב שפּירא זצ"ל גענומען צו שאַפן אַ „בית־יעקב"־שול פאַר מיידלעך. פיל קינדער האָבן בעקומען אַ רעליגיעזע ערציהונג און יודישע בילדונג פון סעמינאַריסטיש־ אויסגעבילדעטע לעה־רערינס.

די ת"ת און די ב"י־שולע עקזיסטירט נאָך היינט.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון רב שפּירא זצ"ל איז געוואָרן די פאַרנאַכלעסיגטע מקוה רעסטאַווירט און דאָרט איינגעאָר־דנט ספּעציעלע היגיענישע „קאַרינען".

אויף דעם צוועק האָט ער געזאַמלט ביי די בעלי־בתים עטלי־כע צוואַנציג טויזענד זלאָטעס, צעהנטויזענד גילדען האָט ער אויסגעווירקט ביי דעם נגיד ר' העשקע פּאַצאַנאָווסקי.

הרב שפּירא האָט אויך בעניים אין פּיעטריקאָוו דעם „תיקון עירובין", אויף וואָס ער האָט אליין צוגעשטייער געגעבן טויזענד גילדען.

ער האָט צעהנדליגער יורדים געשטיצט און אַרויסגע־האָלפן מיט געלד בתורת נדבה אָדער הלואה, וואָס ער האָט שוין קיינמאָל נישט צוריקגעפאָדערט און זיך ווייטער פאַראינטע־רעסירט מיט זייער גורל.

אַלס אילוסטראַציע וויל איך דאָ נאָך איבערגעבן עט־ליכע פאַקטן, וואָס זענען מעיד אויף דעם הרב שפּירא'ס ז"ל גוטהערציגקייט און אָפּפערווילינקייט.

ערב פסח, ווען דער רב האָט זיך געגרייט צו באַקן „שמורה" איז צו איהם אַריינגעקומען אַ פּיעטריקאָווער בעל־הבית, וועלכען מען האָט געהאַלטן פאַר אַ גביר און האָט פאַר איהם געביטערט, אַז ער האָט נישט ביז איצט נאָך קיין מצות און אַנדערע פסח־מאכלים, ועל כולם האָט דער ווירט זיינער אויף איהם אַנ׳עקסקוסיע, אַז יעדען טאָג דראָהט

איהם צרוקגעווארפען צו ווערען פון דער וואוינונג. האט
אתוער רב קיין גרויסע שהיות נישט געמאכט און געלאזט
זיך אין גאס אריין און נישט דווערענדיג א גאנצע שעה,
האט ער געמאכט פאר דעם בלומרשטען גביר עטליכע הונ־
דערט גילדען און צוריקגעשטעלט דעם יורד אויף די פיס.

א צווייטע מעשה וויל איך דא דערמאהנען: א פיע־
טריקאווער סצב האט זיך פערלענט א יאטקע אויף די הא־
לעס, וואס האט איהם אפגעקאסט ביז 160 גילדען. און ווענ־
דענדיג זיך צום רב, אז ער זאל איהם ערלויבען צו פער־
קויפען כשר פלייש, האט דער רב נאטירליך דאס איהם אפ־
געזאגט, צוליב דעם, וואס די כשר'ע יאטקעס זענען דא קאנ־
צענטרירט אויף איין ארט צוליב קאנטראל.

האט דער סצב אנגעהויבען צו ביטערען, אז ער האט
אין דעם עסק אריינגעלעגט זיין לעצטען גראשען, רעכענדיג
זיך דערפון מפרנס צו זיין. האט דער רב קיין גרויס שהיות
נישט געמאכט און איהם צוריקגעגעבען די 150 גילדען, אז
ער זאל זיך נעהמען צו אנ'אנדערע פרנסה...

איבערהויפט, ווען הרב שפירא האט נאר געהאט דעם
מינדעסטען ספק, אז דורך איהם קאן עמיצער האבען שאדען
געלד, פלעגט ער בעלד דעם שאדען דעמזעלבען ערזעצען.

נאך א דריטען פאקט וויל איך דא לזכרון איבערגעבען
וועגען אנ'אויפטהו פון הרב שפירא ז"ל.

ווען ער איז געווען אין אמעריקא און נישט געקאנט
זיך נאטירליך בעטייליגען אין דער פסח־אקציע, צוליב וואס
עס האט געדראהט דער שטאדט א געפאהר, אז די ארימע־לייט
זאלען נישט בעקומען די פסח־שטיצע און קמחא דפסחא,
האט הרב שפירא פון אמעריקא ארויסגעשיקט זיינע 600
דאלאר און 220 דאלאר, וואס ער האט דארט צוגעזאמעלט
ביי פיעטריקאווער לאנדסלייט אויף פסח־שטיצע און דערמיט
אפגעראטעוועט די שטאדט פון דער דראהענדער געפאהר.

און אט האט פאסירט, אז א יוד פון פאביאניץ איז

געקומען צו הרב שפירא זצ"ל קיין פיעטריקאוו, און האט איהם איבערגעגעבן זיין טרויעריגע לאגע, אז די „גלאז-הוּטע" האט איהם ערקלערט אנ'אופּאדלאשטש און שטעלט אליז זוים אויף ליציטאציע. איצט בלייבט איהם נישט מעהר איבער, ווי ער זאל ווערען א מהוה על הפתחים...

האט דער רב גענומען דעם יוד, איז ארויסגעפאהרען צום דירעקטאר פון דער גלאז - הוטע, קריסטמאן, ביי איהם אויסגעפועלט, אז ער זאל דעם חוב צוטיילען אויף ראטעס און ווייטער ביי איהם איבערלאזען די פערטרעטונג. די ערשטע ראטע האט דער רב באלד איינגעצאהלט און דערמיט אפּגעראטעוועט א יודישע פאמיליע פון אונטערגאנג.

בכלל איז דער גרויסער גאון געווען א גרוים-הארציגער פריינד פון יודען, נישט קוקענדיג צו וואס פאר א פארטיי ער געהערט. כאטש ער אליין איז געווען א פארטייאישער. ער איז געווען א שונא בצע, נישט גענומען קיין רח"ש און נישט קיין פסק-געלד פאר די דין-תורות. דאס אליז האט ער אוועקגעגעבן די דיינים זיינע און אנדערע קהלה-מענשען, מקבל געווען יעדען איינציגען בסבר פנים יפות, בעגייסטערט מיט זיינע גייסטרייכע דרשות דעם עולם, צוזאמען זיך מיט זיי געפרייט און מיט זיי אויך געלייטען...

כ'איז נישט פערהאן געווען קיין דבר שבצדקה, אין וועלכער ער האט זיך נישט געוואלט בעטייליגען מיט זיין גרויסער נדבה, וועלכע ער האט געגעבן ביד רחבה און מיט א ווסן שמייכעל אויף זיינע ליפען...

הרב שפירא האט שטארק ליב געהאט די שטאדט פיעטריקאוו. ער האט דאס ארויסגעוויזען ביי יעדער געלעגענהייט.

ער האט צוגעשריבען פיעטריקאוו דעם כבוד, אז זי האט גענומען דעם גרעסטען חלק אין דעם אויפבוי פון זיין ישיבה אין לובלין. די שטאדט האט איהם ערלויבט אויף לאנגע צייטען ארויסצופאהרען נאך געלד פאר דער ישיבה

# ר׳ וואלף סטריקאווער

א.

דריי זענען זיי געווען, וועלכע דער „קאצקער" האט גע־געבען ספעציעלע נעמען.

דעם „חידושי הרי"ם" האט ער אנגערופען מיין „גאון", ר׳ הירש טאמאשאווער — מיין „חסיד" און ר׳ וואלף סטרי־קאווער — מיין „חכם".

און דער רבי ר׳ וואלף סטריקאווער איז שוין איינמאל געווען א חכם ומחוכם.

א זוהן פון דעם רבי ר׳ אברהמ׳על טשעכאנאווער (לאנדא) האט ער גע׳ירש׳ענט נאך זיין פאטער׳ס פטירה די קרוין אלס ממלא מקומו, וואס דער עולם האט איהם אנ־גענומען. און זייענדיג א סטריקאווער אײדעם איז סטריקאוו אויך געווארען זיין רעזידענץ, וואו עס האט שוין פריהער פאר איהם רעזידירט דער גרויסער צדיק, דער רבי ר׳ פישעלע שפירא.

דער רבי ר׳ וואלף סטריקאווער האט זיך תחילת געהאל־טען אין די דרכים פון זיין גרויסען רבי ר׳ מענדעלע קאצקער. אבער מיט דער צייט האט זיין לעבענס־שטייגער אנגענומען גאנץ אנדערע פארמען און ער האט זיך נישט געהאלטען אין די אנגענומענע טראדיציעס פון די רבי׳שע הויפען, אויסטער־

טענדיג זיך אַנ׳איינענעם הינ׳ אין אַ סך חינוכתּשׁה.

דער גרויסער רבי זיינער, דער „סאַצקער״, האָט געזוכט דעם „איבערמענש״, וואָס איז איינגעטונקט אין בלויז רוח־ניות, דאַגעגען דער תלמיד זיינער, דער רבי ר׳ וואָלף סטרי־קאָווער האָט אויך ליעב געהאַט דעם פּאָלקס־מענש, וועלכער חקרנ׳ט זיך נישט וועגען עולמות עליונים און דינט דעם בורא עולם מחמת אהבה א. א. וו.

אין דער צייט ווען די רביים האָבען געלעבט פון פּדיונות און „בללות־געלד״ פון זייערע חסידים, האָט דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער געפיהרט וואַלד־געשעפטען בשותפות מיט זיינע גבירישע חסידים. דאָס גליק האָט איהם אויך צוגע־שפּיעלט, די געשעפטען זענען גוט געגאַנגען און ער איז אַליין אַ גרויסער גביר געוועזען און אַ גבירישן הויז געפיהרט.

די פּריצים, מיט וועלכע דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער האָט געפיהרט געשעפטען, האָבען אין איהם געזעהן דעם גרויסען עהרליכען יוד און וואָרט־מענש, מיט וועמען מ׳קאָן שליסען בלויז אויפ׳ן וואָרט דאָס גרעסטע געשעפט.

דערביי האָט דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער אויך עוסק געוועזען אין חסידות און עבודת הבורא. טויזענדער יודען זענען צו איהם געפאָהרען און זיך מיט איהם נע׳עצה׳ט וועגען פער־שיעדענע ענינים און פון זיין גרויסער חכמה זענען אַלע איבעראַשט געוואָרען. ער האָט כמעט אַלץ פאָראויסגעזעהען.

דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער האָט אויך צו זיך צוגע־צויגען דעם כתנגד׳ישען און משכיל׳ישען קלאַס יודען, וואָס האָבען שטענדיג בעקעמפט די רביים, און אויך זיי זענען בעגייסטערט געוואָרען פון זיינע גרויסע ידיעות אין די חסידה ספרים און פון זיינע שעהנע מליצות, וואָס ער האָט אָנגע־שריבען.

ב.

נאָך דעם אַלעקסאַנדערער רבי׳ן ר׳ הענעך, איז דער רבי

ר׳ וואָלף סטריקאָווער געווען דער צווייטער רבי אין פּוילען, וואָס האָט געשריבן אַ זאַפטיג משבּילישן העברעאיש, שירים, מאמרים און מכתבים צו זיינע קרובים און מקורבים, פון וועלכע עס איז ערשינען אַ „קובץ" נאָך זיין טויט.

צווישן די דאָזיגע שירים געפינט זיך אויך אַ שיר, געווידמעט זיין ליב - דאָקטאָר בלאָך, ביי זיין פערלאָזן סטריקאָוו און איבערטראָגן זיך קיין לאָדז.

מיט דעם דאָזיגן דאָקטאָר איז דער רבי געווען שטאַרק בעפריינדעט. ער שרייבט דאָרט: „אהה השר בלאך לי כחסר, מי יאהבני? רעי ממני סר, וידידי עזבני!" (דו, העד בלאָך, וועסט מיר פעהלען, מיין פריינד האָט מיך פערלאָזט, ווער וועט מיך ליעבען?) אָבער איז דער דאָזיגער דאָקטאָר בלאָך נישט געווען אַזאַ אָבגעהיטענער יוד, און דאָך זעהט מען, אַז דער רבי האָט איהם שטאַרק געשעצט...

צווישען דעם רבי׳נס בריף געפינט מען אַ סך היסטאָ־ריש מאַטעריאַל וועגען זיין פאָטער, דעם טשעכאַנאָווער רבי׳ן ר׳ אברהמ׳לע, וועמען די שטעדט לובלין, קאַליש און אַנדערע גרויסע קהלות האָבען געוואָלט אויפנעהמען פאַר אַ רב.

כאַראַקטעריסטיש איז דער בריף, וואָס דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער שרייבט צו זיינע חסידים וועגען צוויי אַרויס־געבער פון תנ״ך, וואָס איז ערשיענען ביי אָרגעלבראַנד׳ן אין וואַרשאַ. דער רבי בעט זיך ביי די חסידים נישט צו פערנער מעריידען דעם דאָזיגען תנ״ך, וואָס וועט גורם זיין אַ שאָדען דעם „חידושי הרי״ם" מיט זיינע שותפים די בעקאַנטע מדפּי־סים ר׳ נתן שריפטגיסער און ר׳ יצחק גאָלדמאַן אין וואַרשאַ, וועלכע גיבען אויך אַרויס אַ תנ״ך, וואָרום דורך יענע מעג־שען שטעהט דעם „חידושי הרי״ם" פאַר צו פערלירען זיין גאַנץ פערמעגען. זיי, די קאָנקורענטען זענען משיג גבול און די הסכמות, וואָס זיי האָבען, זענען פאַלסיפיקאַטען.

נאָך דעם רבי'נס טויט איז אויך ערשינען זיין'ס א חיבור „זר זהב כתר תורה" אויף תורה מיט הגהות און הוספות פון זיין זוהן ר' סאַטעלע.

אין דעם חיבור געפינט זיך אינהאַלטס־ און זינדיגע תורות מיט א רעליגיעז - פילאָזאָפישען אינהאַלט, וועלכע דער רבי ר' וואָלף סטריקאָווער פלעגט זאָגען פאַר'ן עולם ביים טיש און אויך א סך, וואָס זענען איבערהויפּט נאָך ניט געזאָגט געוועזן דורכ'ן רבי'ן.

ווי אונטערשיידען זיך פון זייער אינהאַלט פון מיט זייער פאָרם שטאַרק פון די תורות, וואָס מיר זענען געוועהנט צו געפינען אין רבי'שע ספרים און וואָס ענטהאַלטען סודות און רמזים, גמטריות און נוטריקין.

זיין גאַנץ לעבען איז געשטאַנען אונטער דעם צייכען פון לאָגיק און קלאָרען שכל, און וועגען זיינע שעהנע זעכטע פלעגט מען אין די חסידישע, ווי אויך אין די משכילישע קרייזען א סך דערצעהלען.

וועגען אזא שעהנעם זעקסט ווערט דערצעהלט אַט וואָס: אַמאָל האָבען זיינע שותפים געקויפט א טייערען וואַלד ביי א פריץ און דערויף איהם געגעבען א גרויסע סומע האַנד־געלד.

האָט זיך אָבער דאַן אַרויסגעוויזען, אז די שותפים, וואָס זענען געוועזן די מבינים פון וואַלד, האָבען געהאַט א טעות ביים אָבשאַצען דעם ווערט פון וואַלד און איהם שטאַרק איבערגעצאָהלט, צוליעב וואָס עס איז זיי פאָרגעשטאַנען צו פערלירען זייער גאַנץ פערמעגען און בדיל הדל צו ווערען.

האָבען זיי ראָך איצט גע'טענה'ט חרטה און געפאָדערט צוריק פון פריץ דאָס האַנד־געלד. האָט אָבער דער פריץ גע־וואוסט, אז דער סטריקאָווער רבי איז זייערס א שותף, האָט ער די קויפערס געפאָדערט צום רבי'ן לדין — אזוי ווי דער רבי וועט פסק'ענען, אזוי וועט ער טהון.

האָט דער רבי מאַכע נע'פסק'ענט, אַז דאָס האַנד־געלד דאַרף דער פּריץ נישט צוריקגעבען, הגם ס'איז געווען אַ מקח טעות, אָבער עס איז נישט חל אין דעם נענעבענעם פאַל אויף הקיסטען.

דער פריץ איז, נאַטירליך, שטאַרק צופריעדען נעווען פון רבי'נס פּסק. די שותפים אָבער האָט די מעשה שטאַרק נישט נעפעלען, ס'איז דאָך זיי נעווען אַ שאָד צו פערלירען דאָס געלד.

האָבען זיי זיך הינטער די אויגען פון רבי'ן שטאַרק מתרעם געווען אויף דעם פּסק־דין. דערוויסענדיג זיך דערפון, האָט דער רבי ר' וואָלף סטריקאָווער די שותפים געטרייסט מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועלען נאָך דערביי פערדיענען אַ סך געלד, זאָלען זיי נאָר געדולד האָבען.

ס'האָט מאַכע נישט לאַנג געדויערט, איז געקומען דער פריץ צו די דאָזיגע יודען בעטענדיג זיך, אַז זיי זאָלען ביי איהם דעם וואַלד קויפען, ער איז דעצידירט אַראָבצולאָזען פון פּרייז און אויך צו פערדעכענען דאָס האַנד־געלד, וואָס ער האָט פון זיי ביים ערשטען מקח געהאַט געמומען, ווארום ער האָט זיך שטאַרק געגויטיגט אין געלד.

האָבען איצט די יודען דעם וואַלד נעקויפט במקח און דערביי מאַכע גוט פערדיענט.

האָט דאָך דער עולם אין דעם געזעהען אַ מופת פון רבי'ן. אָבער דער רבי, דער גרויסער חכם, האָט זיי מסביר געווען, אַז לויט דעם שכל הישר האָט ער פערשטאַנען, דאָס דער פריץ, וועלכער איז איינגעטונקט אין גרויסע חובות, צוליב וואָס ס'דראָהט איהם די נעפאַהר, אַז מען זאָל זיין גאַנץ מאַיאָנטעק אויסשטעלען אויף אַ ליציטאַציע צו דעקען די חובות, וועט זיין געצוואונגען, ווילענדיג, נישט ווילענדיג, דעם וואַלד פאַר יעדען פּרייז, וואָס ס'זאָל נישט זיין, צו פערקויפען, און אַזוי ווי דער פּריץ האָט נישט פאַר דער האַנט קיין אַנדערע סוחר

רים מיט קאפיטאל, איז ער געצוואונגען געווען צו זיי צו קומען.

איבערהויפט איז דער גאנצער דרך פון רבי'ן ר' וואלף סטריקאווער געווען אלץ לאגיש אויסגעפאסען.

מען דערציילט אויך, אז אנומעלט, פארגענגענע מיטוואך מקורבים קיין לאדז, האט ער אויס'ן וועג געמיינעלט מיט די פינגער אויף א פאסטוכ'ל, וואס האט געבאשעט שאף אויס'ן פעלד, זאגענדיג די חסידים, אז דאס דאזיגע שיינעצ'ל איז א יתום, אהן א פאטער, וואס איז היינטיגעס יאהר גע־שטארבען.

זענען טאקע די חסידים אויס נייגיעריגקייט אראב פון דער קאטש און געלאפען פרעגען דאס פאסטוכ'ל צי ער האט א פאטער. האט ער זיי געזאגט, אז דער פאטער זיינער איז געשטארבען ערשט נישט לאנג.

זענען די חסידים נבהל ונשתומם געווארען, זעהענדיג בעשיינפערליך, אז דער רבי האט רוח־הקודש. האט אבער דער רבי ר' וואלף זיי ארויסגעפיהרט פון טעות און זיי ענטפלעקט דעם סוד, אז צוליעב דעם, וואס ער האט בעמערקט, אז דאס פאסטוכ'ל טראגט א גרויסען שטרויענעם קאפעלוש אויף זיין קליין קעפעלע, האט ער דערפון ארויסגעדרונגען, אז דער קאפעלוש מוז זיין פון פאטער, וואס לעבט שוין נישט מעהר...

ג.

דער רבי ר' וואלף סטריקאווער האט שטארק אויסגענומען אין די חסידישע קרייזען מיט זיין פאלקסטימליכקייט און מיט זיין התקרבות צו בעלי־בתים.

ער האט ליב געהאט דעם בעל־מלאכה אהבת־נפש, מיט ראט און טהאט זיי געהאלפען. אין אלע געשעפטען, וואו ער איז נאר געווען בעטייליגט זענען געווען בעשעפטיגט אויסשליסליך יודען, יודישע וואלד־שומרים, וואלד־שרייבערס א. א. וו. אויך ביי די לאדזער חסידים זיינע האט ער בע־ווירקט, אז זיי זאלען געבען „ברויט" די יודען, קוים גאט גיט זיי די „סיבה".

ר' וואָלף סטריקאָווער (לאנדא) איז נסתלק געוואָרען י"א אלול הרנ"א (1891) אין עלטער פון 83 יאָהר.

ער האָט געהאַט פינף זיהן, אַלע זענען געווען גרויסע לומדים, אָבער זיי האָבען עפּיס נישט געהאַט קיין אריכת ימים, עטליכע זענען געשטאָרבען נאָך ביי דעם לעבען פון זייער פאָטער, ווי עס וואָלט פון דער השגחה נישט בעשערט געווען צו דערהאַלטען די עגזיסטענץ פון דער סטריקאָווער דינאַסטיע.

דער איינציגער זוהן, וואָס איז געבליבען לעבען איז געווען דער צדיק ה' מענדעלע אין נאָמבין. ער איז שוין אויך נפטר געוואָרען אין חודש אייר תרצ"ג.

# ר׳ פישעלע סטריקאווער

א.

א מערקווירדיגער טיפ פון אלטען דור „גוטע יודען" איז געווען דער רבי ר׳ פישעלע (אפרים) סטריקאווער.

שטענדיג צוטראגנע און פערטראכט, א יושב באוהל, וואס האט זיך גישט געקענט אויף קיין צורת מטבע, איז ער גע־זעסען אין זיין יהוד־שטיבעל על תורה ועבודה, אבהאלטענדיג ככדר סגופים און תעניתים אויף גלות השכינה.

דער „בוצינא קדישא", ווי די חסידישע ליטעראטור רופט איהם אן, האט געשטאמט פון פאדאל, וואו די וויג פון חסידיזם איז געשטאנען.

זיין פאטער, ר׳ יוסף לוי, וועלכען מען האט גערופען בים׳ן נאמען חסיד (פרומער), איז געווען א תלמיד פון דעם „תולדות־יעקב יוסף", פון בעל שם טוב׳ס חבריא און רב אין ביעלאצערקאוו, וואו אויך דער רבי ר׳ פישעלע איז געבוירען געווארען אין יאהר תק״ג (1743).

צוליעב די היידאמאקישע שחיטות און הריגות אויף יודען, וואס זענען אין יענער געגענד פארגעקומען אונטער דער אנפיהרונג פון גאנטא און זשעלעזניא׳ן (תמוז 1768), איז ר׳ יוסף לייב מיט זיין בני־בית אנטלאפען קיין באלטא און דארט געווען א מגיד מישרים.

אין אָבער די דאָזיגע שטאָדט דאָן פון איין זייט בעהערשט געוואָרען דורך די טערקען און פון דער צווייטער זייט דורך פוילען. און נישט בעווייזענדיג איבערצולויפען אויף דער טערקישער זייט, ווי ס'האָבען עס געטהון אנדערע יודען, איז ר' יוסף לייב פערבליבען אויף דער פוילישער זייט.

אָבער אויך דאָ האָט ער נישט געקאָנט לאַנג פערבלייבען צוליעב די אָפטע מלחמות. האָט ער געמוזט געהמען דעם וואַנדער־שטעקען אין דער האַנד און זיך לאָזען מיט זיין בני־בית אין וועג אריין. געהאַלטען אומעטום, וואו ער איז נאָר געקומען, דרשות און געגומען נדבות. און קומענדיג אויך קיין בושעזשין האָט ער זיך שוין דאָ בעזעצט און דאָרט איז ער אויך געווען א מגיד און געלערענט מיט בחורים, פון וואָס ער האָט זיך בצמצום ערנעהרט.

דער רבי ר' פישעלע האָט זיך ווידער אויפגעהאַלטען ביים רבי'ן ר' בער, דעם מעזריטשער מגיד, ביים רבי ר' אלימלך פון ליזענסק און ביים לעצטען האָט ער צוזאַמען מיט דעם קאָזשעניצער מגיד ר' ישראל'טשע געלערענט און עוסק געווען אין קבלה.

ער קומט דאָן אויך קיין בזשעזשין און האָט דאָ חתונה מיט א צווייטער פרוי און די שכנות'דיגע שטאָדט סטריקאָוו האָט דעם רבי ר' פישעלע אָנגענומען אַלס רב.

אין יענעם ראַיאָן האָט צו יענער צייט דער חסידיזם נאָך נישט געהאַט קיין דריסת הרגל, האָט דער רבי ר' פישעלע דאָ פערלענט א געטסט פאַר חסידים, פון וועלכע ער איז דאָן געוואָרען דער נייסטיגער מנהיג.

און שטאַרק גע'שם'ט אַלס א גרויסער קדוש און בעל־מופת, האָט דער רבי ר' פישעלע גרופירט אַרום זיך א גרויסען עולם און די גרייסע רביים האָבען צו איהם געשיקט יודען מיט שווערע הערצער, וועלכע זענען ביי איהם גע־האָלפען געוואָרען.

מען האָט איהם בּעשיט מיט „רויטע מטבעות", אַזוי האָט ער אָנגערופען די „גאָלדענע רענדלעך", אָבער ער אַליין האָט פון די פּדיונות נישט געוואָלט נהנה זיין, נאָר געלעבט פון די פּאָר גילדען, וואָס די שטאָדט האָט איהם יערע וואָך אַלס רב אויסגעצאָהלט. די „רענדלעך" פלעגט ער אַוועקגעבען די אָרימע לייט אויף הצלחה, האָבענדיג דערפון אַ גרויסע הנאה, וואָס די אָרימע האָבען זיך דערמיט געפרייט.

דער רבי ר' פישעלע האָט אויך קיינעם נישט געגעבען מיט דער בלויזער האַנד „שלום", ער האָט זי געהאַלטען שטענדיג אַרומגעוויקעלט מיט אַ פאַטשיילע אָדער האַנדטוך.

האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז איינמאָל איז געקומען צו איהם דער רבי ר' בונם פון פּשיסכע זעהן זיין התנהגות בקודש און דערביי מיטגענומען אויך מיט זיך דעם רבי'ן ר' הענעך פון אַלעקסאַנדער; האָט דער רבי ר' פישעל איהם געגעבען „שלום" מיט דער בלויזער האַנד, האָט זיך מניה וביה אויך צוגערוקט דער רבי ר' הענעך און אויך בעקומען שלום מיט דער בלויזער האַנד. האָט זיך אָבער באַלד דער סטריקאָווער צדיק געכאַפּט, אַז ער האָט געגעבען „שלום" עפּיס אַ פרעמ־דען מיט אַ נישט־פאַרבונדענער האַנד, האָט ער דערפון גע־האַט גרויס עגמת־נפש. ערשט ווען דער פּשיסכער האָט איהם געזאָגט ווער און וואָס דער רבי ר' הענעך איז, האָט ער זיך בערוהיגט.

דער רבי ר' הענעך און דער טשעכאַנאָווער רבי ר' אַברהם'עלע זענען דאָן געוואָרען מקורבים, אָבוּיצענדיג ביי איהם גאַנצע יאָהרען.

ב.

אַ גאַנצע איבערקעהרעניש איז געוואָרען פּלוצלונג אין סטריקאָווער הויף. דער רבי ר' פישעלע האָט זיך פערמאַכט אין זיין חדר מיוחד און האָט קיינעם נישט מעהר צו זיך אַריינגע־לאָזט. האָט מען געמעגט שטורמען, ווי לאַנג מען האָט נאָר גע־

וועלט, אין קול ואין עונה. איז דאך געווארען א גרויסער רעש אין דער חסידישער וועלט, עס איז נישט געווען ווער עס זאל מגין זיין אויף די יודען אין די שווערע צייטען, וואס זענען דעמאלס געווען אין פוילען צוליעב די מלחמות מיט רוסלאנד און צוליעב דעם אויפשטאנד פון קאשטשושקא'ן א. א. וו.

האט זיך אנגענומען דער רבי ר' בונם די לענדער און איז געקומען הענדום פענרום צו לויפען קיין סטריקאוו זעהן, וואס דא איז פארגעקומען.

האט דער רבי ר' פישעלע שוין נישט געקאנט איצט מעיז פנים זיין און געטענעם די פערמאכטע מהיר. אויף דער פראגע וועגען דער סיבה פון זיין פערמאכען זיך, האט דער רבי ר' פי־שעלע בתמימות דערצעהלט אט וואס:

אנומעלם איז געקומען א יוד און האט שטארק געביטערט, אז ער איז א מטופל מיט א גרויס בני־בית, אבער ער האט נישט קיין מיטלען זיי מפרנס צו זיין. האט דער רבי ר' פישעלע איהם געהייסען שפיעלען אויף דער לאטעריע און געוואונשען, אז ער זאל מצליח זיין. האט דער יוד טאקי איהם געהארכט, אבער ווען ער האט נישט געהאט קיין געלד אויסצולייזען דאס צעטעלע אין דער לעצטער קלאס, האט דער קאלעקטאר עס פער־קויפט עמיץ אנדערען און יענער האט טאקי דערויף געוואונען דאס גרויסע געווינס. אויב אזוי, האט דער רבי ר' פישעלע וויי־טער זיך מתנצל געווען פאר דעם רבי' ר' בונם, אז דער רבונו של עולם האט נישט מקיים געווען וואס ער אלס צדיק האט גוזר געווען, האט ער נישט וואס מעהר שוין אויפצוטוהן און באסטא.

האט ערשט דער פשיסכער איהם מסביר געווען, אז א צדיק טאר נישט דיקטירען דעם רבונו של עולם, ווי אזוי ער זאל דעם מענש העלפען, ווארום „מי יאמר לו מה תעשה", נאר א צדיק דארף אנווינשען, און די השגחה וועט שוין אויסגעפינען דאס מיטעל מקיים צו זיין דעם צדיק'ס צוזאג.

האט דער רבי ר' פישעלע תיכף צוריק געשיקט זיין טהיה פאר אלע שווערע הערצער און דער עולם איז ווייטער געקומען אויסוויינען זיך פאר איהם.

מאכט זיך א מעשה. נאפאלעאן האט דורכמארשירט מיט א גרויסער ארמעע דורכ'ן לאדזשער ראיאן, אבער צוליעב די גרויסע געדיכטע אור־וועלדער, וואס האבען ארומגענומען יענע געגענד, האט די ארמעע געבלאנדזשעט און נישט געפונען דעם וועג, וואס פיהרט קיין ווארשא. האט ער געפאדערט פון דער לאדזשער בעפעלקערונג איהם צו געבען א וועגווייזער. האט אבער די שטאדט פאר מורא נישט געוואלט עס טהון, איז מען געלאפען צום רבי ר' פישעלע וועגען אנ'עצה. האט ער געהייסען דעם לאדזשער איינוואוינער שמואל בערמאן, אדער שמואל פאכטער, ווי דער עולם האט איהם גערופען, וועלכער איז געווען א כושעזשינער יוד, אז ער זאל זיין דער וועגווייזער, ווארום ער איז קלאר געווען אין די דארטיגע וואלד־וועגן, ווייל „שר וגדול נפל בישראל" א גרויסער שר איז נאפאלעאן, (אויסטייט־שענדיג אזוי די ראשי תבות פון דעםווארט „נפל") ביי יודען; האט ר' שמואל בערמאן די ארמעע ארייגעפיהרט קיין בושע־ושין, פון וואנען ס'איז שוין געגאנגען א ברייטער וועג קיין ווארשא.

דערוויסענדיג זיך פון דעם יוד, אז דא וואוינט א גרויסער בעל־מופת, וואס האט איהם געהייסען ווייזען דעם וועג, האט נאפאלעאן געשיקט מיט שמואל פאכטער זיינס אנ'אדיוטאנט צו בעדאנקען פאר דער טובה און דעם רבי'ן דערפאר בעלוינען.

אבער ווי דערשטוינט איז דער פראנצויז געווען, דער־זעהענדיג פאר זיינע אויגען אנ'איינגעהויקערטען זקן מיט א שניי־ווייסער לאנגער בארד, זיצענדיג אין טלית און תפילין אין אנ'ארים פער'חושכ'ט שטיבעל, אין א האלב־איינגעזונקען היי־זעל. ס'האט דעם אפיציר בעהערשט א גרויס יראת הכבוד פאר דעם גרויסען צדיק און ער האט איהם געבעטען, אז ער זאל

אַנווינשען דער פּראָנצוויזישער אַרמעע, אַז זי זאָל מצליח זיין. דערביי האָט ער אויסגעשאָסטן אויפן דעם טיש אַ שפּאָר ביסעל גאָלדשטיקלעך אלס פדיון.

דעמאָלט ערשט האָט דער רבי ר' פּישעלע צום ערשטן מאָל זיך דערוואוסט, אַז די „רויטע שטיקלעך זענען טייערע מטבעות, פאַר וועלכע מען קאָן קריגן אַלץ געקויפט".

ג.

ביים רבי'ן ר' פּישעלע איז געווען אַן אָפּטער איינגעהער אַן אָרים שניידער'ל, פון וועלכן ער האָט געהאַלטן עולם ומלואו.

האָט זיך געטראָפן איינמאָל סוכות־צייט, ביים שניידער'ל אַ ביסעל אַרבייט, אָבער שוין ערב סוכות און דער רבי האָט נאָך נישט געהאַט צוגעגרייט די סוכה. האָט דאָס שניידער'ל אַוועקגעוואָרפן די אַרבייט, וואָס מיר שער, וואָס מיר אייזן און האָט זיך גענומען אויפצושטעלן פאַר דעם רבי'ן אַ סוכה. האָט זיך דער רבי ר' פּישעלע שטאַרק געפרייט מיט דעם שניידער'ל, פרעגנדיק איהם, וואָס ער וויל דערפאַר צו עשירות אָדער אריכת ימים, האָט דאָס שניידער'ל געבעטן, אַז דער רבי זאָל צוזאַמען מיט איהם זיצן אין גן־ערן. האָט איהם דער סטריקאָווער צדיק דאָס צוגעזאָגט, און ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, איז דאָס שניידער'ל, נעביך, קראַנק געוואָרען און אין דעם זעלבן טאָג י"ז טבת הקפ"ה (1822), ווען דער רבי ר' פּישעלע איז נסתלק געוואָרען, זייענדיק אַ בן שמונים, איז אויך דאָס אָרימע שניידער'ל געשטאָרבען און מען האָט איהם קובר געווען נישט ווייט פון רבי'ן — אַזוי האָט ער געהייסן.

דער רבי ר' פּישעלע האָט איבערגעלאָזט צוויי זיהן: ר' יעקעל אין בושעושין און ר' יצחק אין זשאַרנאָוו און אַ איידעם ר' ראובן כשר, וועלכער איז געווען רב אין גוויאזד.

ר' יעקעל בושעושינער האָט משדך געווען זיין זוהן ר' ישעיה'לע מיט אַ טאָכטער פון דעם רבי'שען דאָקטאָר ר' דוו

חיים בערנארד'ן, וועלכער איז געווען אויף דער עלטער א בעל־תשובה. האבען זיך די חסידים שטארק מתרעם געווען וועגען דעם דאזיגען שידוך פאר דעם רבי'ן ר' פישעלע.

האט ער זיינע חסידים געטרייסט, אז צוליעב דעם שידוך וועט א „היילונג אריינקומען אין דער משפחה".

און ווען ר' יעקעלע שפירא איז קראנק געווארען, איז ער מאקי געקומען קיין פיאטרקאוו צו זיין מחותן דעם דאקטאר זו־כען א היילונג און איז דא געשטארבען י"ט סיון ת"ר (1840).

ר' יעקעלע איז געווען א גרויסער סוחר, א מיליטער־ליפע־ראנט און דערביי א גרויסער בעל־מוצלח, האבען איהם צוליעב שנאה די קאנקורענטען שטארק גע'רודפ'ט און זיך געבונכע־וועט ניט איהם צוצולאזען צום ממלא־מקומו נאך זיין גרויסען פאטער. און די סטריקאווער דינאסטיע האט זיך געענדיגט מיט דעם רבי ר' פישעלע ז"ל, אבער זיינע דורות עגזיסטירען אין פוילען.

# דער „חוזה"

א.

דער שעפער און פאטער פון דער חסידישער בעוועגונג אין פוילען איז געווען ר' יעקב יצחק הלוי, דער רבי פון לובלין, וועלכען די חסידישע וועלט האט געקרוינט מיט'ן נאמען „חוזה", דער „זעהער".

ר' אליעזר האראוויטש, זיין פאטער, איז געווען רב אין יוזעפאוו און א גרויסער תם, נישט קענענדיג א צורה פון א מטבע.

אלס יונגעל האט שוין זיין איצק'ל גע'שם'ט אין דער לומדישער וועלט אלס יוזעפאווער עילוי און ווען ער איז געווארען פופצעהן יאהר אלט האט איהם דער רב פער'קנס'ט מיט דער בת־יחידה פון דעם נגיד רצון מרדכי וויינהענדלער פון קראסניבראד.

ער אליין האט זיך באשעפטיגט מיט בארגען געלד די פריצים און באלטשע, די כלה, איז געווען ווידער בעשעפטיגט אין שענק.

אין זייער וויינהאנדעל פלעגט אפט אריינקומען ווייל קויפען דער דארטיגער גלח, א פראנקיסטישער משומד, מיט וועלכען באלטשע פלעגט זיך שטענדיג אונטערהאלטען און שטארק בעפריינדעט זיין.

נאך דער התונה איז דער דאזיגער גלח ווייטער אפט

אריינגעקומען צו מרדכי וויינהענדלער אין דער שענק און בע־
קענענדיג זיך מיט באלטשען מאן האט דער גלח פערפיהרט
מיט איהם שמועסען וועגען יודישקייט און יודען א. אז. וו.
איציק'ל, דער עילוי, האט זיך אבער באלד נעכאפט, אז ער
האט דא צו טהון מיט א געפעהרליכען משומד און בעמערקענ־
דיג אויך די גלייכגילטינקייט פון זיין יונג ווייבעל צו די אלע
אפיקורסישע טענות פון גלח, האט ער נאך אין די האניג־טעג
פערלאזט דאס הויז פון דעם גבירישען שווער און זיין ווייבעל
און איז געלאפען קיין ריטשיוואל צום רבי ר' שמעלקע, וואס
איז דאדם געווען רבי זיך שואל־עצה־זיין און אויסגיסען פאר
איהם זיין הארץ, ער איז דאן אויך אין גאנצען פערבליבען
דארט. אויפ'ן וועג האט זיך מיט איהם פאסירט די זעלבע
מעשה ווי מיט יוסף הצדיק. אריינקומענדיג אין א יודישער
קרעטשמע, האט זיך דעם ארענדארס טאכטער אין איהם פער־
ליעבט. ווערענדיג מיט איהם האבען געשלעכטס־בעציהונגען,
האט ער דאס הויז באלד פערלאזט. אבער דאס מיידעל האט
דאן איהר פאטער דערצעהלט, וועלכער איז גראד דעמאלט נישט
געווען אין דער היים, אז דא איז געווען א יונגערמאן, וואס
האט זי געוואלט מאנס זיין.

באלטשע האט דערווייל פערבראכט מיט איהר גלח, וועל־
בער האט זי דאן פערנארט אין א קלויסטער אריין, וואו דעם
גביר'ס טאכטער איז געווארען א „הייליגע", א „זאקאנניצע".
פטר'נדיג באלטשען האט ר' יעקב יצחק חתונה געהאט צום
צווייטען מאל פון לאנצהוט (גאליציען) מיט דעם דארטיגען
רב'ס א טאכטער.

דארט איז ער געקומען אין בעריהרונג מיט דעם בעל־שם־
טוב'ס תלמידים, מיט'ן רבי רב בער, דעם מגיד פון מעזריטש,
מיט ר' מלכ'ל פון ליזענסק א. א.

פערטיפענדיג זיך אין די קבלה־ספרים און אין חסידות
האט ר' יעקב יצחק אנגעהויבען צו שמ'ען אויף דער וועלט אלס

א גרויסער בעל מקובל און מען האט צו איהם אנגעהויבען אויך באלד צו פאהרען.

א גרופע חסידים פון לובלין האבען איהם פערבעטען און זייער שטאדט אריין, אבער דער לובלינער רב, ר' עזריאל הארוויטש, וועלכען דער עולם האט גערופען מיט'ן נאמען „דער אייזערנער קאפ" צוליעב זיין גרוים חריפות און בקיאות אין לערנען, האט זיך שטארק אקעגענגעשטעלט דעם רצון פון די חסידים, זייענדיג בכלל א פערביסענער מתנגד פון חסידיזם.

עס האט זיך צוליעב דעם צופלאקערט אין לובלין א גרויסע מחלוקה צווישען די צדדים ד. ה. צווישען די מתנגדים און חסידים, וואס האבען זיך גרופירט ארום די צוויי פיהרער פון די יודען אין פוילען.

די ראשי הקהל אין לובלין, וואס האבען געהאט דאס רעכט צו שאפען איבער זייער שטאדט, זענען געשטאנען אויף דער זייט פון זייער גרויסען רב און האבען פאר קיין פאל נישט ערלויבט דעם יונגען רבי צו בעזעצען זיך אין לובלין, צוליעב וואס ר' יעקב יצחק איז געווען געצוואונגען צו וואוינען אין דער פארשטאדט טשעכאוו.

דאס דערפעל ווערט איצט דער צענטער פון די חסידים אין פוילען. פון וויים און ברייט איז מען צו איהם ממש עולה רגל, אנרופענדיג איהם דער „רבי פון לובלין". די מתנגדים אבער הערען נישט אויף ווייטער איהם צו רודפ'ן און אלע מיטלען האבען געהיילינט דעם צוועק.

דער „רבי פון לובלין" איז אבער געבליבען גאנץ גלייכגילטיג צו די מתנגדישע רדיפות, און דער סוף איז געווען, אז זיינע סאמע פערביסענסטע שונאים זענען געווארען מיט דער צייט זיינע טרייע אנהענגערס. ווילענדיג־נישט־ווילענדיג האבען די גבירי־העיר בעשלאסען ר' יעקב־יצחקן צו פערבעטען אין שטאדט אריין און מיט גרוים יראת הכבוד און פאראד האט מען איהם איבערגעפיהרט פון טשעכאוו קיין לובלין, אבדינגענדיג פאר איהם א הויז צו וואוינען און אויף א בית־המדרש.

ב.

דאָס לעבן פון „רבי פון לובלין" איז געווען דורכגענומען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּרומקייט און הייליגקייט. די תורה פון מעזריטשער מגיד און די קדושה פון ר' מלכ'ל פון ליזענסק, פון זיינע צוויי גרויסע רבי'ס, זאָגט מען, זענען געווען אין איהם פעראייניגט. „קדושה קומט ניטש בירושת", האָט דער רבי פון לובלין געזאָגט, אַזוי גוט ווי די תורה „התקן עצמך, אַרבייט דיך אַליין אויס". די גרויסע לומדי תורה פון פּוילען זענען געווען זיינע תלמידים, ווי דער „יוד הקדוש", ר' דוד'ל לעלעווער, ר' שמואל קאַראָווער, ר' ישעי'לע פשעדבאָרזשער, ר' שלמה בונם פשיסכער, דער זדיטשאָווער, דער דינאָווער, ראָפּשיצער, בעלזיצער, זשעליכאָווער או"וו. הונדערט און צוואַנ־ציג אויסגעוועהלטע פלעגן שטענדיק זיצען אַרום דעם טיש פון „רבי פון לובלין". ער האָט פאַר זיי דערצעהלט וועגן זיינע וויזיעס, חזיונות און געזאָגט דברי תורה און קבלה. ווי, די דאָזיגע גרויסע צדיקים, האָבען זיך פערטיעפט אין זיינע ווערטער אָדער רמזים און פלעגן שטעהען לפני רבם מיט גרויס יראת הכבוד, שרעק און ציטערניש. דער „דינאָווער" האָט איהם פערגליכען צו שמואל הנביא, נאָר מיט דעם אונ־טערשיד, וואָס ביים רבי פון לובלין פעהלט דער „כה אמר ה'", אַזוי האָט נאָך געזאָגט, נאָר ער זעהט אַלץ אַליין דורך רוח הקודש, אָנרופענדיג איהם דעריבער „החוזה", דער „זעהער".

„אַ נאָר זעהט אויף אַן אייל, האָט געזאָגט אויף זיך דער „חוזה", אַ חכם אויף אַ מייל".

דעריבער האָט דער „חוזה" נישט געפאַסט קיין תעניתים, ער האָט געדאַווענט און געלערענט מתוך חרות, מיט פרייד און געזאַנג געדיענט דעם בורא־עולם און נאָך יעדען דאַווענען אָדער לערנען האָט דער עולם געמוזט פערבייסען מיט אַ טרונק בראָנ־פען. ער האָט ספּעציעל ביי זיך געהאַלטען אין הויף דעם בעד־קאַנטען וויצלינג און פּאַטריקער ר' מרדכי ראַקאָווער. כדי

תמיד צו זיין ביי א פרעהליכער שטימונג. מיט זיין הויף־לײַט פלעגט זיך דער „חוזה" ווײַזלען און ארומשטיפען. אויף אלע שמחות, וואס זענען נאר פארגעקומען אויף זיין הויף, האט מרדכי ראקאווער געמוזט בעווייזען זיינע שטיקלעך און זאגען וויצען אויף וואס די וועלט שטעהט, אפילו איהם זעלבסט פעד־טשעפען.

מען דערצעהלט ועגען א שפאס, וואס מרדכי ראקאווער האט זיך געמאכט מיט'ן „חוזה", פרעגענדיג איהם א שאלה, ווי ער האט זיך נוהג צו זיין ביי דעם סדר, וועלענדיג דערמיט א שמאך טהון דעם רבי'ן, אז ער קאן קיין שאלה נישט פסקנ'ען, ווי די מתנגדים פלעגען אויף איהם זאגען...

אממייסטענס האט די מתנגדים פערדראסען אויפ'ן „חוזה" צוליעב זיינע קמיעות און סגולות, וואס ער פלעגט געבען פאר חולאים און פאר די, וואס האבען זיך געווענדעט צו איהם ועגען א ישועה, נעהמענדיג דערפאר גרויסע פדיונות פון די חסידים זיינע.

ווען דער דובנער מגיד איז אמאל געקומען צום „חוזה" אין שטוב אריין און דערזעהען ביי איהם אויפ'ן טיש א קופע געלד, האט ער איהם געפרעגט פון וואנען עס נעמט זיך צו איהם אזוי פיעל געלד, אין דער צייט, ווען ער, דער מגיד, רעדט און רעדט אזוי פיעל אין די שטעדט און שטעדטלעך און קיינער גיט איהם נישט קיין גראשען. האט איהם דער חוזה געענטפערט: ווייל זיין, דעם מגיד'ס שטרעבען איז נאר געלד און געלד, דעריבער בעקומט ער עס נישט; ער דאגעגען שטרעבט נישט צו געלד, דעריבער בעקומט ער עס. „ווארום — זאגט דער חוזה — ווער ס'האט ליב געלד, דער האט עס נישט".

דאס אריגינעלע התנהגות פון חוזה און זיין גייסטיג לעבען האט אנגעמאכט אין יודישען וועלטעל א גרויס איבערקעהרע־ניש אין סוף פון 18־טען יאהרהונדערט און דער חסידיזם האט

אויך בעהערשט דאס גאנצע יודישע לעבען אין פוילען.

נאך בחייו זענען געווארען זיינע תלמידים אליין רביים, צו וועלכע דער עולם איז אויך געפאהרען, וואס עס האט נאטירליך ארויסגערופען א גרויס אומצופרידענהייט אין „לובלינער חוזה", זעהענדיג דערין א מין קאנקורענץ אויפ'ן דביישען נעביעט. אבער באין ברירה האט זיך שליסליך דער הויף געמוזט אונטערגעבען, כדי צו דערהאלטען זיין פרעסטיזש. האט דאך דער „חוזה געזאגט: „ווען דו קאנסט נישט אריבער, זאלסטו אבער נישט ארונטער".

ג.

„ווען נישט דאס גרויסע אומגליק, וואס האט פאסירט אין שמחת תורה פים'ן „חוזה" בשעת הקפות אין יאהר תקע"ה, וואלט ער אודאי אראבגעבראכט משיח'ן" — האבען זיינע מקורבים פערזיכערט.

מאנצענדיג מיט דער תורה, איז דער חוזה פאר גרויס עקסטאז און התלהבות ארויסגעשפרונגען פון פענסטער פון צווייטען שטאק פון זיין בית המדרש, און אראבגעפאלענדיג אויפ'ן ברוק פון דער גאס האט ער דאס גאניק צעבראכען, פון וואס ער איז נישט מעהר פון זיין בעט אויפגעשטאנען.

וועגען דעם דאזיגען, אזוי אומגליקליכען שפרונג, ווערט דערצעהלט, אז דער חוזה האט א געוויסע ציים פריהער פערמרויט זיינע מקורבים, אז די סטרא אחרא האט זיך צו איהם צוגעטשעפעט און וויל איהם אוועקשלעפען אין די וויסטע וועלדער אריין און אומברענגען פון דער וועלט, בעטענדיג זיך ביי זיי, אז מען זאל אויף איהם שטארק אכטונג געבען, אז די סטרא אחרא זאל נישט האבען איבער איהם קיין שליטה.

ס'האט זיך דעריבער באלד גערשאפען פון זיינע טרייעסטע צעהן מקורבים א „שמירה", וועלכע האט ביים „חוזה" געוואכט טאג און נאכט, אפילו ביים בעט.

אבער בשעת „הקפות", ווען דער עולם איז געווען

פערטהון מיט דער שמחה, האָבן די „שומרים" אינגאַנצען פערגעסען אין דער גענאה"ר, וועגען וואָס דער חוזה האָט זיי פערטרויט, און אָבטהועגדיג פון איהם זייער אויג, האָט מאַסע געטראָפען, אז סטרא אחרא האָט איהם גובר געווען.

אזוי האָבען גע'מענה'ט זייגע חסידים. די מתנגדים אָבער, מיט'ן „אייזערנעם קאָפ" בראש, האָבען אַנדערש אויסגעטייטשט דעם דאָזיגען צופאַל, מאַסע לויט זייער שטייגער, אז זייענדיג בגלופין איז ער פשוט ביים טאַנצען ארויסגעשפרונגען פון פענסטער...

אז מען האָט דעם חוזה דערצעהלט, וואָס זייגע מתנגדים זאָגען, האָט ער זיך שטאַרק צולאַכט, ענטפערענדיג, אז זייער

אָבער אין זייגע גרעסטע יסורים האָט מרדכי ראַקאָווער פרייד איז א בחנם'דיגע. אין טאָג פון זיין טויט וועלען זיי אפילו קיין קאָפּעטשקע בראָנפען אויך נישט קאָנען טרינקען... געסוזם איהם זאָגען וויצען, מאַכען לצנות אא"וו, כדי צו דער האַלטען איהם ביי א פרעהליכער שטימונג.

נאָהענט צו דער פטירה האָט זיך דער חוזה ביי איהם געבעטען, אז ער זאָל זאָגען עפּעס א מלתא־דבדיחותא, אַנ'אַנעקדאָט. דערפאַר פערזיכערט ער איהם עולם־הבא. דערצעהלט איהם מרדכי ראַקאָווער טאַקע א מעשה, ווי ער האָט אַמאָל אריינגענאַרט א פויער אין דער מקוה. קויפענדיג ביי א פויער א וועגעלע שעטשקע האָט ער געהייסען איהם פערפאָהרען צו דער מקוה און אין קעלער, וואו ס'איז געווען דאָס וואַסער, האָט ער איהם געהייסען אויסשיטען די שעטשקע, וואָס דער פויער האָט אויך געטהון, נישט בעמערקענדיג אין דער פינסטער נישט, אז דאָרט איז דאָ וואַסער.

און ווען די שעטשקע איז שוין געווען דאָרט אויסגעשיט האָט ער געהייסען דעם פויער אהינצו אריינגעהן און צוטרע־טען מיט די פיס, אז עס זאָל נישט זיין אזא הויכע קופּע. האָט איהם אויך דאָס דער פויער געפאָלגט און איז דערביי אריינ־

געפאַלען אין וואַסער און געטאָפּיעט — כי באו מים עד נפש.

„אָט — האָט דער חוזה אַ געשריי געטאָן — מרדכי ביזט אַ טוּעס, אַז דו האָסט געקאָנט אַריינגענאַרען די סטרא אחרא אין דער מקוה, ביזטו אַ גוטער ברודער" — און ער האָט זיך דערביי שטאַרק צעלאַכט.

און צעלאַכענדיג זיך אַזוי צוליעב דעם ווייז פון זיין ל״נ, מיט וועלכען ער האָט איהם געגעבען אָנצוהערען, פאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט אַריינגענאַרען פון דער „סטרא אחרא" — איז דער חוזה נפטר געוואָרען אין תשעה באב נאָכמיטאָג תקע״ה (1815).

די מתנגדים מיט'ן „אייזערנעם קאָפּ" בראש האָבען טאַקע נישט געקאָנט פאַר פרייד אַ קאָפּיטשקע בראָנפען טרינקען צוליעב'ן תענית...

וועגען פריהען טויט פון חוזה ווי וועגען זיינע חזיונות און מופתים ווערען דערצעהלט פערשיעדענע פאַנטאַסטישע מעשיות, פון וועלכע איך וויל נאָר דערמאָהנען דאָס, אַז ער פלעגט יעדעס יאָהר זיך מאַכען אַ לוח און פערצייכענען, וואָס ס'וועט יעדען טאָג פאַסירען אין יודישען וועלטעל. דאָס יאָהר פון זיין פטירה האָט מען נאָר געפונען מערקווירדיג אויפגעצייכענט די פאַסירונגען ביז תשעה באב נאָכמיטאָג פון יאָהר תקע״ה.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער אויך געפאַסט פיערציג טעג און מתפלל־געווען אויף ביאת משיח, האָט זיין עולם גערעכענט, אַז צוליעב דעם, וואָס ער האָט בלויז געמאַכט זיינע פערצייכנונגען ביז דעם טראַגישען תשעה באב, וועט אודאי אין דעם טאָג קומען משיח.

נאָך היינט קען מען זעהן אין לובלין דאָס קליינע הייזעל ביים בית־המדרש אויפ'ן „גע־על", וואו עס האָט געוואוינט, געלערענט און עוסק געווען אין עבודת־הבורא, און אויך דאָס פענסטער, דורך וועלכען ער איז ביי די „הקפות" אַזוי אומ־

גליקליך אַרויסגעפֿאַלען.

— דאָס דאָזיגע פֿענסטערל איז פֿאַרהאַקט מיט ברעטער ביז'ן היינטיגען טאָג און עס ווערט שטאַרק פֿאַרהיילינגט פֿון דעם אַלטען דור.

אויפ'ן בערגעל פֿון אַלטען בית החיים אין לובלין זעהען מיר אויך דעם פֿאַרכוישערטען קבר פֿון חוזה מיט אַ הויכער, ווייסער געוועהנליכער מצבה צו קאָפּענס מיט'ן פּנים צו מערב, בעשריבען פֿול מיט נעמען, אויף וועלכער ס'געפֿינט זיך דער בולט'ער אויפשריפט: „עדה המצבה הזאת מצבת קודש קדושת רבינו" — דאָס איז די היילינע מצבה פֿון אונזער היילינען רבי'ן — „כל בית ישראל יבכו, אַלע יודען בעוויינען איהם, כי הושך אור בעדנו, פֿינסטער איז געוואָרען אונזער ליכט, ביום שרפת בית אלוקינו, אין דעם טאָג, ווען דאָס בית המקדש איז פֿאַרברענט געוואָרען, הוא יום פּטירת איש קודש המקובל, דאָס איז דער טאָג, ווען ס'איז נפטר געוואָרען דער קדוש און בעל מקובל, פּאר הדור, די קרוין פֿון זיין דור אא"וו אא"וו „ארץ רעשה לפ"ק", אַ ציטער האָט דערפֿאַלט געטהון די גאַנצע וועלט.

נישט ווייט פֿון זיין קבר, רעכטס איז געקומען צו קבורה זיין גרויסער געגנער, דער אַזוי־גערופֿענער „אייזערנער קאָפּ", וועלכער איז נפטר געוואָרען כ"ב חשון תקע"ט.
אָבער די פֿאַרביסענע חסידים, וואָס זענען עולה־רגל נאָך ביז היינטיגען טאָג צום קבר פֿון „רבי פֿון לובלין" און זענען דאָרט מתפּלל, אַריינלעגענדיג אין די שפּאַלטען פֿון דעם פֿאַרמויערטען קאַסטען זייערע „קוויטלעך", מיידען נאָך היינט אויס דעם קבר פֿון „אייזערנעם קאָפּ", צוליעב די מחלוקת, וואָס ער האָט געגען דעם חוזה אָנגעפֿיהרט, אין דער צייט, ווען ער זעלבסט האָט קיין בייז האַרץ קיינעם פֿון זיינע געגנערס נישט נאָכגעטראָגען

זיין גרויס דביקות און פשטות, זיין האַרציגקייט און ליבע צום כלל ישראל און זיין מסירת־נפש פאַר'ן קיום היהדות האָט ניט געקענט פערטראָגן קיין שנאת צו קיינעם ניט, אפילו ניט צו די, וואָס האָבען איהם אין לובלין אזוי שטאַרק גע'רודפ'ט און דברי לעז אויף איהם אויסגערעדט און מוז־ל געווען זיין עהרליך פערדיענטען כבוד.

פון חוזה זענען פערבליבען דריי ספרים אויף תורה און קבלה: „דברי אמת", „זאת זכרון" און „זכרון זאת", פון וועל־כע דאָס ערשטע איז נאָך ביי זיין לעבען ערשינען (1808).

זיין אייגציגער זוהן איז נפטר געוואָרען פינף יאָהר פריהער פון איהם (תר"ע) לויט דער אויפשריפט פון דער מצבה, וואָס געפינט זיך אויפ'ן בית־החיים אין לובלין.

# דער רבי ר' אלימלך

א.

דער רבי ר' אלימלך שפּירא איז דער פֿאָטער פֿון דער אַזוי־גערופֿענער „גראָדזיסקער דינאַסטיע".

ער איז אַ זוהן פֿון מאָגעלניצער רבי ר' יחיאל מאיר און אַן אייניקעל פֿון דער בעקאַנטער פּערעלע, די קאָזשעניצער רבי'צין, וועלכע איז געווען די בת־יחידה פֿון קאָזשעניצער מגיד.

ווען דער געבורט פֿון גראָדזיסקער צדיק ווערט דערצעהלט, אַז ביים מאָגעלניצער האָט זיך נישט געהאַלטען קיין קינדער. זיי זענען יונגערהייד אַוועקגעגאַנגען פֿון דער וועלט. האָבען גוטע יודען גע'עצה'ט, אַז די רבי'צין זאָל זיך אָנטהון אַ רויטע ספּודניצע און געהן אין איהר מאָג און נאַכט. איז זי טאַקע געהאָלפֿען געוואָרען און געבוירען דעם גראָדזיסקער רבי ר' אלימלך, וועלכער האָט זיך שוין ביי זיי געקאָוועט.

איז אָבער דער מאָגעלניצער יונגערהייד געשטאָרבען און דאָס אויסגעבעטענע קינד איז ערצויגען געוואָרען ביי ר' אליעזר'ל, אויך אַן אייניקעל פֿון קאָזשעניצער מגיד.

און ווען ר' אליעזר'ל איז נפטר געוואָרען, האָט דער עולם חסידים גענומען דעם גראָדזיסקער אַלס כמלא־מקומו.

זיינע מקורבים זענען געווען דער אָסטראָווצער ר' יחיאל מאיר, דער שעדלעצער, דער שידלאָווצער ר' נתן דוד און נאָך אַ סך אַנדערע גדולים.

די חסידישע לעגענדע דערציילט, אז א ווארשאווער חסיד ר' ישראל הובערבאנד האט געהאט ביים גראדזיסקער גע־בעטן וועגן „פרנסה", האט איהם דער רבי מבטיח געווען, אז ער וועט אין קורצען ווערן א גביר.

סאכט זיך דעם חסיד א שטיקעל געשעפט ביים ווארשא־ווער בעקאנטען באנקיר לעסער, און אויסצאהלענדיג איהם א געוויסע סומע, האט זיך דער קאסירער מועה געווען און הו־בערבאנד'ען געגעבען עטליכע טויזענד רובל מעהר. ווי ס'איז איהם געקומען אהיימקומענדיג האט הובערמאן ערשט דאס בעמערקט, האט ער תיכף צוריקגעטראגען אין קאנטאר ארייז דאס איבריגע געלד, צוליעב וואס לעסער האט צו הובערבאנד'ען בעקומען דעם גרעסטען צוטרוי, אנטרויענדיג איהם אויך גרויסע סומעס געלד, פון וואס ער איז אליין געווארען א גרויסער גביר, א באנקיר.

דער גראדזיסקער האט זיך אויך אבגעגעבען מיט כלל־זאכען, וואס האט איהם שטארק פאפולער געמאכט אין אלע יודישע קרייזען און א סך פאר דעם כלל אויפגעטהון מיט זיינע השתדלנות'ן.

ווען ס'איז ארויס די „גזירה" פון ווארשאווער שול־קורא־טאר און רוסיפיקאטאר אפוכטין, אז מען זאל לערנען רוסיש אין די חדרים און תלמוד־תורה'ס, האט דער גראדזיסקער צונויפגערו־פען קיין אסיפת צאַנאסיפת פון אלע פוילישע גוטע יודען און רבנים, צווישען וועלכע ס'האבען זיך אויך געפונען דער „שפת אמת", דער סאכאטשאווער, דער אלעקסאנדערער, דער ווארקער, דער „נפש חיה" א. א. גדולים, און מען האט צענויפגענער מען א סומע פון צעהנטויזענד רובל, וואס מען האט געגעבען דעם ווארשאווער גענעראל־גובערנאטאר הורקא'ס ווייב אלס מתנה פאר'ן „רויטען קרייץ", אין וועמענס שפיץ זי איז גע־שטאנען, און די גזירה איז אביסעל פער־לייכטערט געווארען מיט דעם, וואס מען האט אויפגעהערט רודפ'ן אזוי שטארק די מלמ־דים און די רבנים.

ר׳ אלימלך פון גראדזיסק האט אויסגעבעטן, נעהאלפען און געטרייסט די גאנצע וועלט, נאר פאר זיך אליין האט ער גארנישט געקענט אויפטהון, דאס איז שוין דער גורל פון אלע גרויסע יחידען און צדיקים.

ער האט נישט געהאט בחיים קיין גרויס נחת פון זיין הויז.

געהאט א בן־יחיד ר׳ יחיאל־מאיר, דער פאטער פון היינטי־גען גראדזיסקער רבי ר׳ ישראל׳טשע (דער „אמונת־ישראל״), איז ער יונגערהייד נפטר געווארען. אויף דער עלטער איז ער אליין א פערוויסטער אלמן, געבליבן, געווארען. און נישט האבענדיג קיין זוהן, האט דער רבי ר׳ אלימלך חתונה געהאט, זייענדיג עטליכע און זיבעציג יאהר אלט, מיט ברכה׳לען, די טאכטער פון כענטשי־נער רבי ר׳ חיים־שמואל שטערענפעלד.

ברכה׳לע די רבי׳צין איז געווען אן׳אלמנה, איהר ערשטער מאן ר׳ יהושע־העשעל תאומים פרענקעל איז געווען רב אין סאנ־קעט און האט ביים גרויסען „דין־תורה״ וועגען „יאשע קאלב״, מיט וואס ס׳האט זיך דאמאלסט פעראינטערעסירט די גאנצע רבנישע וועלט, געשפיעלט נישט קיין קליינע ראלע, זייענדיג א קרוב פון שידלאווצער רבי ר׳ נתן־דוד — דער זיידע פון „יאשע קאלב״, וועגען וואס מיר וועלען שפעטער באריכות דערצעהלען.

צוזאמענגעס נאך דער חופה פון גראדזיסקער מיט ברכה׳לען, האט דער „כענטשינער״, איהר פאטער, איהם געוואונשען מזל־טוב א בן־זכר...

צו ניין חדשים האט ברכה׳לע די זקנה, געבוירען א זוהן, און דאס איז דער היינטיגער פיאסעטשנער רבי ר׳ קלמיש׳ל אין ווארשא, וועלכער איז א שטילער גאון און דערביי א גרויסער חובב־ציון, פיהרט־אן מיט א ישיבה פון עטליכע הונדערט בחורים און איז מחבר פון חב״ד׳ישען ספר „בני מחשבה טובה״.

ברכה׳לע האט נאך געבוירען א צווייטען זוהן, דאס איז דער הרב ר׳ אליהו שפירא אין ירושלים.

אבער נישט לאנג איז דעם גראָדזיסקער צדיק בעשערט געווען זיך צו פרעהען מיט זיינע גוראָטענע זיהן, די בני זקונים׳לעך. ער איז נסתלק געוואָרען ערב ר״ח ניסן תרנ״א (1892), זייענדיג אַנ׳ערך פון 50 יאָהר רבי.

די גראָדזיסקער „מלוכה״ איז זיך צופאַלען, דער פיאַסעטשנער איז דאַמאָלסט אַלט געווען קוים צוויי יאָהר, האָבען זיך מיט איהם איינגעטיילט די אייניקלעך מיט דעם היינטיגען גראָדזיסקער ר׳ ישראל׳טשע בראש.

ברכה׳לע, די מוטער פון פיאַסעטשנער, וואוינט ביי איהם, זי טראָגט אויף איהר לייב אַ טלית־קטן און חסידים זענען זיך אויך ביי איהר מזכיר...

ברכה׳לע בעהאַלט אין זיך אויך דעם סוד וועגען דעם רבי׳שען זוהן, וועלכער איז ענטפלעקט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „יאָשע קאַלב״, מיט וועמען עס האָט נישט לאַנג געקאָכט די גאַנצע רבנישע וועלט, הויפּטזעכליך אָבער די „רבי׳שע הויפען״.

איך וויל עס איבערגעבען, לויט ווי ס׳איז פאַרשריבען אין די „שאלות ותשובות״־ספרים און פון אַנדערע קוועלען.

דער שידלאָווצער רבי ר׳ נתן־דוד, דעם גראָדזיסקער׳ס אַ מקורב און אַנ׳אייניקעל פון „יוד הקדוש״, האָט געהאַט אַ זוהן ר׳ צמח, וועלכער איז געווען דער ממלא מקום פון זיין פאָטער. קנס׳ט פאַר דער טאָכטער פון קאָמיאָנקער רבי ר׳ שיעלע.

שוין בחור־ווייז האָט מען מוצא שם רע געווען, אַז דער „קליינער״ איז עפּיס נישט מיט אַלעמען, ער ווייזט אַרויס סמנים פון משוגעת.

און עטליכע וואָכען נאָך דער התונה האָט משה־חיים פערלאָזט אין אַ פינסטערע נאַכט זיין שטוב, מיט דעם אויסרעד צוצומאַכען די לאָדענס פון די פענסטער און איז מעהר נישט צוריקגעקומען אין דער שטוב אַריין. אַלע שפּורען וועגען איהם זער

נען אויף פערלוירען נעגאנגען...

דאס ווייבעל איז פערבליבען א בעטריבטע עגונה, זי האט זיך שוין איינגאנצען נעהאט מיאש געווען פון איהם, אבער פלוצלונג, נאך גאנצע פופצעהן יאהר, קומט זיך דער בחור צוריק פון קאמיאנקא אבגעריסען און אבגעשליסען, שטארק בעוואקסען און מיט א געשטופעלט פנים, פארשטעלענדיג זיך, אז ער איז משה-חיים, דער מאן פון קאמיאנקער רבי'נס טאכטער, א.א.וו.

אבער נישט דאס ווייב און נישט קיין אנדערער האבען איהם געקאנט דערקענען, ווארום ער האט זיך דאך דורך די צייט גער האט שטארק געענדערט אין אויסזעהן א.א.וו., האט דער צוריקגעקומענער געזאגט אינטימע סודות פון דעם ווייב און נאך אנדערע היימישע סודות, אז ס'האט שוין נישט געקאנט זיין מעהר קיין ספק, אז ער איז משה-חיים, וואס אין אין יענער פינסטערער נאכט פלוצלונג אוועקגעקומען. ער האט דערציילט, אז אין יענער נאכט איז אין איהם אריין א משוגעת אין קאפ און ער האט אתמער געצונדען דעם קלויסטער אין קאמיאנקא, וועלכער איז דאן אוועק מיט דעם רויך און איבערלעגענדיג דאן זיך, וואס פאר א פערברעכען ער האט אבגעטהון און וואס פאר א שווערע שטראף עס דראהט איהם דערפאר און אויך וואס פאר א חלול-השם דאס קען זיין פאר די יודען — האט איהם די מורא נעיאגט אין דער פ-עמר אריין און ער האט זיך ארומגעשלעפט אין דער וועלט, וואו די אויגען האבען איהם געטראגען.

ער האט זיך בעהאפטען צו די שלעפערס און געווארען א מרינה-געהער, געשנארעט און געבעטעלט, גענעכטיגט אין די הקדשים און ווען ער איז איינמאל געפעהרליך קראנק געווארען אויף פאקען האט מען איהם גענומען אין שפיטאל אריין, אין וועלכער שטאדט דאס איז פארגעקומען געדענקט ער שוין נישט. אמאל האט ער אנגעוויזען אויף בריסק, אמאל אויף אן אנדער שטאדט א.א.וו.

איצט האט ער ווייטער ערקלעהרט, אזוי ווי ער רעכענט, אז

נאך אזא לאנגע צייט איז שוין די מעשה מיט דעם קלויסטער פערגעסן, און ער האט אויך נישט מער מורא צו האבן פאר א שטראף, איז ער צהיימגעקומען צו זיין ווייב און וויל מיט איהר וואוינען.

האט מען דאך איהם נישט געוואלט גלויבען די מעשה, האט דער סאסיאנקער רבי אנגעפרעגט וועגען דעם זיין מחותן דעם שינאווער רבי ר' יחזקאל'ע, האט ער געהייסען, אז לויט די סמנים וואס משה־חיים האט געזאגט, איז ער טאקע משה־חיים, דער מאן פון זיין טאכטער, און זי מעג מיט איהם וואוינען כדת משה וישראל.

מאכט זיך א מעשה, אז אין רבי'נס בית־המדרש וועגען אין א צייט ארום געקומען חסידים צום רבי'ן פון קראסנאבראד און דערוועהענדיג דעם בלוטר'שמען משה־חיים האבען זיי דערקענט אין איהם, אז ער איז יאשע קאלב, וועלכער איז פאר א געוויסער צייט פון קראסנאבראד פלוצלונג פערשוואונדען געווארען, איבערלאזענדיג דארט זיין ווייב אן עגונה.

האט ער געלייקענט שטיין און ביין, אז די גאנצע מעשה, וואס יענע חסידים דערצעהלען, איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. האט זיך אבער דערפון די וועלט דערוואוסט און עס האט זיך געמאכט א גרויס סקאנדאל, היתכן, דעם סאסיאנקער צדיק'ס טאכטער אן אשת־איש?!...

און אזוי ווי דער סאסיאנקער רבי איז געווען א צאנזער חסיד און א מחותן פון דעם שיניאווער רבי ר' יחזקאל'ע, וועלכער איז ווייטער געווען א זוהן פון צאנז, האבען די „קארינגורער" חסידים, וואס זענען געווען מיט צאנז אויף לעבען און טויט, בעפאלען מיט גרויסע זלזולים דעם שיניאווער רבי דערפאר, וואס ער האט מתיר געווען אן אשת־איש צו א ווילד־פרעמדען מאנספערשוין...

האט זיך וועגען דעם געטומעלט יאהרען לאנג צווישען די רבנים און גדולים, צי דאס איז משה־חיים, דעם שידלאווצער'ס א זוהן, צי טאקע יאשע קאלב. מען האט געשריבען בערג שאלות

תשובות, ווי ר׳ יצחק שמעלקעס דער לעמבערגער רב (זעה אין שו״ת „בית יצחק״ חלק אבן העזר), דער מונקאטשער רבי ר׳ אליעזר (מנחת אליעזר) און נאך צעהן אנדערע (ספר „דרכי תשובה״ א. א. וו.). דער סוף איז געווען, אז דאס פאר־פאלק האט זיך געמוזט גט׳ן, לויט ווי עס האט גע׳פסק׳ענט דער סארקאווער רבי ר׳ יהושע־העשעל תאומים פרענקעל, ברכה׳לעס ערשטער מאן. דער גט איז געווארען דורכגעפיהרט ביים שיניאווער רבי. דער־ביי האט ער דעם ווייבעל גע׳אסר׳ט חתונה צו האבען מיט א צווייטען מאן, צוזאגענדיג איהר דערפאר אריכת ימים. זי איז ערשט נישט לאנג געשטארבען.

ראנגעגען משה־חיים האט נאכ׳ן גט באלד חתונה געהאט מיט א צווייט ווייב, געהאט מיט איהר עטליכע קינדער, וועלכע לעבען נאך היינט ביי אונז אין פוילען. ער האט אבער זיין גאנץ לעבען געלעבט פון נדבות, אין א חיי צער. אבגעהאלטען תעניתים און סגופים, געלערנט און מתפלל געווען, ארויסווייזענדיג פון צייט צו צייט סמנים פון משוגעת.

ער פלעגט אפט קומען קיין גראדזיסק. דער רבי האט איהם שטארק מקרב געווען, האלטענדיג, אז ער איז נכשל געווארען און איז א בעל־תשובה.

משה־חיים אליין פלעגט זיך אויך שעמען פאר מענשען. אין אלע שטיבלעך און בתי־מדרשים פלעגט ער ארויסרייסען אלע בלעטלעך אין די תשובות־ספרים, אין וועלכע ס׳ווערט דערצעהלט וועגען זיין פערגאנגענהייט, מיטנעהמענדיג זיך דעם גרויסען „סוד״ אין זיין קבר אריין...

# דער „זאלושינער" — א דאקטאר — א גוטער ייד

דער „זאלושינער" — האט מען איהם קורץ גערופען. גע־הייסען האט ער אבער מיט'ן ריכטיגען נאמען: ר' חיים דוד ד"ר בערנארד. געשטאמט האט ער פון קליין־פוילען. געקומען איז ער קיין פ.אטרקאוו אלס דאקטאר פון דער שטאט זאלושין און אין פיאטרקאוו איז ער נתגלה געווארען אלס „רבי"..

געווען איז ער א רבי מיט אלע פיטשעווקעס, געלאזט זיך וואקסען באַרד און פאות, אנגעטהון א שטריימעל און א זיידע־נעם כאלאט. אין דער וואָכען אפילו האט ער געטראגען א ברייט־טען גארטעל אויפ'ן כאלאט זיינעם. ער האט געפּענט זיין אייגען בית־המדרש, געגומען קווימלעך, געפראוועט טיש, שבת און יום־טוב, געטיילט שריים, געוואשען זיך פרייטאג צונאכטס צו 12 חלות, געזאגט פאר'ן עולם תורה א. אז. וו.

ידער־ביי האט ער אלס דאקטאר פראקט.צירט אויך ווייטער, נעגאנגען צו הולאים אהן אונטערשיעד — קריסטען צי יודען. געשמ'ט אלס גרויסער דאקטאר און געהאט אויך א גרויסע פראקטיק.

פון וויים און ברייט איז מען צו איהם געקומען. דער — ווענען רפואת הנפש, דער — ווענען רפואת הגוף, טראץ דעם אלעם, איז ער פארט ארים געווען, דאס פערדינסט האט ער צע־

מילט צווישען זיינע אָרימע חסידים. קיין פדיונות האָט ער נישט גענומען. אָבער דער עני שבעני האָט געטווט איהם בע־צאָהלען פאַר דער וויזיט כאָטש 2 פוילישע גילדען: א בחנם־דיגער רופא איז גאָרנישט ווערט. א קישען האָט ער געהייסען אג'אָרימאן פערזעצען און איהם האָט מען געטוזט באַצאָהלען פאַר דער וויזיט. אָבער פאַר דעם געלד, וואָס ער האָט גענומען פון אג'אָרימאן האָט ער געקויפט די מעדיצין, וואָס ער האָט פערשריבען און ז. אַהיימגעשיקט פאַר'ן חולה. שבת האָט ער קיין רעצעפטען נישט פערשריבען, נאָר געגאַנגען אַליין אין דער אַפטייק און דאָרט דעם אַפטייקער דיקטירט די רעצעפט.

זיין גאַנץ לעבען איז איינגעהילט אין א שלייער פון לוי־מער לעגענדעס.

מען דערצעהלט, אַז זיינע עלטערן האָבען געוואוינט אין א דאָרף אין קליין־פוילען, דער פאָטער זיינער האָט געהאַלטען די פראַפינאַציע ביים פריץ. אַלס דריי־יעהריג קינד איז ער פון דערהיים אוועקגעקומען. פרעמדע, וואָס זענען פערבייגעפאָהרען פאַר'ן דאָרף און דערזעהען פאַר א הויז שטעהען א בילד־שען קינד, האָבען עס מיט זיך מיטגענומען. דאָס זאָלען זיין געווען קריסטען.

אנדערע בעהויפטען, אַז דער פריץ זעלבסט האָט געלאָזט אוועק'גנב'ענען דאָס קינד פון זיין יודישען ארענדאר, נישט פערגינענדיג אזא געראָטען שען קינד דעם יוד...

ווי עס זאָל נישט זיין — דאָס קינד איז יאָהרען לאַנג נישט געווען ביי די עלטערן. ווערענדיג ערצויגען אין דער פרעמד, איז ער געגאַנגען אין די שולען אין קראָקא. דאַן האָט ער געלערנט אין דער ברעסלויער אוניווערזיטעט מעדיצין. נע־ענדיגט אַלס דאָקטאָר, איז ער אריינגעטרעטען אין פוילישען מיליטער, געוואָרען דאָרט לייב־אַרצט פון גענעראַל זאַיאָנטשיק, וועלכער איז דאַן געוואָרען דער נאַמיעסטניק פון פוילען, און מיטגעמאַכט ד, שווערע מלחמה אונטער דער קאָמאַנדאָ פון פוי־

לישען פריוהייטס־העלד קאָשטשושקאָ אין דער געטשיידונגס־שלאַכט ביי וראַצלאַוויצע.

ביים גענעראַל זאַיאָנטשעק האָט ער קענען געלערנט די באָנע העלענאַ, וואָס איז ביים גענעראַל געווען אָנגעשטעלט. די באָנע איז געווען אַ געבוירען יודיש קינד. זי האָט איהם נישט אויסגעזאָגט. אָבער זי האָט נישט געוואָלט חתונה האָבען מיט בערנאַרד'ן, מיינענדיג, אַז ער איז אַ קריסט. דער דאָקטאָר האָט שוין לאַנג געהאַט אַ שטיקעל אהנונג, אַז ער קומט אַרויס פון יודען. אין חלומות האָט זיך איהם בעוויזען זיין פערשטאָרבענע מוטער און איהם מודיע געווען, אַז ער זאָל וויסען, אַז ער שטאַמט פון זרע אברהם. ווייל ער איז נישט קיין יוד, האָט זי נישט קיין רוה אין קבר. שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט אונטערזוכען פון אַ מוהל, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט, אַז ער איז מאַסע אַ יודיש קינד. ער האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען צוריקקעהרען זיך צום יודענטום, און האָט פערטרויט אויך זיין געליבטע העלענאַ דעם סוד. פון איהר האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אויך זי, איז אַ יודיש קינד. זיי האָבען דאַן ביידע בעשלאָסען חתונה צו האָבען...

נאָך דער צעטיילונג פון פוילען איז דער דאָקטאָר אַרויס פון מיליטער־דינסט, בעזעצט זיך אין זאַלושין (אַ שטעדטעל ביי דער דייטשער גרענעץ) אַלס דאָקטאָר צוזאַמען מיט דער פרוי, וועלכע האָט איצט געהייסען מיט'ן נאָמען הדס. דאָרט האָט ער זיך עפּעס נישט גוט געפיהלט, אָדער אַנדערע סיבות האָבען איהם אפשר בעוואויגען, זאַלושין צו פערלאָזען. אָנהויב 19־טען יאָהרהונדערט איז געקומען קיין פּיאָטרקאָוו צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינד.

אין פּיאָטרקאָוו האָט ער געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק. זייענדיג געשעצט צווישען יודען און קריסטען. געפיהרט האָט ער פרומער אַ היימטועלטיג לעבען. געוואוינט אין יודישען קוואַרטאַל. נישט ווייט פון דער שוהל, און גישט אין „מקום". וואו די

אַריסטאָקראַטען האָבען געלעכט. האָבען די יודען אויף איהם צולעב זיין נישט פרומער פיהרונג קרום געקוקט, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט די העזה דעם דאָקטאָר דעריבער צו זאָגען א וואָרט, ווייל ער איז געווען אלס דאָקטאָר א חשוב אין אלע פּאַרצייטישע רבי'שע הויפען...

איינמאָל — דערצעהלט מען — האָט ר' דוד לעלעווער געשיקט נאָכ'ן ד"ר בערנאַרד, אז ער זאָל צו איהם תיכף קומען אויף א וויזיט. דער דאָקטאָר האָט באַלד געכאַפּט פערד און וואָגען און איז אין א גרויסען פּראַכט געפאָהרען צו ר' דוד לעלעווער. נאָכדעם ווי ער האָט דעם רבי'ן אונטערזוכט און פערשריבען די רעצעפּטען, האָט ר' דוד לעלעווער איהם געפרעגט ווי זיין פיהרונג איז מכח יודישקייט. דער דאָקטאָר איז געווען אין א גרויס פערלעגענהייט צוליעב דער דאָזיגער פראַגע, און ער האָט דעם רבי'ן גאָרנישט געענטפערט. ער איז געזעסען שטיל און געשוויגען...

ר' דוד לעלעווער האָט א שווערען זיפץ געגעבען.

— ד"ר בערנאַרד — האָט ר' דוד'ל, צו איהם געזאָגט — איך ברויך א רפואת הגוף און האָב נאָך אייך געשיקט. איהר אָבער ברויכט א רפואת־הנפש.

איך בין צו אייך געשיקט געוואָרען פון דער פמליא של מעלה, הערט איהר? — האָט ר' דוד'ל א געשריי געגעבען צום דאָקטאָר.

לסוף האָט ר' דוד'ל לעלעווער גוזר געווען אויפ'ן דאָקטאָר, אז אזוי באַלד ווי ער וועט אהיימקומען זאָל ער צו ערשט זיין גאַנץ געשיר צעברעכען און מבער זיין פון דער שטוב. זיין ווייב זאָל נעהמען הופּה־וקידושין און זאָל געהן אין מקוואות און ליכט־צינדען, ווייל פון הימעל איז מען גוזר, אז דער ד"ר בערנאַרד זאָל ווערען — רבי... אָבער איינס מוז ער פאַרליב נעהמען. ס'איז אין הימעל נגזר געוואָרען, אז זיינע זיהן — מען זאָגט, אז ער האָט געהאַט 12 זיהן — מוזען אויסגעהן

פון דער וועלט מיט אַ באַלדיגן טויט.

דער ד"ר בערנאַרד האָט אַלץ געשוויגן, קיין זיפץ און קיין קרעכץ האָט ער נישט געגעבן. דאָס הייליגקייט פון ר' דוד'ל לעלעווער האָט איהם בעאיינפלוסט. ער האָט מקבל באהבה געווען דעם שווערן גזר־דין ווענען זיינע קינדער. ד"ר בערנאַרד איז געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענש.

אַהיימקומענדיג, האָט ער זיין ווייב מודיע געווען דעם סוד. דאָס געשיר האָט מען תיכף פון באַלקאָן אַראָבגעוואָרפען אויפ'ן הויף און צעבראָכען. זי האָט זיך אָנגעטהון אַ מיטע קופּ־קע און ס'איז נישט אַוועק קיין גאַנצע 4 וואָכען, ווי ס'זענען בכּוֹר זיינע קינדער אויסגעשטאָרבען...

ער איז נתגלה געוואָרען. זיין נאָמען אַלס רבי האָט אָנגעהויבען צו קלינגען ווייט און ברייט. דער יוד הקדוש — דער רבי פון לובלין — האָט זיך אָנגעהויבען מיט איהם צו חבר'ן. די רביים האָבען פאַר איהם גרוים דרך ארץ געהאַט, איהם בריוולעך אָבגעגעבען אַ ברייטען כּול־טוב, געהייסען אומגליק־ליכע, וואָס האָבען געברויכט אַ רפואת הנפש און אַ רפואת הגוף, צו איהם צו פאָהרען. ער איז אויך צו זיי צו גאַסט געפאָהרען. אַזוי אַרום איז ד"ר בערנאַרד געוואָרען רבי. נישט קענענדיג קיין יודישקייט, האָט ער זיך צוגענומען אַ מלמד, מיט וועלכען ער האָט גאַנצע נעכט געלערנט תורה לשמה און געוואָרען אַ שטיקעל בעל־מקובל. קיין שום קמיעות האָט ער נישט געשריבען. ער האָט געגלויבט אין דער מעדיצין. קראַנקע האָט ער געהיילט אויך מיט האָמעאָפּאַטישע מיטלען און פאַר דאָקטאָרישע פּראַקטיק האָט ער זיך, ווי געזאָגט, געהייסען בעצאָהלען. זיין הויז איז אין כּשרות געוואָרען זעהר אָבגעהיטען. זיין בית־המדרש איז תמיד געווען איבערפולט פון מתפללים און פון סתם יודען, וואָס זענען צו איהם געקומען צו פאָהרען וועגען אַ סגולה א. אז. וו.

מיט דער פרוי הדס (העלענא), האָט ער דערנאָך געבוירען

אַנ'איינציגען זוהן, וועלכען ער האָט געגעבען אַ נאָמען יעקב־יצחק, נאָכ'ן לובלינער רבי'ן, און צוויי טעכטער. איינע פון זיי, הינדע־לאה, איז אַנ'אַקושערקע.

דער פאָטער זיינער, ר' יששכר בער, וואָס איז געקומען פון ווייט צו פאָהרען צום ד"ר בערנאַרד וועגען עפעס אַ סגולה, האָב איהם דערקענט, אַז דאָס מוז זיין זיין קינד, וואָס איז איהם פערלוירען געגאַנגען. דעם פאָטער האָט ער נאָכהער ביי זיך געהאַלטען און מאכל ומשקה געווען, פרעהעגדיג זיך, וואָס גאָט האָט איהם מזכה געווען מקיים צו זיין די מצוה פון „כבוד אב". דער פאָטער זיינער איז געשטאָרבען ה' טבת תקפ"ג. אויף דער מצבה געפינט זיך גאָרנישט וועגען דעם, אַז ער איז געווען דעם ד"ר בערנאַרד'ס אַ פאָטער. ער הייסט סתם: יששכר בער בענ"ו דוד ז"ל. דעם דאָקטאָר'ס פרוי הדס איז געשטאָרבען כ"ט כסלו תר"ח, צעהן יאָהר פריהער פון ד"ר בערנאַרד. אויף איהר מצבה שטעהט גאָרנישט, אַז זי איז געווען זיין ווייב, נאָר בלויז דאָס, אַז זי איז געווען אַ „אשה יראת ה' היא תתהלל". זי האָט אַ סך צדקה געגעבען און איז געווען אַ צדיקת. אויףביידע מצבות געפינט זיך דער פסוק „בלע המות לנצח". נאָך איהר טויט האָט ד"ר בערנאַרד גענומען אַ צווייט ווייב, מיט וועלכער ער האָט זיך אָבער באַלד גע'גט.

ד"ר בערנאַרד איז געשטאָרבען אין עלטער פון איבער 80 יאָהר (כ' בשט תרי"ח) גאַנץ אָרעם. אויף דער רעכטער זייט וואַנד, אינווענינג אין זיין אוהל, געפינט זיך אַ פערשטירטע אויפשריפט: „הרב הצדיק ר' דוד בן ר' יששכר דוב ז"ל, נפטר כ' שבט ש' תרי"ח. דער אוהל ווערט אָבגעהיט דורך זיינע קינדער און אייניקלעך.

מען דערצעהלט, אַז איינמאָל איז דער ד"ר בערנאַרד גערופען געוואָרען אין אַ פריוואַטע צו אַ יולדת אַ קריסטין, אין אַ ווייטען דאָרף אריין. דאָרט האָט ער לאַנג פערברענגט. מורא האָבענדיג, אַז ער זאָל ניט מחלל שבת זיין און קומען אַהיים

טו׳ן נאך ליכט צינדען, האט ער געבעטען, אז דער קריסט, וואס איז געפאהרען מיט די פערד, זאל איהם געבען די לייי־צעס אין דער האנד אריין. דעם קריסט האט ער געהייסען צו־מאכען די אויגען און אין א משך פון 15 מינוט, נאך פאר ליכט־צינדען איז ער אהיימגעקומען... די רייזע האט בע־דארפט דויערען ווייניגסטענס 2 שעה צייט... ער האט געהאט קפיצת־הדרך...

# דער קאזשעניצער צו כל־נדרי

א.

דער קאזשעניצער מגיד פלעגט די ימים־נוראים אליין זיין אנ׳ „עובר לפני התיבה״, נישט קוקענדיג אויף זיין חלישות הלב און אייבינער קראנקהייט.

ביי די תפילות האט דער צדיק געהאלטען אלע זיינע חסידים אויפ׳ן זכרון און אלע מתפללים האבען זיך מאקי, איידער דער מגיד האט זיך צוגערוקט צום ברעטעל, ביי איהם מזכיר געווען.

בעזונדערס פלעגען זיך די חסידים ביי איהם מזכיר זיין ביי „כל נדרי״, ווען דער קאזשעניצער איז געשטאנען אייננגעהילט אין קיטעל, זאגענדיג „תפילה זכה״.

איז אבער דאסמאל שוין געווען לאנג נאך שקיעת החמה און דער קאזשעניצער איז נאך אלץ געשטאנען ביים עמוד און בימער געוויינט.

דעם פערציטערטען עולם האט דאס לאנגע וויינען פון רבי׳ן שטארק דורכגענומען, און ווי קינדער האבען זיי מיטגעוויינט מיט זייער פאטער.

האר און נעגעל האבען זיך ביים עולם אויפגעשטעלט פאר גרויס זועהטאג און צער, נישט וויסענדיג, פארוואס דער צדיק איז דאס מאל אזוי שטארק פערוויזט צו „כל נדרי״ און איז מעכב די תפילות.

גאַנצע צוויי שעה איז ער אַזוי געשטאַנען איינגעהילט דעם קאָפּ אין טלית און אַרום איהם איז געווען אַ טייך טרערן.

פּלוצלונג האָט זיך דער מגיד מיט׳ן פּנים אומגעקעהרט צום עולם און אויפ׳ן גאַנצען קול אַ פרעג געטהון, צי עס איז נישט צווישען דעם עולם פאַראַן עמיצער פון דער שטאָט פילעוו.

דער עולם האָט זיך מיט די אויגען איבערגעוואָרפען, ווי איינער וואָלט דעם צווייטען געפרעגט, צי ער איז נישט פון פילעוו. דאָ אָבער שפּרינגט איינער אַרויס, זאָגענדיג, אַז ער איז פון יענער געגענד, ער וואוינט אין דאָרף ראַווניץ, וואָס געפינט זיך צווישען פילעוו און גניעוואַשאָוו ביי דער ווייסעל. ער קען גאַנץ גוט די שטאָדט, ווייל ער פאָהרט יעדען טאָג קיין פילעוו מילך צו פערקויפען.

פרעגט איהם דער מגיד, צי ער קען אין פילעוו דעם פירשט טשאַרטאָריסקי און זיין הונד. ערצעהלט דער אָרענדאַר, אַז דעם פירשט׳ס הונד איז אַזוי גרויס ווי אַ קאַלב. ער לויפט אַרום אין דער שטאָדט, אָבער ער בייסט קיינעם נישט. פרעגט איהם ווייטער דער מגיד, צי ער ווייסט פון וואַנען דער פירשט

ענטפערט איהם דערויף דער דאָרפס-יוד, אַז דער פירשט האָט גענומען דעם הונד.

האָט איהם געבראַכט פון די וואַרימער לענדער, וואוהין ער איז געפאָהרען זיך ווילען, צאָהלענדיג פאַר דעם הונד אַכט הונדערט גילדען. די בורע, וואָס ער האָט געלאָזט אויפשטעלען ספּעציעל פאַר דעם הונד, האָט איהם געקאָסט צוויי הונדערט גילדען. צוזאַמען — אַ קיטאַ־לן פון הונדערט גאָלדענע רענדלער האָט עס איהם אָבגעקאָסט. יעדען טאָג האָט דער הונד בעקומען צו עסען צעהן פונט פלייש. האָט אָבער אַנומעלט דער הונד, נישט וואַרטענדיג ביז מען וועט איהם דערלאַנגען דאָס עסען, דאָס פלייש אַרויסגעכאַפּט פון דער האַנד פון לאַקיי, האָט דעם בריה

שטארק פערדראָסען. האָט ער דערפאַר דעם הונד נעהייסען גוט אויסשלאָגען, די בורע צונעמען און איהם אינגאַנצען פער־יאָגען פון הויף. פון דעמאָלט אָן דרעהט זיך אַרום דער הונד פריי און פראַנק אין דער שטאָדט, אָבער ער טהוט קיינעם נ,שט קיין שלעכטס.

דער עולם איז, אויסהערענדיג די מעשה, געשטאַנען אין איין שרעק. נאָך די לעצטע ווערטער פון אַרענדאַר האָט דער מגיד זיך צור,ק אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צום עמוד און מיט גרויס התלהבות דריי מאָל געזאָגט: „שומע אתה, מלאך מיכאל?" (הערסטו, מלאך מיכאל?) און באַלד דערויף האָט ער געזאָגט „כל נדרי".

ב.

מיט גרויס שרעק האָט דער עולם איבערגעלעבט דעם יום־כפור. מען האָט פערשטאַנען, אַז די מעשה פון פילעווער פירשט מיט זיין הונד איז נישט אַזוי פשוט, אויב דער מגיד האָט זיך פאַר „כל נדרי," גאַנצע צוויי שעה אַזוי שטאַרק געמאַטערט. און טאַקי באַלד נאָך יום־כפור האָבען ביים טיש עטליכע זיינע מקורבים געוואָגט דעם מגיד הקדוש צו פרעגען וועגען דער מעשה. האָט ער מיט א ליבליבען שמייכעל דערצעהלט אָט וואָס:

ווען ער האָט געשטעלט זיך זאָגען „כל נדרי", האָט דער שטן שטאַרק מקטרג געווען אין הימעל אויף יודען. אין מיעכאָוו האָט געלעבט א גרויסער אביון. ער האָט געהאַט א טאָכטער שו,ן אין די יאָהרען, נישט קאָנענדיג זי פער'כנס'ען. איז איהם דאָס ווייב דערגאַנגען די יאָהרען, אַז ער זאָל זיך לאָזען אויף דער מדינה און צענויפזאַמלען א נדן פאַר דער טאָכטער. איז ער געקומען צו איהם, צום מגיד, וועגען הילף. האָט ער איהם געגעבען א בריף, אַז מען זאָל זיך אויף דעם אָרימאַן מרחם זיין. איז ער אָבער געווען א גרויבער בייטש, א שעמעוודיגער, און ער האָט גאָרנישט געקאָנט או,פטהון... האָט ער אַזוי גע־וואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט און געהענדיג קיין פילעוו

האָט ער זיך אויסגענוצט פאַר מודקיים אין מיטן וועג אויף א שטיין און בעווײנט זיין גורל...

גראַד איז פאַרבייגעפאָרן דער פּילעווער פּירשט טשאַרטאָריסקי און זעהענדיג, ווי א יוד זיצט אויף א שטיין און וויינט, האָט ער זיך אָבגעשטעלט און איהם אויסגעפרעגט וועגן דער סיבה פון זיין וויינען. האָט זיך דער יוד אין פלוג דערשראָקען, דערזעהענדיג פאַר זיינע אויגען א גרויסן פּריץ, אָבער באַלד האָט ער זיך בערוהיגט און איהם דערצעהלט, אַז ער האָט א טאָכטער חתונה צו מאַכען און קיין פּרוטה דערויף האָט ער נישט. גלייכצייטיג האָט ער איהם געוויזען דעם בריף פון קאָזשעניצער מגיד.

האָט דער פּריץ קיין גרויס שהיות נישט געמאַכט און דעם אָריגינאַן געגעבען א בריף אין הויף אַריין, אַז מען זאָל תיכף דעם ראָזינגען יוד אויסצאָהלען הונדערט גאָלדענע רענדלעך. דעם יוד האָט זיך נישט געוואָלט גלויבען, אַז ער וועט דאָרט בעקומען אויף דעם בריף געלד, רעכענענדיג, אַז דער פּריץ האָט פון איהם חוזק געמאַכט, האָט ער פון בריף קיין געברויך נישט געמאַכט.

געקומען קיין פּילעוו און דערצעהלט אין דער אַכסניה וועגן דעם בריף, האָט דער בעל־אַכסניה גענומען דעם בריף, איז געגאַנגען מיט איהם אין הויף אַריין און געבראַכט דעם אורח הונדערט רענדלעך מזומן. האָט שוין דער יוד געהאַט א גדן פאַר דער טאָכטער...

איצט איז געקומען דער שטן — האָט דערצעהלט וועיטער דער מגיד — און האָט שטאַרק מקטרג געווען אויף די יודען, טענה'דיג פאַר'ן רבונו של עולם: היתכן? א גאַנצע וועלט יודען האָבען נישט מקיים געווען די מצוה פון הכנסת כלה, און דער צייט ווען דער גויאישער פירשט האָט דאָס יאָ געטהון. האָט ער, דער קאָזשעניצער, זיך אָקעגענגעשטעלט דעם קטיגור, אַז ביי דעם פּריץ שפּילט קיין ראָלע נישט הונדערט רענדלעך,

והי ראיה, אז איך א הונד און אויך א בורע פאר איהם, האט ער אויך אויסגעגעבען אזא סומע און דאן האט ער דעם הונד פעריאגט און די בורע צעלעגט...

„האט ער, דער קאזשעניצער, אזוי לאנג מעכב געווען מיט „כל נדרי", ביז איהם איז געלונגען צו איבערצייגען דעם מלאך מיכאל, דעם מליץ־יושר פאר יודען, מנצח צו זיין דעם שטן און אויסגעבעטען ביי גאט א גוט יאהר, א יאהר פון „כפות עון".

יענע יאהר — דערצעהלט די לעגענדע — איז טאקע געווען אנ'אמת גוט יאהר. קיין נייע גזירות זענען נישט צוגעקומען און די אלטע זענען אויך צו ביסלעך בטל געווארען.

ג.

בעת'ן זאמלען אין פוילען די יודישע לעגענדעס, וואס ווערען דערצעהלט וועגען די מטטארטאריקסים (וועמענס זומער־רע־זידענץ פ.לעגט איז געווען), האט מען מיר אויך דערצעהלט די דאזיגע לעגענדע, וועגען וועלכע דאס גאנצע שטעדטעל רעדט ביז היום. מען האט מיר אפילו אנגעוויזען דעם וועג, וואו יע־נער אורח איז געזעסען און זיך אויסגעוויינט א נרן פאר זיין טאכטער...

עס איז דער וועג, וואס פירט פון לובלין קיין פולאווי.

# דער „ינוקא"

א.

דעם סטאָלינער רבי ר' ישראל'קע האָט מען זיין גאַנץ לעבען ניט אַנדער גערופען, ווי „ינוקא" (קינד).

ליגענדיג נאָך אין דער וויעג, האָט מען איהם שוין גע־קרוינט אַלס רבי, נאָך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין גרויסען פאָטער ר' אשר'קע הקטן, וועלכער האָט פערלעגט זיין צענטער אין סטאָלין (פּאָלעסיע), אין פירשט ראַדזיוויל'ס רעזידענץ.

אויף איינער פון זיינע נסיעות קיין גאַליציען, איז דער רבי ר' אשר'קע אין דער שטאָט דראָהאָביטש נפטר געוואָרען, פער'יתום'נדיג זיין צווייט ווייב, די רבי'צין, דעם גראָדזיסקער רבי'נס ר' אלימלכ'ס טאָכטער, און זיין איינציג קינד ישראל'קע. היות ער איז געווען דורכגעקנעטען מיט גרויס יחוס: פון פאָטער'ס צד שטאַמענדיג פון די קאַרלינער צדיקים, פון ר' אהרן הגדול, וועלכער איז געווען א תלמיד פון מעזעריטשער מגיד. פון דער מוטער'ס צד — פון די „טשערנאָבולער" דינאַסטיע, האָבען די סטאָלינער חסידים, וואָס זענען צושפּרייט אין גאַנץ פּאָלעסיע, אויסגע'פועל'ט סמיכה ביים טריסקער מגיד, אַז דער „ינוקא" זאָל זיין דער ממלא מקומו, כדי דערמיט צו דערהאַלטען די סטאָלינער דינאַסטיע.

איז פון דעם דאָזיגן „קינד" אַרויסגעוואַקסן דער רבי ר' ישראל'קע, צו וועלכן עס זענען געפאָהרען פון נאָהענט און וויים, פון גאַנץ פּאָלעסיע טויזענדער חסידים און אויך אַ סך קריסטען.

מען האָט דעם „ינוקא" אין דער וויעג נאָך טרייגנע־וואָרפען קוויטלעך און בעטים מיט גאָלדשטיקלעך. דער משמש בקודש האָט פאַר איהם פאַרגעלייענט אַלעמענס בקשות און ווען ער איז אַלט געוואָרען 6 יאָהר האָט ער זיצענדיג אויפן פאָטער'ס „פאָטעל" שוין אַליין איבערגעלייענט די קוויטלעך און ברכות געגעבען.

דער „ינוקא" פלעגט זיך שפּיעלען מיט די קוויטלעך און גאָלדשטיקלעך. אַ סך מאָל האָט זיך געטראָפען, אַז אין מיטען נעמען שלום פון די חסידים, האָט ער זיך צוגענומען עטליכע מטבעות, אַרויסגעלאָפען אויף דער גאַס און אַוועק־געגעבען עס אָרימע לייט, וואָס האָבען שוין דערויף געוואַרט, אָדער זיך געקויפט אין שכנות'דיגען קליימעל אַביסעל נאַש־וואַרג און פונאַנדערגעטיילט די יונגלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך גע'חבר'ט און סתם קינדער.

דער „ינוקא" פלעגט אויך טיילמאָל בעת פּראַווען מיש, אַרויסלויפען אויף דער גאַס און שפּילען זיך מיט יונגלעך אין יאַנעניש אָדער בערדלעך.

און צוליעב טאַקע זיין ווילדקייט האָט מען דעם „ינוקא" גאַנץ פריה, ווען ער איז געווען קוים 13 יאָהר אַלט, חתונה געמאַכט מיט זיוג'ם גלייבען.

ערשט ווען ער איז אויסגעוואַקסען און אָנגעהויבען פערשטעהען זיין ווירדע און כבוד, האָט דער „ינוקא" אָנגע־הויבען פיהרען רבי'סטווע מיטן פולען שכל און אין גרויסען מאַסשטאַב, נאָכטוענדיג זיין גרויסען פאָטער.

ב.

אַ מערקווירדיגע ערשיינונג איז געווען אין דער רבי־

שער וועלט דער „ינוקא". א גאנץ בעזונדער טיפ חסידישער „רבי". ער איז שוין נישט געווען דער המשך פון „קארלינער חסידות", נאר איז געגאנגען אין זיינע אייגענע ארגינעלע דרכים, אבער פול מיט סתירות. אלס מענש האט ער געלעבט און זיך געקליידט אייראפעאיש און געהאט אייראפעאישע מאניערן.

מיט זיין קליידען זיך איז דער רבי ר׳ ישראל׳קע מעהר ענהליך געווען צו א גבירישן רוסישען סוחר, ווי צו א רבי. נישט קיין צו לאנגע קאפאטע האט ער געטראגען און די נישט צו לאנגע געקרייזעלטע פאות פלעגט ער האלטען פער־שטעלט הינטער די אויערען. געפרעסטע וועש מיט א שניפס און א שעהן געטאקט קאפעליושעל אין זומער, און אין ווינ־טער — א טייערען קאמטשאטקא־הוט אויף דעם קאפ.

מען דערציילט טאקע א מעשה, אז איינמאל איז אויס־געקומען דעם „ינוקא" צו פאהרען אויף דער באהן אין מרחקים, וואו מען האט איהם פערזענליך נישט געקענט. האט ער זיך צעשמועסט אין צוג מיט די יודען, מיטרייזענדע און יענע האבען איהם טאקע אנגענומען פאר א סוחר; און ווען עס האט איהם איינער געפרעגט, מיט וואס ער האנדעלט, האט דער „ינוקא" איראניש געענטפערט, אז ער האנדעלט מיט „פלע־קער".

ערשט, ווען דער „ינוקא" איז אראבגעגאנגען אויף א סטאציע, וואו ס׳האט איהם אבגעווארט א גרויסער עולם, האט ער געזאגט צו יענע פאסאזשירען: אט זעהט איהר, דאס זענען מיינע „פלאקער", מיט וואס איך האנדעל!

און דעריבער פלעגט מען אנרופען שפאטיש די סטאלינער חסידים: „פלעקער"...

די דאזיגע „פלעקער" האבען זייער רבי׳ן אויפגעבויט א טייערען פאלאץ, וועלכער האט געקאסט איבער 25 טויזענד

הבעל און אין איהם איינגעארדענט מיערע מאלאנען און א בית־מדרש.

דער „ינוקא" פלעגט אויך פיהרען א רייכען טיש און ארויספאהרען שפאציר־ען מיט אנ'איינגען געשפאן, אנגעפיהרט פון א יודישען קוטשער, וועלכער איז געווען אנגעטהון, ווי ביי די פוילישע רייכע פריצים. דער רבי פלעגט אויך האלטען א גרויסע שטאל מיט טייערע צוג־פערד, מיט וועלכע ער פלעגט זיך בכבודו ובעצמו אינטערעסירען, צי זיי האבען גענוג צו עסען און צי דער קוטשער און די איבעריגע משרתים האלטען די שטאל און די פערד ריין א.א"וו.

בעזונדערס האט זיך דער רבי שטארק אינטערעסירט מיט נאטור־וויסענשאפט און מעכאניק. ער האט פון צייט צו צייט בעזוכט די שטאדט־מיהל און זיך פערטיעפט אין דעם מעכאניזם פון דער מיהל.

איינמאל האט דער „ינוקא" בעזוכט אנ'אויסשטעלונג פון מאשינען, האט ער אומפערזאס געמאכט דעם אינזשעניער אויף א סך מעכנישע פעלערען אין דער קאנסטרוקציע פון די אויסגעשטעלטע מאשינען, פארוואס דער אינזשעניער האט איהם געדאנקט.

בכלל איז דער „ינוקא" געווען א גרויסער מושלם אויף פיל געביטען. געקענט די גאנצע רוסישע קלאסישע ליטע־ראטור. געווען א בקי בכל הדרי תורה און א גרויסער מסובל. דעריבער געקענט בעל־פה די יודישע פילאזאפישע ספרים, ווי דעם „מורה נבוכים" א.א.וו. אבער אין פריוואטען לעבען און אין שטות איז דער „ינוקא" געווען שטרענג רעליגיעז און פאנאטיש ביז נאר. און אין דעם זין האט ער אויך דערצויגען זיינע קינדער. ער האט זיך אבער אונטערשיידט פון די „קאר־לינער", זיינע אבות, מיט דעם, וואס די „קארלינער" פלעגען דאווענען שרייענדיג אויפ'ן קול און מיט גרויס עקסטאז און דער רבי ר' ישראל'קע האט געדאווענט רוהיג און שטיל.

נישט מאכענדיק קיין ווילדע בעוועגונגען און העוויות.

ער האט ביי די טישען קיין חסידות און קיין תורות נישט געזאגט, ווי עס טהוט זיך פראקטיצירען ביי די אנדערע רביים.

אריגינעל איז אויך דער „ינוקא" געוועז מיט זיין פייערען סוכות.

נאך שחרית איז ער מיט דעם עולם געגאנגען פון דער קלויז אין סוכה אריין. ער האט מיט גרויס פייערליכקייט געבענטשט אתרוג. זיינע קינדער, די בחורים, האבען דערביי ביים אתרוג בענטשען גענומען ציין אנגעטהון טליתים.

דאן ערשט האט דער עולם געבענטשט אתרוג, וואס איז געווארען פריהער ליציטירט און מען האט דערפאר א סך געלד גענעבען.

אין דער סוכה איז געווען געמאכט א מחיצה מיט א שפאניש ווענטעל פאר די הויז־פרויען. זיי האבען אין דער סוכה גענומען בענטשען אתרוג.

די הכנות צו דער דאזיגער פייערליכקייט זענען געווען גאנץ גרויס. די, וואס זענען געקומען קיין סטאלין אויף די ימים נוראים, און געקומען איז א גאנצע וועלט מיט די בני בית, פלעגען שוין פערבלייבען איבער סוכות בייצוואוינען דעם צערעמאניאל פון אתרוג־בענטשען ביים רבין.

און ווען דער רבי האט געגעסען אין דער סוכה האבען אויך גענומען די פרויען פון הויף אין דעם עזרת נשים פון דער סוכה עסען.

די פרעהליכקייט און לעבעדיגקייט, וואס פלעגט הערשען סוכות ביי „ינוקא", האט נישט געהאט קיין גרעניץ.

איז אבער אויך די שמחה אין רבי'נס פאלאץ אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה פערשטערט געווארען.

דער רבי ר' ישראל'קע האט די גאנצע צייט פון דער מלחמה נישט געוואלט איבערלאזען די שטאדט אויף הפקר. ער האט מיט אלע כוחות די דארטיגע יודען געהאלפען אונטער זייגע

פליגלען.

און ווען באַלאַכאָוויטש איז אריין מיט זיינע רוצח׳ישע מחנות קיין סטאָלין, האָט דער „ינוקא" צונויפגענומען זיין גאַנץ גאָלד און זילבער, וואָס ער האָט נאָך נעהאַט און דערמיט גע־גאַנגען צום רוצח, בעטנדיג ביי איהם רחמים, אַז ער זאָל נישט ערלויבען צו מאַכען קיין שחיטה אויף די יודען, אנידערלעגנע־דיג איהם דעם גאַנצען אוצר זיינעם. האָט באַלאַכאָוויטש דעם צדיק געענטפערט, אַז דאָס געלד נעמט ער טאַקע צו פון איהם, אָבער אַ שחיטה מוז זיין.

האָט דער רבי זיך שטאַרק צעוויינט און פאַר גרוים שרעק בלינד געוואָרען.

אָבער דער „ינוקא" איז נישט פריהער אָבגעטרעטען, ביז וואַנען מען האָט איהם נישט פערזיכערט, אַז עס וועט די יודען אין זיין שטאָדט קיין שלעכטס נישט געשעהן, און די קהלה איז ניצול געוואָרען.

און מאַקע מיט זיין ליכט פון די אויגען האָט ער אוים־געקויפט די שטאָדט פון די רוצחים, אָבער ער האָט דאָס ליכט מעהר נישט צוריקבעקומען. ער איז געוואָרען אַ סגי נהור און פאָהרענדיג קיין אויסלאַנד זיך קורירען, איז ער אין פראַנקפורט אַם מיין נפטר געוואָרען, אָבער צו קבורה איז ער געקומען אין סטאָלין, אין פאָטער׳ס „אהל".

נאָך דער פטירה האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער „ינוקא" איז קיין גביר נישט געווען. ער האָט ביים לעבען אַ סך געלד צוועקגעגעבען אויף צדקה־זאַכען. ער האָט איבערגעלאָזט 6 זיהן און 2 טעכטער.

משה׳לע, דער היינטיגער סטאָליגער רבי, איז אַ גרויסער עסקן און חובב ציון. ער איז נישט לאַנג צוריק געקומען פון ארץ ישראל און שמחת־תורה מאַכט ער ספּעציעל פאַר די דאָרטיגע ציונים אַ קידוש.

# ר׳ יחזקאלע פון קוזמיר

א.

אין דער סודות׳פולער היסטאָרישער זומער־רעזידענץ פון קאַזשימיערזש דעם גרויסען און זיין פּלאַץ אסתר, אין דעם שטעדטעל קוזמיר, וואָס ליגט דאָ־ט אין א ענג געסעל און אין אַנ׳איינגעבויגען הייזעל, האָט געלעבט און מתפּלל געווען פאַר דעם יודישען פאָלק דער הייליגער — ר׳ יחזקאל קוזמירער.

דער רבי ר׳ יחזקאל׳ע איז געווען א פּלינסקער א קינד פון בעל־הבית׳ישע עלטערען. זיין פאָטער ר׳ הערש פון ראַשונסקי איז געווען א קרעמער. ער האָט זיך מפרנס געווען פון א קליי־טעל און איז געווען זעהר פרום.

האָט ער, דער פאָטער, אַלע זיינע כחות אַנגעווענדט זיין געראָטענעם זוהן אָנצוהאַלטען ביים לערנען, און דער זוהן האָט טאַקי געלערנט ביי ר׳ שמואל קאָראָווער און ביי ר׳ יצחק ווענ־גראָווער, בעהעפטענדיג זיך דערנאָך צום „הוזה׳ס" חדר, אזוי אז מען האָט איהם פערעכענט צווישען די ערשטע 18 תלמי־דים פון דעם רבי׳ן פון לובלין.

ביים „חוזה" האָט מען איהם גערופען: „דער הויכער בלינסקער" צוליב זיין אונגעהויער הויכען וואוקס.

און ווען דער „חוזה" איז נפטר געוואָרען און די אַלע אַבצעהן תלמידים זיינע האָבען צווישען זיך איינגעטיילט די גייסטיגע ירושה, האָט אויך ר׳ יחזקאל׳ע נישט געוואָלט זיין

קיין יוצא מן הכלל און אנגעהויבען צו פראווען רבי׳שקייט. ער האט זיך תחילת בעזעצט אין שטעדטעל טשעפיעלאוו נעבען אילזשא. האבען איהם דארט די ראשי־הקהלה געררודפ׳ט נישט אזוי צוליעב זייער התנגדות צום רבי׳ן, ווי צוליעב מורא, אז דאס עסענווארג זאל נישט טייערער ווערען אין שטעדטעל צו ליעב די אורחים און חסידים, וואס וועלען קומען אהין.

האט דער רבי, ר׳ יחזקאל׳ע זיך אריבערגעטראגען קיין קוזמיר, וואו ער האט שוין אבגעלעבט בשלום זיינע אלע יאהרען.

דער שידלאוועצער רבי ר׳ נתן דוד און אנדערע גרויסע רביים און רבנים זענען געוועזן זיינע תלמידים. דער „תפארת־שלמה" האט זיך ביי איהם מוכיר געווען און אנדערע גדולים זענען געוועזן זיינע חסידים.

ווי אזוי דער רבי ר׳ יחזקאל׳ע פון קוזמיר איז נתגלה גע־ווארען, ווערט דערציילט פאלגענדע לעגענדע:

ווען דער חוזה איז נפטר געווארען האט זיינס א חסיד זיך ארומגעקוקט ווענען א רבי׳ן פאר זיך. אבער צו וועלכען ער זאל נישט האבען געפאהרען האט ער זיך אלע נישט געקאנט „צופאסען" קיין רבי׳ן לויט זיין גוסט.

איז איינמאל דעם דאזיגען חסיד געקומען צו חלום אין שלאף דער „חוזה" און איהם געוויזען די געשטאלט פון א מענש, זאגענדיג איהם, דעם חסיד, אז אט צו דעם דאזיגען מענטש זאל ער זיך בעהעפטען. אבער דער „חוזה" האט איהם נישט אנגעוויזען דאס ארט, וואו דער מענטש געפינט זיך און ווי ער הייסט.

האט דער חסיד געזוכט די דאזיגע געשטאלט וויט און ברייט אין דער וועלט, ביז ער איז געקומען קיין קוזמיר און דארט האט ער דערקענט אין דעם רבי׳ן ר׳ יחזקאל׳ע די גע־שטאלט, וואס דער „חוזה" האט איהם געהאט געוויזען און מודיע געווען אין חלום.

דערוויסענדיג זיך פון דעם דאזיגען חלום, האט אנגעהויבען

א גאנצע וועלט צו פאהרען צום רבי'ן ר' יחזקאל'ע טראיב
קיין קוזמיר.

ב.

אין קוזמיר האט מען מיר דערצעהלט וועגען דעם רבי
ר' יחזקאל'ע אט־וואס:

צום רבי'ן פלעגט פאהרען יאהר־איין יאהר־אויס א חסי־
דישער גביר פון יענער געגענד, וועלכער האט זיך יעדעס מאל
געלאזט קאסטען א סך פאר'ן רבינ'ס הויף. פלעגט דער דאָ־
זיגער חסיד שטענדיג דולען דעם רבי'ן דעם קאפ, אז ער זאל
איהם זאגען, ווער עס וועט זיין זיין חבר איבער הונדערט און
צוואנציג יאהר אין גן־עדן.

האט דער רבי ר' יחזקאל'ע שטענדיג איהם געגעבען אנ־
אויסמיידענדיגען ענטפער. איינמאל האט דער חסיד שטארק
אנגעהאלטען דעם רבי'ן, אז ער זאל איהם ענדליך מגלה זיין
דעם סוד טום וועמען ער וועט זיצען צוזאמען אין גן־עדן.
וועלענדיג ענדליך זיך בעפרייען פון דעם חסיד, שוטה, האט
דער רבי איהם געזאגט, אז זיין חבר וועט זיין „דער און דער"
אין דעם און דעם שטעדטעל.

אין דער פאנטאזיע האט זיך דער דאזיגער חסיד פארגע־
שטעלט, אז מסתמא איז דער דאזיגער צוקונפטיגער חבר זיי־
נער, אויף וועלכען דער רבי האט אנגעוויזען, א גרויסער תלמיד
חכם און א גביר — לכל הפחות א יוד, א ירא שמים, ווי ער איז.

וועלענדיג זיך איבערצייגען, האט זיך אונזער גביר גע־
לאזט אין יענעם שטעדטעל אריין, אויפזוכען זיין חבר.
אבער ווי איבערראשט איז ער געווארען, דערפאהרענדיג דארט,
אז דער יוד איז גאר א גרויסער שיכור, אז שלאפען
שלאפט ער אין פאליש פון דער שוהל און ווען ער לעגט זיך
פרייטאג צו קבלת שבת שכור'ערהייד שלאפען, זעהט מען איהם
ערשט צומארגענס אויסגעניכטערט פון דארט ארויסגעהן...

אבער האלטענדיג זיך ביי זיין רבי'ן האט אונזער חסיד
פריהער נישט פערלאזט דאס שטעדטעל, ביז ער וועט דערגעהן

דעם סוד פון זיין הבר אין גן־עדן.

ער האט זיך מיט דעם שכור בעקענט און ביינאנד כסדר געשכורט אין די שענקען. ווען עס איז געקומען מנחה־צייט, פלעגט זיך יענער ארויסדרעהען פון דער שענק און אנטקומען. האט דער גביר איהם געזוכט און שפעט אין אוונד פלעגט ער איהם טרעפען ליגען צוגויפגעקארטשעט ווי אין א קנויל אין א ווינקעלע פון שוהל־פאליש, פערזונקען אין א טיפען שלאף אויף דער נאלער ערד.

האט זיך דער גבירישער חסיד אויך איינמאל פריהטאג צו־נאכטס ארייגעכאפט אין פאליש און זיך פערשטעלט אונטער א באנק, כדי צו דערגעהן דעם סוד, וואס דער שכור מהום א גאנצע נאכט. האט ער געזעהען, ווי ער הויבט זיך אויף פון גע־לעגער נאך האלבער נאכט. אין פאליש ווערט פלוצלונג ליכטיג, ווי עס וואלטען געברענט טויזענדער ליכט און מיט גרויס התלהבות און הייליג געזאנג איז ער מקבל שבת. איז דער גביר אזש פערציטערט געווארען פון זיין הייליג קול, מיט וועלכען ער האט געזאגט „לכה דודי", און ער הערט ווי א בת־קול שרייט צום כלומר'שטען שכור: „וואויל דיר! דו ביזט מכין די שעה פון קבלת השכינה". אין דעם מאמענט בעמערקט דער שכור אין פאליש דעם פרעמדען, מיט וועמען ער האט א גאנצען טאג פערבראכט אין די שענקען און בײדע כאפען זיך ארום און מען טאנצט אזוי לאנג ביז יציאת־נשמה...

דער רבי ר' יחזקאל'ע קוזמירער האט אויך נאכגעטהון דעם חוזה, זיין רבי'ן, און האט ווי ער, געהאט זיין הויף־לץ, וועלכער האט אויך געשפיעלט די ראל פון א פורים־רב. דער עולם פלעגט זיך מיט איהם ביים טיש שטארק משמח זיין. מען האט איהם אנגעטהון אין רבי'שע מלבושים און דערלאנגט „קוויטלעך" וועגען „עקרות", חולאת'ן א. א. וו. און פון די עבירות, וואס מען האט איהם געגעבען, האט דער לץ געהאט פסח צו מאכען.

איינמאל האט דער דאזיגער לין חוזק געמאכט פורים ביי דער סעודה פון רבי'ן אליין, זאגענדיג, אז ווען ער וואלט נישט געקענט לערנען, וואלט ער אויך געווען א רבי... איז ער געווארען בעזייטיגט פון הויף און זיין ארט האט איבערגענו־מען א צווייטער לץ, ר' ירחמיאל ראבאווער.

ג.

דער רבי ר' יחזקאל'ע קוזמער איז געווען א גרויסער נצרך און זעהר ארים. מיר זעהען נאך היינט דאס יחוד־שטיבעל אין קוזמיר, וואו ביים פענסטער'ל, וואס געהט ארויס אין הויף, שטעהט נאך, ווי ביים רבי'נס לעבען, דער צעבראכענער פא־מעל, אויף וועלכען דער צדיק פלעגט זיצען נעבען דעם טישעל מיט די צינענע לייכטערלעך, וואס זענען שוין שווארץ פאר אלטקייט.

נעבען דעם פאטעל הענגט אויף דער וואנד דעם רבינ'ס ברייטער אבגעשאסענער קאפעלוש און דער לאנגער שטעקען, מיט וועלכען ער האט מופתים געוויזען, ארויסיאגענדיג פאר־בלאנדזשעטע נשמות פון דעם „מין חיפה” און זיי געגעבען תיקון, שיקענדיג זיי אין זייער רוה אריין.

נעבען דעם עמוד'ל שטעהט אנ'אלט צעבראכער ארון־קודש און דערנעבען זעהט מען דאס קליינע סדום־בעטעל, אין וועלכען דער „הויכער פלינסקער” פלעגט דרימלען, די פיס אויפ־געשטעלט, און אבגעקומען גלות, זינט ער איז געווארען א „פרוש מאשתו”. אויף דעם ארימען בעטעל ליגט א שמוציגע פערינע מיט וועלכער דער רבי האט זיך צוגעדעקט און דערנע־בען, צוקאפענס פון בעטעל, הענגען די דינע מעטער־לאנגע בע־קעשעס, אין וועלכע ער פלעגט איינהילען זיין לייב, א חוץ נאך אביסעל אלטווארג און ארימקייט...

ביי אזעלכע בעדינגונגען האט דער רבי ר' יחזקאל'ע אב־געלעבט זיינע עטליכע און אכציג יאהר. ער איז נסתלק גע־ווארען ט"ז שבט תרט"ו (24 יאנואר 1856), ווי עס איז פער־שריבען אין די מאגיסטראט־ביכער.

אויף דעם אלטען היסטאָרישען בית־החיים, אויף וועלכען עס רוהען די ביינער פון די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען אין קוזמיר דורך סטעפאן משארניעצקיס קאָנפעדעראַטען, איז אויך דער רבי ר׳ יחזקאלע געקומען צו קבורה.

אין דעם אויף פּאַרמעט־געשריבענעם סידור, וואָס שטאַמט פון דער צווייטער העלפט פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט, געפינען זיך די נעמען פון יענע קדושים. די נעמען זענען דאָ פערצייכענט אין דעם אל מלא־רחמים„ וואָס מען פלעגט זיי מאַכען אין דער שטאָדט־שוהל.

נאָך דער פּטורה פון דעם רבי ר׳ יחזקאלע איז דאָס שטעדטעל וואַלין געוואָרען די רעזידענץ פון דער קוזמידער דינאַסטיע זיין ממלא מקומו, דער עלטסטער זוהן ר׳ שמואל אלי׳ האָט דאָרט געוואוינט און ר׳ ירחמיאל ראַבאָווער איז אויך ביי איהם, ביים זוהן געוועזען דער „הויף־חכם, דער פורים־רב״.

דער מאָדזשיצער רבי ר׳ ישראל טויב, דער פאָטער פון היינטיגען אָטוואָצקער רב ר׳ שמואל טויב, איז געוועזען דער ממלא מקום נאָך זיין פאָטער ר׳ שמואל טויב, איז געוועזען דער געוואָרען כ״ז אייר תרמ״ט (1889).

פון דעם רבי׳ן ר׳ יחזקאל׳ע איז נאָך דער פּטירה אַרויס א חיבור „נחמד מזהר״ אויף תורה. א גרויסער דור רבנים און גוטע יודען אין פוילען, ווי ר׳ אפרים׳ל, דער יאַבלאָנער רבי, ר׳ דוד העריש — דער ניישטעטער א. א. שטאַמען פון איהם — פון דער קוזמירער דינאַסטיע.

# דער „ברוקאזש"

א.

ווער און וואָס דער „ברוקאַזש איז געווען איז נאָך ביז היינט אַ סוד.

אין אַ שלייער פון סודות איז איינגעהילט זיין גאַנץ לעבן און ווען.

זייענדיג פון קינדווייז אָן אַ יתום האָט ער פערלאָזט יונג־נערהייט זיין געבורטס־שטאָדט מעזריטש (לויט אַ צווייטער ווערסיע, איז ער געבוירען געוואָרען אין שטעדטעל שניאַדעוו) און געלאָזט זיך צו פוס אין דער ווייטער וועלט אַריין זוכען אַ תכלית. ארומפאַהרענדיג אַ לאַנגע צייט אין פוילען, האָט ער זיך דער־שלאָגען צו אַ שטעדטעל, וואו מען האָט גראָד געבויד קירט די גאַסען און ער האָט געטראָגען שטיינער צום ברוק.

ביי דער דאָזיגער ארבעט האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט די מלאכה און דאַן געוואָרען אַ „ברוקאַזש".

ברוקירענדיג האָט ער נישט געקנים, ווי דער שטייגער איז ביי ברוקיר־ארבעט, נאָר שטעהענדיגערהייט, אין צווייען גע־בויגען, האָט ער געאַרבייט, צול״ב וואָס דער עולם האָט דעם יודישען ברוקירער געהאַלטען פאַר אַ „למד־וואָווניק" — אַ נסתר, און מען האָט אויך דערפון דערציילט דעם קאָזשעניצער מגיד.

דער „קאָזשעניצער", דערהערענדיג דאָס התנהגות פון יר־דישען „ברוקאַזש" האָט געהייסען איהם באַלד אויפזוכען און ברענגען צו זיך.

אין אַ דאָרף ווייט פון קאָזשעניץ, וואו ער האָט געאַרבייט ביי אַ פּריץ, האָט מען דעם ברוקאַזש געפונען זיצען אין אַ טאָהל, שמוציג און אָבגעריסען, בעוואַקסען ווי אַ ווילדע חיה. ער האָט שטאַרק געוויינט. זיי האָבען גע׳פועל׳ט ביי איהם, אַז ער זאָל מיט זיי מיטגעהן, איז ער געקומען קיין קאָזשעניץ, ווי ער געהט און שטעהט און אַזוי האָט מען דעם „פּרא אדם" צוגעפיהרט צום קאָזשעניצער ז״ל און ער האָט איהם אין זיין הויז אריינגענומען פאַר אַ משרת און געהייסען איהם מאכיל ומשקה זיין.

אָבער אָבלעבענדיג דעם טאָג נאָר מיט טרוקען ברויט און וואַסער, האָט ער פון אַלע מאכלים, וואָס מען פלעגט איהם דאָרט געבען, גאָרנישט טועם געווען און ווייטער זיך געלעבט זיין פּרימיטיוו לעבען. געשלאָפען אויף דער גאָלער ערד און געגעכטיקט אויף די פעלדער און אין די וועלדער.

ב.

אַ גרויסער עם־הארץ איז משה ברוקאַזש געווען, במחילה. אפילו רעכט דאַווענען האָט ער אויך נישט געקענט. דער „קאָ־זשעניצער" האָט איהם צוערשט געלאָזט לערנען. ער האָט אַליין מיט איהם געלערנט און געהאַלטען איהם ווי זיין אייגען קינד.

דער עולם האָט זיך אָבער איינגערעדט, אַז לערנענדיג מיט איהם, איז דער „קאָזשעניצער" אויף איהם שטאַרק משפּיע און מען האָט פאַר׳ן „ברוקאַזש" אויך שטאַרק דרך־ארץ געהאַט.

דער קאָזשעניצער האָט גע׳פועל׳ט ביים „ברוקאַזש", אַז ער זאָל חתונה האָבען, געבענדיג איהם פאַר אַ ווייב זיין׳ס אַנ׳אַל־טע דינערין, וועלכע איז אין קאָזשעניצער הויף געוואָרען ער־צויגען. נאָך דער חתונה איז משה׳ל ברוקאַזש געוואָרען ביים קאָזשעניצער אַ גאַנצער משמש בקודש, און דער עולם פלעגט

זיך אין איין זונג'ס אויך מיט איהם דורכרעדן ווענען אלע ענינים, וואס זיי האבען נעהאט מיט'ן רבי'ן צו איבערעדן, בעטענדיג איהם, אז ער זאל זיין ביי איהם א מליץ־יושר.

דערפאר האט מען איהם גוט בעפרידיגט. בחייו האט קיינער נ"שט נעשטערט דאס שפיל ארום ברוקאוש, אבער באלד נאך דער פטירה פון קאושעניצער האט ר' משה'לע, זיין זוהן, דער ממלא־מקומו, דעם ברוקאוש פון זיין הויז משלח געווען.

ארומטאהרענדיג אין רבי'שע מלבושים אין די יודישע שטעדט, וואו ער האט אנגעזאמלט אביסעל געלד פון קוויט־לעך און ווערענדיג ארויסגעיאגט פון שידלאוויצע, איז ער, דער ברוקאוש, נעקומען קיין פ"עטריקאוו. דא האט ער זיך בעזעצט מיט זיינע בנרבית און געקויפט זיך א הויז נעבען דער שוהל (דאס דאג־הויז אויף עס פילסודסקי און יעראזאלימסקא, וועל־כעס האט געהערט צו ר' לייבוש שאשעס). דער עולם האט איהם דא נעקרוינט אלס רבי, אלס „א גוטען יוד"... פערשרייבענדיג איהם אלס דיין אהן געהאלט, ד.ה. אלס „האנאראזווער" דיין...

ג.

מ"ט דעם בעזעצען זיך אין פיעטריקאוו איז די שטאדט געווארען די רעזידענץ פאר צלערליי משוגעים, גייסטיג קראנקע, „דבוקים" און פון אנדערע בייזע אנשיקעניש'ען, וועלכע זענען אהערנעקומען, אדער מען האט זיי אהערגעבראכט צום „היי־לינען" ברוקאוש צוליב א סגולה אדער א תיקון.

די דאזיגע „געסט" — ווי מען פלעגט זיי רופען אין ברו־קאוש'ס הויז — האט ער געהייסען זיך גוט בעצאהלען, ח"י מאל ח"י, רובל איז ביי איהם געווען שוין דער קלענסטער פדיון. חוץ דעם האט מען איהם, ווען ער האט צו מזל דורכגעפיהרט די „אפעראציע" נאך גענומען געבען מתנות און מורא האבענדיג, אז די קראנקהייט זאל זיך נישט איבער־חזר'ן א. א. וו., האט מען אויך גענומען איהם יעהרליך צאהלען א געוויסע סומע.

וואכען־לאנג האט מען גענומען אבשטעהן ביי דער טהיר

פון ברוקאַזש. איידער מען האָט זיך געקאָנט צו איהם דער־
שלאָגען, די שמשים האָבען געהאַט די אויפגאַבע פריהער גוט
זיך צו דערוויסען וועגען דעם פּאַציענט'ס פערמעגען א. א. וו.
און דאַן ערשט האָט מען זיך משוה געווען און זיך גענומען
צו דער „ארבייט".

דער משמש ר' ישעיה קאַטשקע האָט אַריינגעפיהרט דאָס
קראַנקע מיידעל אין „רבי'נס" חדר אָדער נאָר אין שטאָדט־
וועלדעל אריין.

די עשרה בטלנים, וואָס האָבען זיך אויפגעהאַלטען ביים
„ברוקאַזש", האָבען דעמאָלט דערנעבען, אין רבי'נס בית־
מדרש'ל, געזאָגט תהלים אויפ'ן קול. מען האָט אָנגעצונדען א
סך ליכט. דער משמש בקודש, ר' ישעיה'לע, האָט געבלאָזען
שופר און דער ברוקאַזש האָט מיט זיין לייבען־שטימע און
מיט'ן גראָבען שטעקען אין דער האַנד גענומען אַרויסיאָגען
דעם דיבוק פון דעם דערשראָקענעם מיידעל, שרייענדיג עטליכע
מאָל כסדר צו איהר: „אַרויס זאָלסטו געהן!"

פּלוצלונג דערהערט מען א שאָס... דער דיבוק איז „אַרויס"
דורך א קליין לעכעל אין דער שויב. מען ווינשט זיך מזל־טוב
און דאָס פער'הלש'טע מיידעל איז שוין „געזונד"...

דער עולם האָט זיך שטאַרק געפרעהט, פערביסען א לחיים,
געפראַוועט א סעודה און מען האָט געהייסען זיך גוט בעצאָהלען.

דער ברוקאַזש האָט אָבער א חוץ אַרויסיאָגען דיבוקים,
צוליב וואָס מען איז צו איהם געקומען פון דער גאַנצער וועלט,
אויך געהיילט אַנדערע קראַנקהייטען. ער האָט אָבגעשפּראָכען
עין־הרע'ס, א קראַנקען צאָהן, געהיילט קליפּות, פערבלאָנדזשע־
טע נשמות, געגעבען א תיקון — און גלגולים צוריקגעשיקט אין
זייער דוה אריין א. א. וו.

פון די דאָזיגע מאַכינאַציעס האָט ער אָנגעשיט טונען מיט
געלד. ער האָט אוועקגעגעבען א סך מעשר אויף ישוב ארץ
ישראל. אין קעלער פון זיין הויז פלעגט ער עם בכבודו ובעצמו

בעהאלטען און דעם שליסעל טראגען ביי זיך אין דער טאש.

אזוי ווי ער האט נ,שט געוואלט ארויסהעלפען זיינע צווייזיהן, וואס ער האט געהאט פון דער צווייטער פרוי אין זייער שווערער לאגע, האבען זיי איהם פער'מסר'ט פאר'ן גובערנאטאר אין ווארשא, אז זייער פאטער האט א גאנצען קעלער פים געלד, וואס ער נעמט צונויף ביי יודען און שיקט דאס אוועק צום סולטאן קיין טערקיי, יענער זאל זיך גוט בעוואפענען. איז געקומען פאליציי און ביי איהם פערכאפט עטליכע קעסטלעך געלד, זילבער און גאלד.

און נאך עטליכע וואכען האט מען איהם צוריקגעשיקט פון ווארשא דאס גאנצע געלד, חוץ דאס זילבער און גאלד, פאר וואס מ'האט איהם אויך בעצאהלט, דערגעהענדיג, אז דאס געלד געהערט צו דעם כולל ווארשא אין ירושלים און מען האט עס ביים ברוקאזש רעפאנירט.

ד.

א פערשווענדעריש לעבען איז געווארען געפיהרט אין די גוטע .אהרען ביים ברוקאזש. ער האט געוואוינט אין ליכטיגע שעהנע שטובען, געגאנגען טייער געקליידט, געפיהרט א רייכען טיש שבת און יום-טוב, געזאגט פאר'ן עולם תורה פון „קאזשעניצער" און אנדערע גוטע יודען, געטיילט שירים, געזונגען רבי'שע נגונים, געטרונקען משקה א. א. וו.

בעזונדער האט אויך געפיהרט טיש מיט איהרע געסט מרים די רבי'צין, דעם ברוקאזש'ס ווייב. זי פלעגט בעזונדערס טייער זיך קליידען און פוצען... זי איז געוועזען א פעטריקאווער טישלער'ס א שוועסטער.

די „גוטע יודען" האבען ווייניג געהאלטען פון ברוקאזש און האבען אפילו נישט געוואלט מיט האבען קיין מגע ומשא, אבער זיי האבען נישט געוואגט איהם צו בעליידיגען, פערוועהרענדיג זאגאר זייער עולם איהם צו טשעפען, ווייל פאר זיין קללה האט מען שטארק מורא געהאט. מען האט איהם גע-

האלטען פאר א „מכשף".

דער אינזשעניער, וואס האט זיך נישט נעשראָקען אָנצורופען דעם „ברוקאוש" ביים ריכטיגען נאמען, איז געווען דער בער־ריהמטער דאָקטאר בערנארד, וועלכער איז אויך, ווי בעקאנט, געווען א „גוטער יוד".

דאך האט א גרויסער עולם פון ברוקאוש געהאלטען עולם ומלואו, און ווען ס'זענען געקומען די ימים נוראים — איז די שטאָדט פול געווען מיט צוגערייזטע, וועלכע האבען זיך געוואָלט אויסבעטען ביי איהם א גוט יאהר. אין ימים נוראים, ראש השנה און יום־כפור איז דער ברוקאָוש געגאנגען אָנגעטהון פון קאָפּ ביז די פיס אין ווייסען, געטראָגען א ווייסען מיץ פון זייד, עהנליך צו דער „כובע" פון כהן ביי דער עבודה. ער אליין איז געווען דער בעל־תוקע, דער בעל־מוסף און געדאווענט האט ער גראָד שעהן, מיט'ן ברען און נוסח פון „קאָושעניצער". דער עולם פלעגט אויסגעהן פאר זיין זינגען און דאווענען און נאָכמעהר פון זיין דוב'ענען.

ועהענדיג איהם דעמאָלט, האט מען אינגאנצען פערגעסען אין זיין משוגה'דיג אויסזעהן, אין זיין בייזען בליק און אין זיין כעס.

אָבער דאָס גליק האט זיך אויף איינמאָל פון איהם אָבגעטהון. ווערענדיג צו ניינציג יאהר אַנ'אלמן, האט ער חתונה געהאט מיט א דרים ווייב, מיט דער טאָכטער פון לייבקע חזן, וועלכע איז געווען א קוילעכדיגע יתומה. זי האט געהייסען פּיי־טשע, א מיידעל פון 17 יאהר, א שעהנהייט. ער האט זי, אלס כלה בעשאָנקען מיט די טייערסטע מתנות, מיט פערעל און בר־ליאנטען, און זי אָנגעטהון אין זייד און סאַמעט, רופענדיג זי נישט אַנדערש ווי „מיין ליבטיג קינד". אָבער די הכנסות זענען געוואָרען וואָס אַמאָל ווענינער, די „דיבוקים" האבען עפּעס אויפגעהערט צו קומען און לעבענדיג אָהן חשבון, האבען זיך באלד די זעקלעך געלד אויסגעשעפּט און דער „ברוקאוש"

האָט צולעצט געמוזט פערקויפען זיין הויז. דער רבי׳צין איז נסאָם געוואָרען איהר „זקן", האָט זי איהם אויך פערלאָזט, צונעהמענדיג זיך די פערעל און דאָס קינד — א מיידעל, וואָס זי האָט פון איהם געבוירען צו 18 יאָהר.

ה.

אויף דער סילעווער גאַס, אין דעם קליינעם האָלצערנעם הייזעל, האָט דער „ברוקאַזש" צולעצט געוואוינט און אויך דאָרט געשטאָרבען ט״ז אדר תרמ״א, און עלטער פון עטליכע און נייִנציג יאָהר, פיער וואָכען נאָך זיין קינד׳ס טויט.

נישט ווייט פון גדה, לינקס, האָט מען איהם דריי טאָג נאָכ׳ן טויט קובר געווען. נעבען איהם זענען אויך געקומען צו קבורה זיינע צוויי זיהן שמואל און אהרן־שלמה.

די מצבה צוקאָפּענס דערצעהלט, אז הר׳ משה בן צבי הכהן איז געווען א בעל צדקה און קדוש,ם האָבען זיך מיט איהם גערעכענט.

אויפ׳ן קבר וואַקסט א יונגע אַלשינע, א דאָפּעלט־בוים, וועלכענס צווייגען עס בעדעקען די זיהנ׳ס קברים — אויף רעכטס און לינקס.

געבליבען איז פון ברוקאַזש, אָדער ברוקמאַן, ווי ער האָט זיך געשריבען, בלויז דער שטעקען, מיט וועלכען ער פלעגט צרויסטרייבען די „דבוקים"... ער געפינט זיך אין לאָדז ביי א קרוב.

ר׳ יעקעל מאָרגענשטערן פון לאָדז, אַן־אורייבענדיג זיין בעריהמטע פאָלקס־סאָטירע „ר׳ שמחה פלאַכטע", האָט זיך גע־נוצען דעם ברוקאַזש אלס פּראָטאָטיפּ.

עס קורסירען נאָך אין פּיאָטרקאָוו און אומגעגענד פער־שיעדענע גלייכווערטלעך, וואָס זענען פערבליבען נאָכ׳ן „ברו־קאַזש".

נאָך היינט צו טאָג, ווען אויף די בענק פון בערנאַרדינער גאָרטען אין פּיאָטרקאָוו (בעת די צאַר׳שע צייטען בעקאַנט אלס

דעם גובערנאַטאָר'ס גאָרטען), קומען זיך צונויף די „שטאָרט־אינוואַלידען" ד. ה. דער אַלטער דור יודען, וואָס לעבען פון זייערע קינדער'ס שטיצע, אָדער אויף קהל'ס חשבון, פערברענגט מען די צייט מיט מעשיות וועגען ברוקאַזש.

איינע פון „ברוקאַזש'ס כאַראַקטעריסטישע מעשה פלעגט זיין וועגען „מאָרגען זינגען", „מאָרגען זינגען".

אַז זיינע חסידים זענען געוואָרען מלא שמחה און אָנגעהויבען זינגען און טאַנצען ביז אין חצות אריין, פלעגט דער „ברוקאַזש" זיך אויפשטעלען פון זיין אָרט און אַ ברום געבען: ,רבותי! שוין גענוג! „מאָרגען זינגען, מאָרגען זינגען". מאָרגען איז אויך אַ טאָג.

# דער קאזשעניצער מגיד

א.

ר׳ ישראל, דער קאזשעניצער מגיד, איז געווען איינער פון די פיאנערן, וואס האבן פערשפרייט און פראפאגאנדירט חסידות אין פוילען און אין צייט פון׳ן רבי׳ן פון לובלין.

זייענדיג, ווי ער, א תלמיד מובהק פון ר׳ שמעלקע הורוויץ פון ניקעלסבורג, פון דעם רבי ר׳ בער פון מעזריטש, פון דעם „קדושת לוי״ און פון ר׳ מלך פון ליזענסק, האט דער קאזשעניצער מגיד איינגעזאפט אין זיך תורה און חסידות, צדקות און עניוות און טאקע א דאנק די דאזיגע מעלות איז ער אזוי שטארק פאפולער און בעליבט געווארן אין די חסידישע און לומדישע קרייזען.

און נעהענדיג מיט׳ן נייעם שטראם, וועלכען ס׳האט אריינגעבראכט קיין פוילען ר׳ גרשון קוטאווער, דעם בעש״ט׳ס שוואגער, איז ר׳ ישראל, זייענדיג נאך גאר יונג, אויסגערופען געווארען פון די חסידים אלס רבי און איז געווארען איינער פון די אנגעזעהענסטע צדיקים פון דעם דור.

צוליב דעם אבער, וואס ר׳ ישראל איז געווען אין זיין געבורטס־שטעדטעל קאזשעניץ מגיד, האט מען איהם אפילו שוין אלס רבי גערופען „קאזשעניצער מגיד״.

ווען זיין התגלות ווערט דערצעהלט, אז דער בעש״ט

האָט אַגומעלט נעהייכעט נאָך חבדלה איינשפּאַנען זיינע פערד און האָט זיך געלאָזט מיט זיין פאַניע אַלעקסער, וואָס איז ביי איהם געווען שמייסער, אין וועג אַהיין. פאָהרענדיג אַזוי אַ גאַנצע נאַכט איז ער געקומען קיין קאָזשעניץ גראָד צו אשמורת־הבוקר. דאָ האָט ער צו זיך געלאָזט רופען דעם אָרי־מען שבתי איינבינדער, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין קינ־דער און איהם מבטיח געווען, אַז אין הימעל האָט מען בע־שטימט, ער זאָל געבוירען אויף דער עלטער אַ בן־זכר, וואָס זאָל פערשיינען די וועלט. דאָס וועט זיין אַ לוין פאַר זיין גרויסען בטחון אין גאָט. דערביי האָט זיך דער בעש"ט אויס־געדרעדט דאָס סנדיקאות. און ווען ר' בנימין איינבינדער איז געהאָלפען געוואָרען צום יאָהר מיט אַ זוהן, האָט ער פער־בעטען דעם בעש"ט אַלס סנדק. דער בן־זכר האָט בעקומען דעם נאָמען ישראל, אַזוי ווי דער סנדק האָט געהייסען. דע־מאָלט האָט דער בעש"ט משפיע געווען פון זיין הייליגען גייסט אויף דעם קינד און ווען ס'איז אויסגעוואַקסען איז עס אַוועק אין זיינע, דעם בעל־שם־טוב'ס, דרכים.

ר' ישראל האָט פון קינדווייז אָן געלערנט טאָג און נאַכט און דערביי שטאַרק צוגעהונגערט. געשלאָפען איז ער אויף דער הארטער באַנק אין בית־המדרש און אין די שטיבלעך, גע־קעכטס נאָר געגעסען פון שבת צו שבת, צוליב וואָס ער האָט בעקומען אַ קראַנקהייט, וואָס האָט איהם געהאַלטען לעבענס־לאַנג אין קראַנקען־בעט. אָבער קוים איז ענטפּלעקט געוואָרען פאַר דער וועלט זיין גרויסקייט אין לערנען און צדקות, האָבען אָנגעהויבען דער „יוד־הקדוש", דער רבי ר' בתם א. אנד. צו איהם צו פאָהרען, כדי צו הערען פון זיין מויל דברי תורה און חכמה.

אַזעלכע גרויסע למדנים, ווי ר' יוסף קעמפּנער, דער מחבר פון „מעין הברכות", ר' נתליה ליפשיץ א. אנד. האָבען זיך

מיט איהם דורכגעשריבען וועגען „הלכה למעשה". ר' ישראל'ס אויטאָריטעט איז געוואַקסען אין דער חסידישער וועלט פון טאָג צו טאָג. ער האָט בעקומען אַ שם פון אַ גרויסען געטלי־כען מענטש. ער האָט אַבסאָלוט נישט נהנה געווען פון „גשמיות־דיגע זאַכען, כאָטש אַ דאַנק די גרויסע פדיונות, וואָס מען האָט איהם געשיקט פון ווייט און בריים, האָט ער געקאָנט פיהרען אַ ברייטע לעבען. אָבער ער האָט, ווי זיינע גרויסע רבי'ס, דאָס גאַנצע געלד פערטיילט פאַר אָרימע און לטובת הכלל.

אמת, שונאים האָבען איהם אויך נישט געפעהלט, שונאים, וועלכע האָבען איהם שיקאַנירט און עפנטליך פערשוועכט זיין נאָמען, פערמעהרענדיג דערמיט זיינע גרויסע קערפערליכע ליי־דען און יסורים. די שונאים זענען געווען נישט פון חסידים גופא — דאָס זענען על פי רוב געווען מתנגדים.

אָבער די אַלע שיקאַנעס און זלזולים פון וועלכען צד עס זאָל נישט זיין, האָבען נישט געקענט ברעכען דעם שטאַרקען כאַראַקטער פון דעם גרויסען בעל־נסיון און בעל־מופת, וועל־כער איז געווען פון אַלע שטאַרק געליבט און געשעצט צוליב זיין צדקות, לומדות און חכמה.

ב.

צווישען זיינע גרויסע צאָהל פערעהרערס האָט דער קאָ־זשעניצער מגיד אויך געצעהלט אַ סך פוילישע מאַגנאַטען און פירשטען, ווי די טשאַרטאָריסקים, פאָטאָצקים א. אַנד., וועל־כע פלעגען איהם אָפט פערזענליך בעזוכען און זיך מיט איהם בעראַטען נישט בלויז אין פאַמיליע־ענינים, נאָר אויך אין אַזעלכע ענינים, וואָס זענען נוגע געווען דער פוילישער פּאָלי־טיק. מען האָט דאָך דעם „מגיד" געהאַלטען פאַר אַ גרויסען פוילישען פּאַטריאָט.

די פריינדשאַפט פון די פירשטער טשאַרטאָריסקים צום מגיד איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען פלעגט זאָגען, אַז קיין

שמחה סען נישט פארקומען אין קאזשעניצער הויף אהן די משארטאריסקים, און אויך נישט אין פילעווער הויף אהן דעם „קאזשעניצער".

ער פלעגט אויך זיין אנ'אפטער גאסט ביי די משארטאָ־ריסקים, נישט קוקענדיג דערויף, וואס מען האט איהם נעמונג צוליב שוואכקייט יעדעס מאהל ארויסטראגען פון דער שטוב אויף די הענד און איהם ארויפלעגען אויף דעם וואגען. און אימ־ליכ'ס מאהל פלעגט דער מגיד אוים'פועל'ן ביי די משארטאָ־ריסקי'ס און אויך ביי פירשט פאניאטאָווסקי א טובה פאר יו־דען. אויך פירשט יוזעף פאניאטאָווסקי פלעגט אפט קומען מיט א בעזוך צום מגיד אין בעגלייטונג פון זיין יודישען לייב־גווער־דיסט מרדכי, וועלכער איז געווען דער דאָלמעטשער צווישען איהם און דעם יודישען „פראָראָק" (נביא), באטש דער מגיד האט אליין גוט פערשטאנען און אויך נישט שלעכט גערעדט פויליש. די בעראטונגען האבען געהאט אנ'אינטימען כאראקטער.

און אז דער קינדערלאזער דוכוס פון פילעווו איז ביים קאָ־זשעניצער מעהאלפען געווארען און א זוהן געבראכט אויף דער וועלט — האט מיט דעם די גאנצע פויליש־פריציישע וועלט בעקלונגען. דער פירשט אליין האט דאס דערצעהלט זיינע מקורבים.

די מעשה ווערט דערצעהלט אזוי:

אנומעלט האט דער אלטער פילעווער דוכוס שטארק זיך געקלאגט פאר'ן קאזשעניצער, אז ער ווערט פון טאג צו טאג עלטער און שוואכער און קיין קינד האט ער נישט, צוליב וואס זיין גאנץ לעבען און פערמעגען איז איהם נישט ניחא. ער האט געוואלט פאר יעדען פרייז א בן־זכר האבען, כדי די „דינאסטיע" צו דערהאלטען און ביים קאזשעניצער האט ער געזוכט די הילף. דערביי האט דער דוכוס, נאטירליך, נישט געזשאלעוועט קיין גרויסע פדיונות.

ניטש קאַנענדיג מער צוזעהן דעם צער פון אַלטען דוכוס, האָט דער מגיד אַנומעלט אַ געשריי־געטהון: „רבונו של עולם, דו האָסט אַזוי פיל נחים אויף דער וועלט — זאָל זיין נאָך אײנ־ענער!"...

און נאָט האָט טאַקע דערהערט דעם קאָזשעניצער'ס געבעט און דער אַלטער דוכוס איז דערפרעהט געוואָרען אויף דער עלטער מיט אַ בן־זכר...

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז דעם דוכוס'עס עלטערער ברודער, סטאַניסלאַוו משאַרטאָריסקי, האָט, וועלענדיג בעווייזען זיין ברו־דער, אַז דער מגיד האָט נישט קיין רוח־הקודש, זיך פאַר'ן מגיד שטאַרק בעקלאָגט, אַז ער האָט אין דער היים אַ זוהן, וועלכער איז אַ חולה מסוכן און אַלע דאָקטוירים האָבען איהם שוין אָפ־געזאָגט, דערביי האָט ער איהם געבעטען וועגען אַ סגולה און אַ רפואה, כאָטש אין דער אמת'ן איז דער זוהן געווען פולשטענ־דיג געזונד.

אָבער קוים האָט דער דוכוס געהאַט אַרויסגערעדט זיין בקשה, האָט איהם דער מגיד איבערגעהאַקט די רייד און געהייסען איהם שנעל זיך צוריילען אהיים, כדי ער זאָל נאָך בעוויזען זיך צו זעהען מיט זיין זוהן פאַר'ן טויט.

דערהערענדיג דעם דאָזיגען ענטפער פונ'ם מגיד, האָט זיך דער פירשט שטאַרק צולאַכט. אָבער קומענדיג אהיים האָט ער טאַקע געטראָפען דעם זוהן זיך ראַנגלען מיט'ן טויט. לויפט דער דוכוס הענדום־פענדום צוריק אויף זיין רייט־פערד קיין קאָזשע־ניץ, פאַלט דעם מגיד צו די פיס, בעט איהם מיט הייסע טרעהרען אין די אויגען וועגען פערצייהונג און אַ רפואה שלמה פאַר זיין זוהן. דער זוהן איז געמליך, רייטענדיג אויף אַ פערד, אַראָבגעפאַ־לען און שיער נישט נע'הרג'עט געוואָרען. דער מגיד בעקומט ביטלייד מיט'ן פאָטער פון זוהן, ער בענטשט איהם מיט אַ רפואה שלמה און גאָט האָט דאָסמאָל אויך דערהערט דעם מגיד'ס

תפילה און האט דעם פירשט'ס זוהן צוריק געשענקט דאס לעבען.

מיט נאך א סך אזעלכע און אנדערע לעגענדעס איז ארומ־געשפונען די געשטאלט פון קאזשעניצער מגיד. אין דער צייט פון נאפאלעאן'ס מארש אויף רוסלאנד איבער פוילען, איז אויס־געבראכען א גרויסער סכסוך צווישען די צוויי פוילישע ארמעע־אנפיהרער'ס, אדאם טשארטאריסקי, דעם עלטערען, דעם געגע־ראל פון פאדאליען, און יוזעף פאניאטאווסקי, דעם קריגס־מיניס־טער, וועגען דעם, צי פוילען זאל זיך שטעלען אין קריג אויפ'ן צד פון רוסלאנד, אדער אויפן פון פראנקרייך. טשארטאריסקי, א פערזענליכער פריינד פון אלעקסאנדער דעם ערשטען, איז גע־שטאנען אויף דער זייט פון רוסלאנד, דאגעגען פאניאטאווסקי — אויף דער זייט פון נאפאלעאן, וועלכער האט שוין געהאט פוילען ערקלערט אלס אויטאנאם פירשטענטום. דערציהלט די לעגענדע, אז אזוי ווי די דאזיגע גענעראלען האבען נישט געקענט צווישען זיך דורכקומען, זענען זיי ביידע געפאהרען צום קאזשעניצער זיך שואל עצת זיין.

אויסהערענדיג די טענות פון די ביידע פירשטען, האט דער מגיד, ליגענדיג אויף זיין צוברעכען בעטעל, אבגעהאלטען פאניא־טאווסקי'ן זיך צו בעטייליגען אין נאפאלעאן'ס מארש אויף רוסלאנד, פאראויסזעהענדיג דעם טרויעריגען סוף פון נאפאלעאן. דערביי האט ער ארויסגעזאגט די ווערטער: „נפל־תפול", אויס־טייטשענדיג זיי דעם פשט דערפון: „נאפאלעאן זניגוע", ד. ה. ער, נאפאלעאן, וועט פערלירען די מלחמה.

ווענען נאפאלעאנ'ס סוף האט שוין דער מגיד — ווי חסידים דערצעהלען — מרמז געווען נאך מיט 20 יאהר פריהער אין אנ׳־ערב פסח, זאגענדיג דעמאלט, אז „ס'וועט אויפשטעהען בקרוב א מענש, וואס וועט באלד ווערען א מלך איבער דער גאנצער וועלט, אבער עס וועט פון איהם גארנישט ווערען"...

יוזעף פאניאטאווסקי האט זיך ווענינ צוגעהערט צום מגיד'ס

עצה, ער האָט נישט געוואָלט ברעכן די שבועה, וואָס ער האָט שוין געהאַט געגעבן נאַפּאָלעאָנ'ען, אַז ער וועט מיט דער פּויל־ישער אַרמיי איהם געהן צו הילף און ער האָט דאָס זייניגע געטהון; אָבער די נבואה פון דעם מגיד האָט זיך בעשטעטיגט, נאַפּאָלעאָן האָט די מלחמה פערשפּילט און פּאָניאַטאָווסקי האָט אין דער עלבע, ביי וואַטערלאָ, זיין טויט געפונען: ער איז דאָרט צוזאַמען מיט זיין רייט־פערד דערטרונקען געוואָרען.

דאָס אָנזעהן און פּאָפּולאַריטעט פון מגיד איז נאָך דער מלחמה נאָך גרעסער געוואָרען צווישען די פּוילישע מאַגנאַטיטע און העררשענדע קרייזען. און ווען „מיין אדאַם" — אַזוי פלעגט דער קאָזשעניצער אָנרופען משאַרטאָריסקי'ן — איז געוואָרען נאָך דער מלחמה קריגס־מיניסטער פון פּוילען, איז דער מגיד געוואָרען זיין יוצא ונכנס. ער האָט ביי איהם צוזאַמען מיט'ן „חוזה" אויסגע'פּועל'ט אַ סך הנחות פאַר יודען און האָט דורך איהם דורכגעפיהרט געוויסע השתדלות'ן ביי אַלעקסאַנדער דעם ערשטען למובת הכלל.

ווען מען האָט יודען געוואָלט נעמען צו מיליטער און פאַר יעדען, וואָס דרעהט זיך אַרוים פון דיענסט, האָבען קרובים און די קהלה געמוזט צאָהלען צו טויזענד גילדען שטראָף — דעמאָלט האָבען דער חוזה מיט'ן קאָזשעניצער מרעיש־עולם־געווען, אַז די גזרה זאָל בטל ווערען און זיי האָבען אויסגע'פּועל'ט, אַז אַנשטאָט דיענען אין מיליטער, זאָל מען נעמען אַ שטייער־אָבצאָהל פון זיבען הונדערט טויזענד גילדען אַ יאָהר.

און ווען ס'איז אַרוים די גזרה פון יאָהר 1812 נישט צו לאָזען יודען האַנדלען מיט בראַנפען און האַלטען שענקען, זעהט מען ווידער דעם פיזיש־צוברעכענעם מגיד אַרבייטען און זיך משתדל זיין אַזוי לאַנג, ביז די גזרה ווערט בטל. ווען די פּראָג־רעסיווע יודען האָבען געפאָדערט אין דער צייט פון וואַרשאַוער הערצאָגטום בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פאַר יודען, האָבען די

תרומע פריוועו מורא געהאט פאר די קאנסעקווענצן דערפון, זעהענדיג די רעזולטאטען פון דער עמאנציפאציע־בעוועגונג אין די מערב־מלוכות.

משארטאריסקי׳ס שטעלונג אין דער דאזיגער פראגע איז געווען אפילו אנ׳אנדערע, ווי דעם מגיד׳ס; ער, משארטאריסקי, האט אין פעטערבורג פארלאנגט פאר די יודען אין פוילען „וואס ווענינער פערבאטען — וואס מעהר פרייהייט".

אבער מען האט זיך צוגעהערט צו דער שטים פון די גוטע יודען. בעזונדערס פון מגיד, צו וועלכען דער פילשוער הויף האט זיך בעצויגען מיט בעזונדערען כבוד און דאנקבארקייט.

בעזונדערס האבען די משארטאריסקי׳ס סימפאטיזירט און בעשיט מיט געלד און מתנות דעם מגיד׳ס איינציגע טאכטער פערעלע. זי האט גע׳שמ׳ט אלס א גרויסע צדיקת, פיהרענדיג זיך אין ענין יודישקייט, ווי א פארצייטישער חסיד. זי האט גע־טראגען אונטער איהר ברוסט־טוך א טלית־קטן, געראוועגט אין טלית און תפילין, זיך גע׳טובל׳ט צוויי מאל אין טאג, און דער בריה און אין אונעד אא״וו. דער עולם, וואס איז געפאהרען צום מגיד, האט זיך אויך ביי איהר „מכיר געווען". זי האט אויך געגעבען ברכות און סגולות אא״וו, אבער אזוי גוט ווי איהר גרויסער פאטער, האט זי נישט נהגה געווען פון די פדיונות, נאר אלע פערטיילט צווישען די נצרכים און געלעבט אויך אנ׳ארים, אסקעטיש לעבען.

א דור פון גרויסע רבנים און רביים איז פון מגיד׳ס בית־המדרש ארויסגעגאנגען און יעדער פון זיי האט געשאפען אין דער חסידישער וועלט זיין איינענע דינאסטיע. דער יוד הקדוש, דער פשיסכער, איידער זיי זענען נתגלה געווארען, זענען צום מגיד געפאהרען און ביי איהם געלערנט; דער „נועם מגדים" (ר׳ אליעזר דוד פון טארניגראד), ר׳ יהוזקאל׳ע און ר׳ מנשה קאזשע־ניצער אא״וו זענען געווען זיינע תלמידים.

איבער צוואַנציג ספרים האָט דער מגיד, לינגנדיג אין בעט, אָנגעשריבען אויף תורה, זוהר אא"וו. זיינע „דרשות" אין „עבודת ישראל", „אור ישראל", זיין „נר ישראל" און „נור ישראל" צייכנען זיך אויס מיט מאָראַל און יודישקייט.

פופציג יאָהר איז ער געווען מגיד און 42 יאָהר רבי אין קאָזשעניץ (1773 — 1815). ער איז נפטר געוואָרען אין עלטער פון 74 יאָהר, ערב סוכות תקע"ה, (רעש"ה לפ"ק) דריי פירטעל יאָהר פריהער פאַר דעם תוזה און א יאָהר שפעטער פון „יוד הקדוש" (תקע"ד). אַז דער מגיד איז אַוועק פון דער וועלט, האָט מען אין פילעוער פירשטען-הויף שטאַרק געטרויערט, און ווי די לעגענדע דערצעהלט, האָט פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבען צו נעהן ביי די משאַרטאָריסקים באַרג-אַראָב. זייער פערמעגען האָט רוסלאַנד קאָנפיסקירט און די פירשטען האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס לאַנד.

פאַר דער מלחמה האָט מען נאָך געקענט זעהען דאָס אַלטע היסטאָרישע הייזעל, אין וועלכען דער מגיד האָט געוואוינט.

אין קאָזשעניץ, אין דער אַוויי-געוראָפענער „אוליצאַ מאַגי-ראַ", איז דאָס דאָזיגע האַלב-איינגעפאַלענע הייזעל געשטאַנען.

דעם מגיד'ס ממלא-מקום איז געווען זיין איינציגער זוהן ר' משה'לע, וועלכער איז אָבער קיין גרויסער למדן נישט געווען.

אין די מעמוארען פון דער גרעפין אַננאַ פּאָטאָצקאַ (געב. 1776, געשט. 1867), וועלכע זי האָט געשריבען אין פראַנצויזיש און וועלכע זענען געפונען און פאַרעפענטליכט געוואָרען אין פּאַריז, דערצעהלט זי דורך אַנב, אַז אַ גרויסער שוועדישער אַסטראָלאָג, וואָס איז געווען שטאַרק אָנגעזעהען אין די הויפען פון די פּאָניאַטאָווסקים, איז ספּעציעל געקומען אַוש פון שוועדען צו ישראל דעם קאָזשעניצער מגיד.

אַם דאָס איז שוין אַ נעגוגענדער בעווייז, ווי פּאָפּולער דער קאָזשעניצער מגיד איז געווען אין דער וועלט.

# דער הייליקער ייִדע פון ראַדזימין

א׳

א קליינער, איינגעהויקערטער זקן איז געווען דער רבי ר׳ יעקעלע ראַדזימינער, וועלכען די חסידישע וועלט האָט גערופען מיטן נאָמען: „סבא־קדישא", דאָס הייסט: דער הייליגער זיידע.

דער פאָטער זיינער, ר׳ שלמה גוטערמאַן, איז געווען א שניט־סוחר אין וואורקע, אין דער רעוידענץ פון ר׳ איציק׳ל וואורקער. דאָרט איז אויך דער רבי ר׳ יענקעלע געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקנ״ב (1792).

די עלטערן האָבען איהם חתונה־געמאַכט יונגערהייד פאַר א בעל־הבת׳ישער טאָכטער פון ריטשעוואָל.

כל־זמן דער שווער זיינער, ר׳ בעריש ריטשעוואָלער, האָט געהאַט די מעגליכקייט, האָט ער זיין איידעם געגעבען „קעסט" צו עסען, דעם „לחם הקלוקל", ווי מען פלעגט עס אידאָניש אָנרופען. אָבער ווי נאָר ער איז געוואָרען א יורד און ס׳איז אויס־געקומען דעם קעסט־איידעם צו הונגערן, האָט ר׳ יעקעלע זיך ארומגעקוקט נאָך א תכלית — האָט מען איהם אויפגענומען אין ריטשעוואָל פאַר א רב, צאָהלענדיג איהם אינגאַנצען עטליכע גילדען א וואָך — און ער איז געוואָרען א מרא־דאתרא.

אָבער דאָס קליינע געהאַלט איז נישט גענוג געווען צו דערהאַלטען דאָס הויז. האָט זיך די רבי׳צין (דאָס איז דעמאָלט

געווען אַ געוועהנליכע ערשיינונג אין די רבנישע קרייזען) גע־
נומען האנדלען אויף די דערפער מיט אַ ביסעל צעלניק און
פאַר דעם לייזעכץ האָט זי געקויפט לעבענס־מיטעל ביי די
פויערים פאַר איהרע בני־בית.

ר' יעקעלע האָט קנאַפּ וואָס נהנה געווען פון דער שווערער
ארבייט פון דער רבי'צין. ער גופא איז געזעסען על־פי־רוב אין
פּשיסכע ביים רבי'ן ר' בונם און אזוי ווי דער לעצטער איז געווען
אַ סגי־נהור אויף די אַלטע יאָהרען — האָט דער רבי ר' יעקעלע
ראַדזימינער פאַר איהם פאַרגעלייענט מדרש אא"וו.

און ווען אין ראַדזימין איז פריי געוואָרען דאָס בסאַ־רבנות
האָט דער חידושי הרי"ם אהין אריינגעזעצט דעם רבי ר' יעקע־
לע און מען האָט איהם פון דאַן אָן שוין אָנגעהויבען רופען
מיט'ן נאָמען: ר' יעקעלע ראַדזימינער.

און דאָ איז ר' יעקעלע מאַקע געקרוינט געוואָרען אַלס רבי.
דער קאָצקער פלעגט אויף איהם זאָגען: הלוואי וואָלטען געווען
אויף דער וועלט נאָך צוויי אַזעלכע צדיקים, ווי דער ראַדזימי־
נער און דער טשעכאַנאָווער זענען...

און אַ גרויסער עולם קאָצקער און פּשיסכער חסידים האָבען
זיך באַלד אָן איהם בעהאַפטען. פון ארבע פינות העולם איז מען
צו איהם געפאָהרען און מיט פדיונות בעוואָרפען. מען האָט
איהם געהאַלטען פאַר גאָר אַ גרויסען בעל־מופת.

דער רבי ר' יעקעלע האָט נישט געקענט קיין צורת־מטבע,
אָבער זיין משמש ר' הערשעל האָט „געריסען" פון די חסידים
גרויסע פדיונות. אַ „פינפאונצוואַנציגער" איז שוין געווען די
קלענסטע מטבע, נישט מעהר, מען האָט געקענט דעם פדיון
אויסצאָהלען אויך אין ראַטעס...

צוליב די גרויסע מופתים, וואָס ער האָט בעוויזען, איז דער
רבי ר' יעקעלע ראַדזימינער אויך שטאַרק מפורסם געוואָרען ביי
די פריצים אין זיין געגענד, און נישט פאַר איין יודישען פּאָב־

טער פלעגט ער זיך איינשטעלען און אויסבעטען הנחות. אויך די פּריצים אַליין האָבען געברויכט זיין טובה און געמוזט צו איהם אַנקומען.

מען דערצעהלט, אַז אַמאָל איז צו ר' יעקעלע'ן געקומען אַ פּריץ מיט אַ שטומען דערוואַקסענעם זוהן, דער רבי זאָל איהם בענשען, אַז ער זאָל רעדעוודיג ווערען. אויסרעדענדיג זיך פריהער מיט'ן פּריץ, אַז ער וועט יודען גוט בעהאַנדלען און וועט קיין שלעכטס זיינע יודישע פּאַכטערם קיינמאָל נישט טהון, האָט דער רבי ר' יעקעלע אויפגעהויבען דערנאָך די אויגען צום הימעל און געבעטען: ס'איז דאָך דאָ אַזוי פיל גויים, וואָס רעדען, זאָל זיין נאָך אַ גוי אויף דער וועלט, וואָס זאָל קענען רעדען!" דערביי האָט דער רבי אַ קלאַפּ געטהון דעם שייגעץ מיט'ן גאַרטעל, האָט יענער אַ געשריי געטהון: „טאַטע, זשיד מניע ביע!" (פאָטער, דער יוד שלאָגט מיך!) און פון דעמאָלט אָן האָט דעם פּריצ'ס זוהן שוין גערעדט...

די מעשיות, וואָס ווערען דערצעהלט וועגען דעם רבי ר' יעקעלע ראַדזימינער, זענען אין לשער. מיר וועלען דאָ איבערגעבען בלויז די, וואָס האָבען אַ שייכות צו זיין אַנטקעגענשטעלען זיך די צאַרישע סאַטראַפּען, וועלכע מען האָט געשיקט קיין וואַרשאַ צו ליקווידירען די פּוילישע פּאָוסטאַניע פון יאָהר 1831.

ב.

דעם ראַדזימינער'ס ביאָגראַף (בערגמאַן) דערצעהלט אין זיין ספר „מעשיות נוראים" (פּיאָטרקאָוו תרע"ד), אַז פּאַסקעוויטש, דער צאַרישער תליון פון פּוילען, האָט פּלוצלונג זיך צוגעטשעפּעט אויך צו די פרומע יודען און אַרויסגעגעבען אַ גזירה צו פערברענען דעם ש"ך, דאָס הייסט דעם בעריהמטען פּירוש „שפתי־כהן" פון ר' שבתי הכהן אויפ'ן „חושן־משפט".

די סיבה, פאַרוואָס פּאַסקעוויטש האָט געהייסען פערברע־

נען גראד דעם ש"ך, איז גאר ביז היינט נישט אויפגעקלערט געווארען. ס'זענען ווענען דעם פערהאן פערשידענע ווערסיעס. לויט איין ווערסיע זאל אנ'אסימילאטאר האבען פער'מסר'ט די יודען פאר'ן צורר, אז זיי פיהרען זיך נישט לויט די אלגעמיינע געזעצען פון לאנד, נאר זיי האבען זייער אייגענעם קאדעקס, וועלכען ער האט אנגערופען מיט'ן נאמען ש"ך. א צווייטע ווערסיע ווידער דערציילט, אז צוליב דעם, וואס דער ש"ך, וועלכער האט איבערגעלעבט די גזרות ת"ח ות"ט און האט זיי בעשריבען מיט גרויס כעס אין זיין „מגילת עפה", האט פאס־קעוויטש, נאטירליך לויט עמיצענ'ס א מסירה, געוואוויר־וועגט־דיג, אז די יודען אין פוילען פערהאלטען זיך צוליב דעם מיט גרויס שנאה צו רוסלאנד, געהייסען דעריבער פערברענען אלע ספרים, וועלכע טראגען דעם ש"כ'ס נאמען.

צווישען די פרומע יודען האט די גזירה ארויסגערופען א מהומה. עס זענען זיך ווענען דעם צונויפגעפאהרען אלע רביים פון פוילען און מען האט בעשלאסען צו שיקען צום פירשט פאס־קעוויטש א דעלעגאציע פון רבנים, בראש מיט א רב, וואס קאן גוט רעדען רוסיש, און זי זאל איהם אויפקלערען דאס מיספער־שטענדניש און בעטען, ער זאל מבטל מאכען די גזרה.

צו דער דעלעגאציע איז אויך געווארען פערבעטען דער אמשינאווער רבי, ר' יעקב־דוד קאליש, אבער ער האט נישט געוואלט דערויף מסכים זיין, ביז דער ראדזימינער רבי וועט זיך אויך נישט בעטייליגען אין דער דעלעגאציע.

דער עולם האט בשום מורא געהאט צו געהן צו פאסקע־וויטש'ן, ווייל ער איז געווען אלגעמיין בעקאנט פאר א גרויסען רשע, וואס שטעלט זיך נישט אב, ווען דער כעס כאפט איהם אן, אפילו פון צו שיסען א מענטש גלייך אויפ'ן ארט אהן א פארווארס.

דער ראדזימינער, א גרויסער פקח, האט פערשטאנען, פאר־

וואָס דער אַמשינאָווער וויל נישט אַליין געהן און ער האָט איהם צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויך זיין ביים פּירושט.

דערציילען חסידים, אַז ווי די רבנישע דעלעגאַציע איז נאָך אַריינגעקומען אין פּאַלאַץ, וואו פּאַסקעוויטש האָט געוואוינט און יענער האָט דערהערט, ווענען וואָס זי איז צו איהם געקומען — האָט ער, פּאַסקעוויטש, טאַקע באַלד אַראָבגעכאַפּט פון דער וואַנד אַ ביקס און גלייך געצילט צום אַמשינאָווער צדיק. בלויז פאַר דער העזה, וואָס מען איז געקומען איהם זאָגען דעה, וואָס ער האָט צו טהון...

אָבער פּלוצלונג האָט זיך פּאַסקעוויטש בעהערשט און אַוועקגעלעגט די ביקס פון דער האַנד, פרעגענדיג צעטומעלט די דעפּוטאַציע, ווער עס איז דער דימער רב, דאָס קליינע, איינ־געהויקערטע יודעל, וואָס שטעהט נעבען איהם און האָט איהם צוגעהאַלטען ביי דער האַנד, נישט לאָזענדיג איהם שיסען.

ווען די רבנים האָבען איהם געענטפערט, אַז זיי זעהען דאָ קיינעם נישט, האָט זיי פּאַסקעוויטש געהייסען קומען מאָרגען אויף אַנ׳ענטפער.

קומענדיג דאַן אין פּאַלאַץ אַריין, איז שוין דער אַמשינאָ־ווער רבי דרייסטער געווען, זעהענדיג, אַז דער רבי ר׳ יעקעלע איז אויך מיט זיי און אַז דער פירשט שרעקט זיך פאַר זיין, ר׳ יעקעלע׳ס גייסט...

דאָסמאָל האָט שוין דער שטרענגער, פאַרכטיגער פּאַסקע־וויטש נאָך אַנדערע דיבורים גערעדט און האָט טאַקע צוגעזאָגט נבטל צו מאַכען די גזרה אויף דעם ש״ך.

דער רבי ר׳ יעקעלע איז, אַלזאָ, געווען אַ רואה ואינו נראה...

בעזונדערס אינטערעסאַנט איז די געשיכטע וועגען רבי ר׳ יעקעלעס בעגעגניש מיט׳ן וואַרשאווער אָבער־פּאָליצמייסטער אין קראַשינסקי׳ס גאָרטען.

אין דעם דאָזיגען גאָרטען איז געווען איינגעאָרדענט א טרינק־האַלע פון מינעראַל־וואסער, וועלכע עס האָט געהאַלטען אין פאַכט א קורלענדער. יעדעס יאָהר, זומער־צייט, פלעגט דער רבי ר׳ יעקעלע קומען קיין וואַרשא און דאָרט טרינקען מינעראַל־וואַסער, וואָס דאָקטוירים האָבען איהם פעראָרדענט. נאָכ׳ן טרינקען האָט ער אויך ארומשפּאַצירט א געוויסע צייט אין גאָרטען אין דער בעגלייטונג פון זיינע צוויי משמשים.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך געטרונקען דאָרט מינעראַל־וואַסער דער רוסישער אויבערפּאָליציימייסטער (וועלכער איז אויך געווען א גענעראַל) און זיין פרוי, די גענעראַלשע.

בעת׳ן שפּאַציר פלעגען זיך אָפט בעגעגענען דער רבי ר׳ יעקעלע און דער גענעראַל מיט׳ן ווייב.

דער „ראַדזימינער" האָט אָבער געהאַט א טבע, אז ווען עס איז איהם אנטקעגענגעקומען עפּעס א נקבה פנים אל פנים, האָט ער זיך אוועקגעדרעהט פון איהר און אויסגעשפּיגען...

דאָס זעלבע האָט ער אויך געטהון, ווען ער האָט זיך בעגעגענט אין גאָרטען מיט׳ן אָבערפּאָליצמייסטער׳ס ווייב.

דאָס האָט בעמערקט דער גענעראַל און עס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען.

— היתכן — האָט ער זיך געטראַכט — זאָל זיך אזא יודעל ערלויבען אויסצושפּייען פאַר זיין וויב, א רוסישע גענעראַלשע?

און ער האָט אָנגעזאָגט דעם דייטש פון דער טרינק־האַלע, אז ער זאָל מעהר נישט פערקויפען דעם יור קיין וואַסער און איהם טאָקע בעזייטיגען אינגאַנצען פון גאָרטען אַרוים.

דער דייטש אָבער, וועלכער האָט גוט געקענט דעם רבי׳ן פון כמה שנים און איהם שטאַרק פערעהרט, האָט וועניג געלעגט אכט אויפ׳ן אָבערפּאָליצמייסטער׳ס רייד און האָט דעם רבי׳ן ווייטער געגעבען צו טרינקען יעדען אין דער פריה מינעראַל־וואסער.

דאָס האָט נאָכמעהר פערדראָסען דעם אָבערפּאָליצמייסטער און ער האָט נעדראָהט דעם דיימש, אז קוים וועט ער אריינ־לאָזען דעם יוד אין גאָרטען און איהם פערקויפען וואַסער, וועט ער ביי איהם צונעמען די קאָנצעסיע.

בלית־ברירה האָט דער דיימש וועגען דער גאַנצער מעשה מודיע געוועז דעם רבי'ן דורך די משמשים. דער ראַדזימינער, ווידער, האָט געהייסען זאָגען דעם דיימש, אז ער זאָל גאָר קיין מורא נישט האָבען פאַר דעם דראָהען, ווייל צומאָרגענס וועט דער גענעראַל מעהר שוין נישט אַהערקומען...

און כך־הוה: צומאָרגענס אינדערפריה, ווען דער אָבער־פּאָליציימייסטער איז אַרויסגעפאָהרען מיט אַ דראָזשקע אין דער שטאָדט, האָט זיך די דאָזיגע דראָזשקע אָנגעשטויסען מיט אַ צווייטער דראָזשקע און עס קומט שיער נישט צו אַ אומ־גליק. דער גענעראַל וועדט אָנגעצונדען און נים מיט דער בלאַנ־קער שווערד אַ מוים־קלאַפּ זיין דראָזשקאָוש אין קאָפּ אַריין און הרג'עט איהם אויפ'ן אָרט.

צוליב דער דאָזיגער אומגעריכטער סיבה איז שוין דער פּאָ־ליצמייסטער נישט געקומען מיט זיין ווייב אינדערפריה טרינקען וואַסער אין קראַשינסקי'ס גאָרטען און האָט אויך געטווזט באַלד פערלאָזען ווארשא, ווייל די גאַנצע שטאָדט איז אויפגעקאָכט געוואָרען אויף איהם צוליב זיין טויטען אַנ'אומשולדיגען מענש.

ג.

דער רבי ר' יעקעלע איז נפטר געוואָרען י' תמוז תרל"ה (1875) אין עלטער פון 83 יאָהר. נאָך ביים לעבען פון רבי'ן ר' בונם האָט ער געמאַכט מיט איהם אַנ'אַזוי־גערופענעם ענג־לישען תקיעת־כף (בעשטעהט אין אַרויפלעגען צווייי פינגער אויפן צווייטענס צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנד). די תקי־עת־כף איז געווען וועגען דעם, אז ער וועט מיט איהם, נאָך 120 יאָהר, צוזאַמען זיצען אין איין חדר אין גן־עדן. אַ'עהר־

ליבען האנד־שלאג האָט אויך ר׳ יעקעלע געמאַכט מיט׳ן רבי׳ן ר׳ יחיאל פון אַלעקסאַנדער.

ר׳ יעקעלעס ממלא־מקומו איז געווען זיין זוהן, ר׳ יהושע־שלמה, און דער פערשטאַרבענער מיט עטליכע יאָהר צוריק ראַדזימינער רבי אין ווארשא, איז שוין געווען ר׳ יעקעלע׳ס אַנ׳אוראייניקעל, דער דריטער דור פון דער ראַדזימינער דינאַסטיע.

די הייליגע „לודמירער מויד" האָט געזאָגט אויפ׳ן רבי׳ן ר׳ יעקעלע, אַז ביים רבי׳ן ר׳ בונם זענען פערהאַן דריי תלמידים: איינער (דער קאָצקער) פערברענט די וועלט, דער צווייטער (דער וואַרקער) פערשרייט די וועלט און דער דריטער ר׳ יעקעלע (ראַדזימינער), אַז ווען ער דרעהט זיך אין עיגול מיט זיין ליולקע — ציטערן פאַר איהם מלאכים, שרפים ואופנים אין הימעל...

# דער רבי ר׳ בונם

א.

א ווייל פון פוילישען חסידות איז געווען דער רבי ר׳ בונם (דער פשיסכער).

דער רבי ר׳ בונם איז נישט געווען קיין „יחוס־עצמו״, ווי עס זענען געווענליך געווען די ערשטע רביים. זיין פאטער איז געווען דער אנגעזעהענער וואווידיסלאווער מגיד ר׳ הערשעלע, וועלכער האט גע׳שמ׳ט אלס גרויסער ירא־שמים.

ר׳ הערשעלע האט אליין זיך נישט געקאנט קיין עצה געבען מיט זיין קינד און ער האט איהם דעריבער געשיקט לערנען אין דער פרעמד אריין.

דאס קינד איז געווען זעהר פעהיג, האט געהאט א וואונדערליכע תפיסה, האט אין איין רגע תופס געווען דאס, וואס מיט אנדער׳ע האט מען געמוזט לערנען וואכענלאנג, אבער ער האט קיין גרויס חשק צום לערנען נישט געהאט.

אונזער בונמ׳ל האט זיך דעריבער ארויסגע׳גנב׳ט פון דעם שטעדטעל און האט זיך געלאזט קיין ווארשא „ווערען א מענש״.

דארט האט זיך דאס יודישע יונגעל פערדונגען אין א יודישער אפטייק אויף דער קראכמאלנע גאס. אין א גאנץ קורצער צייט האט ער שוין די גאנצע „תורה״ געקאנט אזוי גוט, אז דער בעל־הבית זיינער האט איהם אליין אנגעטרויט צו מא־

כט מעדיצינען אא"וו,

אין ווארשא האט זיך דאס יונגעל בעקענט מיט די גרויס־שטעדטישע לעב־קינדער און מיט זיי זיך גאר שטארק גע'חבר'ט, געשפילט א קערטעל און געבומעלט...

זייענדיג איינמאל שטארק פערשלאפען האט ער זיך מועה־געווען ביי מאכען א מעדיצין, געבענדיג עפעס אנדערש, ווי עס איז געווען פערשריבען אין רעצעפט פון דאקטאר. דאס וואלט געווען פשוט'ער סם פאר'ן חולה. ווען ער האט זיך געכאפט, אז ער האט געהאט א טעות, איז שוין צו שפעט געווען. דער דיימער, וואס איז געקומען ספעציעל פון דארף נאך דער מע־דיצין, האט שוין לאנג געהאט די שטארט פערלאזט און ער האט אויך נישט געוואוסט, פון וואנען דער דאזיגער שליח איז געווען. אוים מורא, עס זאל נישט שאדען דעם חולה, האט ער זיך פון עגמת־נפש שטארק צעוויינט.

מאכט זיך א נס, דער פויערישער דיימער קומט צוריק אין דער אפטייק אריין און הויבט אן צו קלאגען, אז עס האט איהם אויס'ן ווענ נעטראפען א סיבה מיט דער מעדיצין. פון געשווינ־דען, איילינגען דיימען, איז איהם די רפואה ארויסגעפאלען פון טאש און דאס פלעשעל איז צעבראכען געווארען. האט ער גע־נומען בעטען רחמים, מען זאל איהם געבן א צווייט פלעשעל מיט דער זעלבער מעדיצין.

אבער „בתמ'ל משרת" — אזוי האט איהם גערופען די ווארשאווער דעמאלמדיגע לעבזיונגעד — האט זיך צוליב דער געשיכטע אבגעזאגט פון זיין ארבייט אין דער אפטייק. ער האט זיך איצט ארומגעדרעהט אויף די ווארשאווער גאסען אהן שום מיטלען צום לעבען, אבזאגענדיג זיך פון יעדער איינער שטיצע, וואס זיינע חברים האבען איהם פארגעלעגט.

ווען די בעוואוסטע טעמערל (תמר'ל) ר' בערל זביטקאָ־ווער'ס ווייב האט זיך דערוואוסט, אז אין ווארשא דרעהט זיך

ארום און הונגערט דעם וואוידיסלאווער'ס א קינד, האט זי איהם צו זיך אריינגענומען אין בראנפען־געשעפט און ער איז ביי איהר געווארען א רייזענדער. אלס אנגעשטעלטער האט זיך דער רבי ר' בונם אויסגעצייכענט מיט זיין ערליכקייט, פליים און גענויטקייט אין דעם ענין פון מסחר.

אויף זיינע ווייטע געשעפטס־רייזען איז איהם אויך אויסגעקומען צו זיין אין דאנציג און אנדערע שטעדט. ער פלעגט זיך דארט אויפהאלטען חדשים לאנג, האט ער זיך איינגעלעבט אין יענער סביבה, געקליידט זיך איירָאפעאיש און געלעבט א גוטען טאג.

ווען מען האט דערצעהלט דעם פאטער זיינעם, דעם מגיד פון וואוידיסלאוו, אז זיין זוהן פיהרט זיך נישט בדרך הישר, פלעגט ער ענטפערן, אז ער האט דערפאר קיין מורא נישט, וואָרום זיין בונמ'ל וועט זיין איינער, וואס וועט נאך מתקן זיין די וועלט. און דאס נביאות פונ'ם פאטער איז אינגיכען מקוים געווארען.

ב

נאך פלוצלונג, אונערווארט פאר אלעמען, האט ר' בונם פערלאזט זיין שטעל ביי ר' בעריל זביטקאווער. ער האט זיך בעזעצט אין דעם אבגעלאזענעם שטעדטעל וואוידיסלאוו און גענומען האנדלען מיט א ביסעל תבואה „קיין דאנציג".

דא טרעפט זיך איהם ביי א פויער אויפ'ן מארק צו קויפען א וועגעלע תבואה. ר' בונם דינגט זיך מיט'ן פויער וועגען פרייז. דער פויער פארלאנגט א הוספה, זאגענדיג אויף פויליש: „פאפראווטשע", ד.ה. זייט מוסיף צום פרייז. הערענדיג די דאזיגע ווערטער האט ר' בונם אויפגעציטערט, איינזעהענדיג, אז זיי זענען געווענדעט געגען איהם. אפילו א ווילדער פרעמדער פויער הייסט איהם, אז ער זאל בעסער ווערען! און ר' בונם איז מהרהר בתשובה, ער דערווייטערט זיך פון זיינע

חברים, פון זיינע געשעפטען. פון דער גאַנצער אַלטעגליכקייט, ווערט אַ שטוב־יוצער, נעהמט זיך צום לערנען, היט אָב מיט גרויס מסירת־נפש יודישקייט, „לערנט מיט מוח און דאַווענט מיט כוח", ווי אַנ'אמתער בעל־תשובה. ער פאַהרט אויך צום „יוד הקדוש" פון פשיסכע, און ווערט דאַן זיין נושא כלים, נעהענטער אין זיינע הייליגע דרכים. און אין דעם חסידישען וועלטעל הויבט מען שוין אָן צו רעדען וועגען דעם נייעם שטע־הען, וואָס האַלט ביי אויפגעהן.

דער חוזה, דער זעהער פון לובלין, דער פאָטער פון חסי־דות אין פוילען, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מודיע געווען דער וועלט, אַז איינגיכען דאַרף נתגלה ווערען אַ גרויס ליכט (אור), וואָס וועט בעשיינען די גאַנצע וועלט. און עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט, ווי דער רבי ר' בונם איז ענטפלעקט געוואָרען אין זיין גאַנצען גלאַנץ און איז נאָך ביים לעבען פונ'ם „יוד הקדוש" געקרוינט געוואָרען אלס רבי פון פשיסכע.

דער פריהערדיגער שטאַרקער מתנגד פון חסידות, דער וועלטליכער מענש, האָט אָנגעהויבען צו פיהרען רבי'שאַפט ביד רמה. אַ גרויסע צאָהל חסידים האָבען זיך אָבגעריסען פון זייערע פריהערדיגע „גוטע יודען" און זיך גרופירט אַרום איהם. דער קאָצקער, דער „חידושי הרי"ם", דער אַלעקסאַנד־רער, ר' הענעכ'ל א. אנד. זענען געוואָרען דעם רבי'ן ר' בונ־ם'ס נושאי כלים. דער עולם האָט איהם פשוט בעשיט מיט בדיונות, וועלכע ער פלעגט פערטיילען, ווי זיין גרויסער רבי, דער "יוד הקדוש", צווישען די נצרכים, וועלכע האָבען זיך צו איהם געווענדעט וועגען הילף.

ס'האָבען איהם אויך נישט געפעהלט קיין שונאים פון הסידישען לאַגער, שוין נישט רעדענדיג וועגען די מתנגדים, וואָס פלעגען איהם דערגעהן די יאָהרען. די שנאה און קנאה

צום רבי ר׳ בונם איז געווען גאָר גרויס. מ׳האָט איהם נישט געקאָנט פאַרגינען דאָס גרויסקייט און דעם שם, וואָס ער האָט זיך אין אַ גאָר קורצער צייט ערוואָרבען. די געגנער פלעגען איהם נישט אַנדערש רופען, ווי „דאַנציגער סוחר", „דאַנצינער הול־טיי". שונאים האָבען איהם צוגעשיקט אַ „שבט מוסר" אויף עברי־טייטש. ער זאָל, הייסט עס, לערנען יודישקייט...

דער אַפּטער האָט ספּעציעל אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע צום פּשיסכער, וואָס איז בעשטאַנען פון צוויי גאַשוואוירענע חסידים זיינע, אַז זיי זאָלען איהם פרעגען, ווי אַזוי עס איז מעגליך, אַז אַ „דאַנציגער סוחר" זאָל ווערען רבי. און דער רבי ר׳ בתם האָט געהייסען דעם אַפּטער ענטפערן, אַז ווען ער, דער רבי ר׳ בונם, הייסט עס, וואָלט געוואוסט פריהער, אַז ער וועט ווערען רבי, וואָלט ער קיין סוחר נישט געווען, ער האָט עס אָבער פריהער נישט געוואוסט...

געוועהנליך איז געווען זיין ענטפער זיינע שונאים, ווען זיי האָבען איהם דאָס פאָרגעוואָרפען, אַז ער האָט אין זיך די נשמה פון זבולונ׳ען, וועלכער איז אויך געווען, ווי עס שטעהט אין דער תורה — אַ סוחר...!

און ווען מען פלעגט איהם מאַכען דעם פאָרוואורף וועגן זיין „פרייע לעבען" אין דער יוגענד, דאַ האָט שוין דער רבי ר׳ בונם געגעבען די שונאים אַזאַ מין ענטפער: „איך האָב ליב — האָט ער געפלעגט זאָגען — הפקרות. זיין אַ הפקר־מענטש איז אַ גרויסע זאַך. ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרען? אַז מען איז מפקיר זיך אַליין, נישט אַנדערע"...

דער אַפּטער איז אַזוי שטאַרק אין כעס געווען אויף דעם רבי ר׳ בונם, אַז מאַכענדיג אַמאָל אַ קינד חתונה, האָט ער אַלע רביים און לומדים פערבעטען אויף דער שמחה, נאָר דעם פּשיסכער — נישט. און דאָס אַלץ צוליב דעם, וואָס ער האָט אין דער יוגענד געלעבט אַ „גוטען טאָג"

דער עולם אויף יענער התונה האָט זיך שטאַרק פֿערנו־
מען מיט'ן פשיסכער. מען האָט געקלערט תחבולות ווי אַזוי
איהם מעביר אַ זיין אַלס רבי. אָבער צוליב דעם, וואָס דער
„יוד הקדוש” האָט פֿון איהם געהאַלטען עולם־ומלואו, מיט־
געהמענדיג איהם אויף אַלע נסיעות אא"וו האָט מען בעשלאָ־
סען בעסער צו מאַכען אַ שווייג. מען איז אויך דערגאַנגען,
אַז דער רבי ר' בונם איז איינער פֿון די גרעסטע לומדים און
מקובלים אין פּוילען און איז שטאַרק פּאָפּולער ביים חסידישען
עולם צוליב זיין לומדות און מופתים, וואָס ער פֿלעגט בעווייי־
זען, דעריבער איז די שנאה צו איהם מצד די געגנער'ם וואָס
אַמאָל שוואַכער געוואָרען, אַזוי, אַז אינגיכען איז ער פֿערהיי־
ליגט געוואָרען אפילו פֿון זיינע גרעסטע שונאים. די גאַנצע
יודישע וועלט האָט ביי איהם געזוכט אַ'עצה און אַ הילף. מען
דערצעהלט, אַז אַנומעלט, ווען ס'איז געווען אַ טרוקן יאָהר
און דער עולם האָט אָנגעהויבען קלאַפּען אין די טהירען פֿון
פשיסכער, האָט ער זיינע מקורבים געענטפֿערט: „עס וועט קו־
מען אַ צייט פֿאַר ביאת הגואל, ווען ס'וועלען זיין לומדים אָהן
תורה, חסידים אָהן חסידות, נגידים אָהן געלד, זומער אָהן
היץ, ווינטער אָהן קעלט, און וואַקסען וועט אָהן אַ רעגען...

און ווען די חסידים זיינע האָבען זיך פֿאַר איהם בע־
קלאָגט, אַז זיי האָבען נישט קיין פּרנסה, האָט דער „פשיסכער”
ווידער זיי געענטפֿערט:

„ס'זענען איצט משיח'ס צייטען. אַ יוד וועט נישט האָבען
קיין פּרנסה פֿון אַ געוועלב, איטליכער וועט זיך מוזען זוכען
אַ זייטיגע פּרנסה, האָר און נעגעל שטעלען זיך מיד אויף —
צוליב דער האַוויגער צייט, וואָס וועט קומען”...

דער פשיסכער איז אויך געווען שטאַרק אָנגענומען ביי
דער פּוילישער שליאַכטע, וועלכע פֿלעגט קומען צו איהם זיך
שואל־עצה זיין אין פֿערשידענע געשעפֿטס־ענינים און משפּחה־

אנגעלענגנהייטען. די שליאבטע האט איהם אנגערופען מיטן פאמיליע־נאמען „באגיהארט" און אזוי פלעגט ער זיך אונ־טע־שרייבען.

אויף זיינע וואנדערונגען איבער דער מדינה (ער פלעגט אזוי ארום אבריכטען גלות) פלעגט דער רבי ר' בונם א סך אויסטהון ביי די פריצים לטובת די יודען, בעפרייענדיג זיי פון שטראפען און פון כל'ערליי אנשוקעגישען.

דעם רבי ר' בונם'ס גלייכווערטלעך און אפאריזמען, וועלכע ער פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט ארויסזאגען, צייכענען זיך אוים מיט זייער טיפקייט און שעהנקייט. ער פלעגט זאגען: „ווען א מענש איז בלויז גוט — איז ער א גואף, בלויז פרום — א גנב, און בלויז קלוג — אנ'אפיקורס. דער מענש מוז זיין אלע דריי זאכען צוזאמען: גוט, פרום און קלוג.

ס'ווערט אויך דערצעהלט א שעהנער אנעקדאט פון רבי ר' בונם. ס'האבען זיך אנומעלט זיינע חסידים פערקלאגט פאר איהם, אז אין דער שטאדט דרעהט זיך ארום א גנב, וועלכער בע'גנב'עט די צונעפאהרענע חסידים. דער רבי ר' בונם, וועלענדיג אויספרובען, צי די זאך איז אמת, האט געהייסען זיין גבאי מוצאי־שבת נישט אראבנעהמען פון טיש די זילבערנע לייכטערס און לאזען זיי אזוי שטעהן א גאנצע נאכט, דערביי האט ער בעפויהלען זיין גאנץ בני־בית, זיי זאלען פערלאזען די שטוב, וואו די לייכטערס שטעהען און ער אליין האט זיך אויך אויסבעהאלטען אין זיין חדר מיוחד, עפע־נענדיג די פענסטער פון יענער שטוב, וואס זענען ארוים אין דער נאס אריין און איבערלאזענדיג א חומש'ל אויפגעשלאגען אויף דעם „לא תגנוב"...

„יעקעל קראדניק" — אזוי האט דער עולם גערופען דעם פשיסכער גנב — בעמערקענדיג ביים רבי'ן אפענע פענסטער און זעהענדיג, אז ס'איז פינסטער, האט ער טאקי קיין גרוים

שהיות נישט געמאכט און איז פראנק און פריי אריין אין דער שטוב דורכ'ן פענסטער, זיך צוגענומען די מייערע זילבערנע לייכטערס און זיך דורך דעם זעלבען וועג אהיימגעגאנגען, אויפמישענדיג דאס חומש'ל אויף דעם בלעטעל, וואו עס שטעהט געשריבען: כי ימוך אחיך, ווען דיין ברודער ווערט פעראַרימט, ומטה ידו עמך — און שטרעקט אַרויס די האנד צו דיר, והחזקת בו — זאלסטו איהם שטיצען און מחזיק־זיין (ויקרא, כ"ה, ל"ה). דער רבי, דערזעהענדיג דערנאָך דעם פסוק, אויף וועל־כען דער קראַנקער האט אויפגעמישט דאס חומש'ל, האט זיך שטאַרק צעלאַכט און געזאגט: ער האט זיך מאַקע די לייכטערס כשר פערדינט. און ער האט די גנבה פערשוויגען.

אינטערעסאַנט איז, אז דער רומאַנצאָווער האט פאַר קיין מאל נישט געוואלט מוחל זיין דעם רבי ר' בונם זיין פאַרגאַנ־גענהייט און איז געבליבען זיין געשוואוירענער שונא ביז'ן טויט אריין, פערפאָלגענדיג איהם די גאַנצע צייט.

דאָך ווען ס'איז פאָרגעקומען דער גרויסער ויכוח צווישען די חסידים און מתנגדים פאַר דעם פוילישען גלח און מיגיס־טער סטאַשיץ אין יאָהר 1824, צוליב דער מסירה פון די מתנגדים, אז די חסידים שאַפען אַ נייע רעליגיעזע סעקטע אין פוילען, האט מען דעם רבי ר' בונם געוועהלט אַלס פער־מיידיגער פון די חסידים צוליב זיין שעהן פויליש רעדען, וואס ער האט זיך אויסגעלערנט אין ווארשא, זייענדיג אַ משרת אין דער אַפטייק. אַבער ער האט זיך דערפון אָבגעזאָגט צוליב דער התנגדות פונ'ם רומאַנצאָווער און צוליב דעם, וואס ר' מאיר'ל ־אַפטער, דער צווייטער מליץ, איז אַרויסגעשטעלט גע־וואָרען דורך זיינע געגנערס. און ווען דער רבי ר' בונם איז שפּעטער בעשטימט געוואָרען דורך דעם מיניסטער סטאַשיץ אַלס „קאָרעספּאָנדענט" פון דעם אַזורגאַרופענעם „יודישען קאָמיטעט" אין ווארשא (1824), וואס זיין אויפגאַבע איז גע־

ווען צו פערבעסערן די יורישע לאגע אין פוילען, האט ער זיך אויך קנאס אבגעגעבען מיט דער ראזינער כלל־ארבייט. ער איז שוין געווען פיזיש געבראכען, א סגי נהור און שטארק פער־טהון אין חסידות און דביקות, אין תורה און עבודה.

אבער ער האט אויך נישט געהאט, ווי דער „יוד הקדוש", קיין אריכת־ימים. ער איז נפטר געווארען קוים עטליכע פופציג יאהר אלט, מיט א הייליגען שמייכעל אויף די בלאסע ליפען, י"ב אלול תקפ"ז, און איז געקומען צו קבורה טאקע נעבען זיין גרויסען רבי'ן, דעם „יוד הקדוש".

# פינף דורות איזשביצער

א.

די איזשביצער דינאסטיע ציילט ביז היינט שוין פינף דור־
דות. איהר יחוס ציהט זיך אבער נאך פון ר' שאול וואהל, דעם
לעגענדארישען פוילישען קעניג אויף איין נאכט.

דער רבי ר' מרדכי יוסף איז געווען דער פאטער פון דער דא־
זיגער דינאסטיע. אלס יונגערמאן איז ער געפאהרען קיין פשיסכע
צום רבי ר' שמחה בונם און נאך זיין פטירה האט ער אנגעהוי־
בען פאהרען קיין קאצק צום רבי ר' מענדעלע ז"ל.

מיט'ן רבי ר' מענדעלע האט זיך גע'חבר'ט ר' מרדכי יוסף
נאך אין טאמאשאוו און דאן, ווען מען האט געזוכט א ממלא
מקום נאך דעם פשיסכערס פטירה, איז ר' מרדכי יוסף געווען
איינער פון די ערשטע, וואס האבען ר' מענדעלען געמאכט פאר
רבי און ער איז געווארען זיין, ר' מענדעלעס, נושא־כלים.

אבער אין א געוויסער צייט ארום איז ר' מרדכי יוסף אויך
געווען איינער פון די ערשטע, וואס האבען זיך אבגעטיילט פון
קאצק, אריינברענגענדיג דערמיט א שפאלטונג צווישען די קאצ־
קער חסידים...

דאס איז געשען אין יאהר ת"ר. ר' מרדכי יוסף איז דער־
מאלט דאס לעצטע מאל געפאהרען אויף ראש־השנה קיין קאצק
און ער איז דארט פערבליבען ביז איבער סוכות.

דער עגלם האָט איהם דאָרט אָנגעהויבן געבן קוויטלעך, רופענדיג איהם הערבי: רבי. דאָס האָט, נאַטירליך, שטאַרק פערדראָסען דעם קאָצקער הויף און א טייל פון די „יושבים".

דער קאָצקער זעלבסט האָט זיך למראית-עין אַרויסגעוויזען, אז ער איז צו דער דאָזיגער זאַך גאַנץ גלייכגילטיג. אין הארצען אָבער האָט איהם אויך שטאַרק פערדראָסען.

דאָס האָט פאַראויסגעזעהן ר' מרדכי יוסף און מאָקע שמיני-עצרת צו די הקפות איז ער נישט געגאַנגען צום קאָצקער אַהיים, נאָר ער האָט געמאַכט הקפות מיט זיינע חסידים ביי זיך אין דער אכסניא מיט אַן אויסגעבאַרגטער ספר-תורה.

דער קאָצקער האָט נישט געוואוסט דערפון, אז ר' מרדכי יוסף איז נישטאָ צו הקפות; ער האָט גערעכענט, אז מען האָט איהם מכבד געווען מיט דער פערטער הקפה, אויף וועלכער ער, ר' מרדכי יוסף, פלעגט שוין האָבען אין קאָצק א חזקה פון כמה שנים. איז ר' מענדעלע בכבודו ובעצמו צוגעגאַנגען צו דעם חסיד, וואָס האָט געהאַלטען די ספר-תורה און זי איהם פון זיינע הענט אַרויסגענומען. אָבער ווי נאָר ער האָט בעמערקט, אז דער דאָזיגער חסיד איז נישט ר' מרדכי יוסף, האָט ער איהם די הקפה צוריקגעגעבען.

דערפון האָבען די אָבטריניגע חסידים פון קאָצק געדרונגען, אז ר' מרדכי יוסף האָט רוח-הקודש, דעריבער האָט ער געמאַכט הקפות ביי זיך אין דער אכסניא, כדי אויסצומיידען אַן אָפענע מחלוקה מיט'ן קאָצקער. וואָרום, ווי ער האָט דאַן ערקלערט זיינע חסידים, וואָלט זיך ר' מרדכי יוסף פאַר קיין פאַל נישט געלאָזט אַרויסנעמען די ספר-תורה פון דער האַנד בשעת הקפות.

אָבער דער קאָצקער האָט וועגען דער כוונה, וואָס ער האָט דערביי געהאַט, זיך גאַרנישט וויסענדיג געמאַכט, ווי ער וואָלט גאַרנישט איהם בעמיינט. און ווען ר' מרדכי יוסף האָט זיך געזעגענט מיט'ן קאָצקער נאָך יום-טוב, האָט דער קאָצקער איהם

בענליים ביז צו דער מהיר און איהם געפרעגט, וואס ער לאזט איהם איבער לעצט־געלד. האט ר' מרדכי יוסף אוועקגעגעבען דעם קאצקער דאס גאנצע פעקעל קוויטלעך, וואס די חסידים האבען איהם אין קאצק געגעבען, די פדיונות, ווידער, האט ער געשיקט צו דעם רבי'צין און איז זיך אהיימגעפאהרען קיין טאָ־מאשאָוו...

איצט זענען שוין ר' מרדכי יוסף'ס אנהענגער גאנץ אָפען ארויסגעטרעטען נעגען דער קאצקער ממשלה און זיך גרופירט ארום זייער ניעם רבי'ן, וועלכער האט זיך דאן בזעצט אין אישביצע און נעטומען פראווען רבי'שקיים.

קאצק און איזשביצע זענען פון דאן אָן געוואָרען אויף מע־כער־שמער. מען האט זיך נישט געקאָרגט געגענזייטיג קיין זלזו־לים. דער קאצקער האט אין זיין גרויס כעס געזאגט אויפ'ן איזש־ביצער חסידים: „אז א מענש מאכט א פנים פון אזא פנים, וואס איז קיין פנים נישט — איז דאס עבודה־זרה". דער איזש־ביצער ווידער האט גע'מענה'ט, אז ד' מענדעלע איז צו ווייט אוועק...

די מלחמת־מצווה האט זיך שטאַרק צעפלאַקערט און די חסידים האבען נישט געוואוסט, ביי וועמען זיך צו האלטען.

דערצעהלט מען, אז נישט קוקענדיג אויף דער גרויסער התנגדות פון קאצקער צום איזשביצער, האט זיך א טרייער קאצ־קער חסיד ענטשלאָסען צו פאהרען קיין איזשביצע, כדי אויס־צופרובען דעם נייעם רבי'ן, צי ער האט טאקע א רוח־הקודש, ווי מען זאגט, צי נישט. ווי נאר דער דאָזיגער חסיד איז גע־קומען איבער דער שוועל, האט איהם ר' מרדכי יוסף געגעבען אנצוהערען, צו וועלכען צוועק ער, דער חסיד, איז געקומען. און יענער קאצקער, זעהענדיג אזא מופת, איז באלד געוואָרען א הייסער חסיד פון איזשביצער.

די מתנגדים, וועלכע זענען געווען צו יענער צייט אויך גרוי־

סע לומדים און אבגעהיטענע יודען, זעהענדיג, ווי די חסידישע רביים נעמען איין שטאדט נאך דער אנדערער, שאפענדיג אלץ מעהר רבי'שע דינאסטיעס, האבען אויך נישט געשוויגען, ווען ר' מרדכי יוסף האט זיך בעזעצט אין איזשביצע. מען דער־צעהלט, אז אנומעלט האט זיך א מתנגד אריינגע'גנב'עט שבת אין דער סוכה און עפענענדיג דעם אויווען האט ער אריינגעשיט אש אין טשאלענט און קאליע געמאכט דאס גאנצע עסען לכבוד שבת. דער רבי האט איהם פערשאלטען, אז עס זאל פון איהם ווערען עפר ואפר, און אזוי — דערצעהלען חסידים — איז עס טאקע געווען.

ר' מרדכי יוסף איז נפטר געווארען אין דרוזקעניק ז' שבט תרי"ד, איבערלאזענדיג א ספר „מי־משלוח", וואס איז געדרוקט זיין זוהן ר' יעקב'ל, וואס איז געווארען דער ממלא מקומו האט אויך גע'שמ'ט אלס גאון און בעל־מופת. ער איז נפטר גע־ווארען ט"ו אב תרל"ח.

געווארען נאך זיין פטירה אין וויען אין יאהר תר"ד.

אין דער חסידישער וועלט רופט מען איהם: דער „בית־יעקב", לויט דעם נאמען פון זיין ספר אויף תורה און קבלה.

נאך זיין פטירה טראגט זיך איבער די איזשביצער דינאסט־יע קיין ראדזין, וואו זיין זוהן ר' גרשון העניך ווערט רב און רבי.

## ב.

ר' גרשון העניך ליינער, געבוירען אין יאהר תקצ"ט, האט נישט געהאט זיין גלייכען אין דער רבנישער וועלט הן אין נאר־גלות, הן אין וועלטליכער חכמה.

אלס־זייענדיג קוים דרייצעהן יאהר, האט ער אנגעשריבען זיין חיבור שו"ת אויף גאנץ שלחן־ערוך. צו 20 יאהר האט ער אנגעשריבען „ערכי כנוים". צו 29 יאהר האט ער ארויסגעגעבען דאס ערשטע חלק פון זיין סדרי טהרות — „מסכת כלים" (יר־

װעמאָו, תרל"ג) אין פאָרמאַט פון 8 ש"ס גמרא.

ער, דער גרויסער בקי און חריף, האָט דער ערשטער מסדר געווען די גמרא צו סדרי טהרות אויפ'ן יסוד פון די ערשטע קוועלען פון תלמוד און מדרשים. קיין גמרא אויף סדרי טהרות איז ביז איהם נישט געווען. זיין „מסכת כלים" איז צוגעשניטענע-בען געוואָרען אין 30 פּרקים. 272 בלעטער מיט גרויסע פּירושים אויף ביידע זייטען, לויט'ן טעקסט און פאָרם פון רש"י און תוספות און חוץ דעם — דריי פּירושים: „מסורת הש"ס", „עין משפט" און „נר מצוה".

פון איין זייט האָט דאָס דאָזיגע ריזען-ווערק אַרויסגערופען גרויס יראת-הכבוד ביי דער לומדישער וועלט, אָבער פון דער צווייטער זייט איז דער ווילנער ראַבינאַט מיט ר' בצלאל הכהן אין דער שפּיץ אַרויס מיט „אזהרות" (זעה: „הלבנון", 34, תרל"ה) געגען דעם חיבור, אסר'נדיג עס אריינצונעהמען אין א יודישער שטוב, צוליב דעם, וואָס דער מחבר האָט געפּרובט נאָכמאַכען די פאָרם פון א גמרא. און געמהון האָבען עס די ווילנער רבנים, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די גרויסע גאונים פון פּוילען האָבען אויף ר' גרשון הענעך'ס „סדרי טהרות" געגעבען זייער הסכמה, בעגייסטערענדיג זיך פאַר דעם דאָזיגען אויפטהו.

צוליב אַט דער התנגדות מצד ווילנא, האָט ר' גרשון הענעך מעהר נישט אַרויסגעגעבען בחייו די איבעריגע מסכתות פון סדרי טהרות, וואָס זענען פערבליבען ביי איהם אין כתב-יד (3000 בלעטער).

אָבער נישט בלויז אויפ'ן תלמודישען געביט האָט ר' גרשון הענעך אַרויסגעוויזען זיין גאונות, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטען האָט ער זיך אַרויסגעוויזען אַלס גרויסער אויפטהוער.

פאַרשענדיג גאַנצע יאָהרען די ברעגעס פון מיטעללענדישען ים אין איטאַליען, האָט ער אויסגעפונען דאָס ים-ווערעמעל, וואָס

הייסט טינט־פיש און וואָס ווערט אין דער גמרא אָנגערופען „חלזון". פון אָט דעם ווערעמעל'ס בלוט זאָל מען אין די צייטען פון בית־המקדש האָבען געפּאַרבט די וואָל אויף תכלת צו ציציות — אַ זאַך, וואָס איז בטל געוואָרען זינט דעם חורבן.

דער רבי האָט זיך דאַן פערלענגט ביי זיך אין ראַדזין אַ כעמיש לאַבאָראַטאָריום און צונויפגעשטעלט דעם גאַנצען חלזון־פּראָצעס, לויט די אָנווייזונגען פון דער תלמודישער ליטעראַטור. וועגען דעם האָט ר' גרשון העניך אַרויסגעגעבען דעם בעקאַנטען ספר „ספוני טמוני חול" (מאמר פתיל־תכלת), וואָס האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען שטורם מצד די אַנדערע פּוילישע גאונים, ר' חיים אלעזר וואַקס, דער „שפת אמת" און נאָך אַנד.

די דאָזיגע „מלחמת־מצוה" איז געפיהרט געוואָרען אין זעהר אַ שאַרפער פאָרם.

ר' גרשון העניכ'ס פריהערדיגע גוטע פריינד זענען איצט געוואָרען זיינע גרעסטע שונאים...

די מלחמה האָט זיך ערשט רעכט צעפלאַקערט, ווען ר' גרשון העניך איז אַרויס מיט זיין ספר „זה דבר השמיטה", אַסר'נדיג אין איהם די פעלד־אַרבייט אין ארץ־ישראל אין די שמיטה־יאָהרען, אין דער צייט, וואָס די גרעסטע ליטווישע גאונים האָבען עס יאָ מתיר געווען, כדי נישט צו שטערען דעם יידישען ישוב אין ארץ־ישראל.

דערמיט איז ר' גרשון העניך אויסען געווען צו טרעפען די רעליגיעזע בוֹיער פון ארץ־ישראל, זיינע געגנער ר' חיים אלעזר וואַקס פון קאַליש, ר' שמואל מאָהליוועד (רעמאָלט רב אין ראַדאָם) און אַנדערע.

דערצו איז צוגעקומען נאָך אַ זאַך. דער דערמאָהנטער קאַלישער רב ר' חיים אלעזר וואַקס, זייענדיג דער נשיא פון כולל פון פּוילען, האָט אין ארץ־ישראל בעפלאַנצט געוויסע שטחים ערד מיט אתרוגים און דאַן האָט ער די אתרוגים געבראַכט קיין

פוילען אויף סוכות.

דער ראַדזינער האָט אָבער איינגעזונען, אַז די דאָזיגע אתרוגים געהערען נישט צום מין „הדר" און ער האָט גע'אסר'ט מיט זיי צו בענטשען. דאַגעגען האָט ער מכשיר געווען די גריכישע אתרוגים פון קאָרפו...

ס'וואָלט געדאַרפט צופיל צייט און אָרט זיך אַריינצולאָזען אין אַלע איינצעלהייטען פון דער ראַדזינער לײַדענשאַפטליכער מחלוקה, אָבער, כדי צו געבען אַ בעגריף וועגען איהר, מוזען דאָ געבראַכט ווערען אַ פּאָר פאַקטען, וואָס אילוסטרירען, ווי ווייט פערזענליך ס'איז געווען דער קאַמף צווישען דעם ראַדזינער רבי'ן און דעם מתנגדישען רב צוליב דעם אומגליקליכען חלזון, וואָס די וועלט האָט נישט אנערקענט און צוליב די ארץ־ישראל־אתרוגים.

ר' גרשון העניך האָט דעם סאַלישער רב בעשולדיגט אין די פּאַמפלעטען, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט, אַז ער מאַכט מיסברויכען מיט כולל־געלד. דער סאַלישער רב האָט געמוזט שווערען מיט אַ ספר־תורה אין דער האַנד אום שבת שיבה תרמ"ט, אין דער פּיעטריקאָווער שוהל (ער איז געווען אין זיינע לעצטע יאָהרען פּיעטריקאָווער רב), אַז ער נעמט נישט קיין גראָשען פון דעם דאָזיגען געלד, נישט פאַר זיך און נישט פאַר זיין הויז. דערביי האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט.

דער גרעסטער טייל רבנים אין פוילען זענען געשטאַנען אין דעם דאָזיגען ענין אויפ'ן צד פון סאַלישער רב, ווי מען זעהט דאָס פון זיין „נפש חיה" (אור החיים). אויך אין דער פראַגע פון הסגות־ענגנות און אין דעם ענין פון תיקון עירובין (ער האָט געוואָלט איינפיהרען עירובין לויט אַ נייעם סיסטעם, דורך אייזערנע „טויערלעך" אין די הייזער און אויף די גאַסען), האָט דער ראַדזינער קיין גרויס גליק נישט געהאַט. מען האָט איהם אויך דאָ בעקעמפט פון אַלע זייטען צוליב זיין צו הייסען טעמפּעראַ־

מענט. צעקריגט איז ער געווען מיט אלע, חוץ מיט'ן אלעקסאנ־
דער־ער הויף, מיט וועלכען ער האט זיך גוט פערהאלטען. אבער
וואס פארא מיינונג מען זאל נישט האבען וועגען די מחלוקות'ן,
וואס ר' נרשׂן העגעך האט נעפיהרט, מוז מען מודה זיין, אז
אין דער רבישער וועלט האט ער זיך אין אלגעמיין שטארק
אויסגעצייכענט. ער האט זיך אויסגעצייכענט נישט נאר מיט זיין
לומדות, נאר אויך מיט זיין אלגעמיין וויסען און קענטעניששען.
ער איז געווען אויך שטארק בעהאווענט אין דאקטאריי און
פלעגט פערשרייבען זיינע חסידים רעצעפטען אויף פערשידענע
חולאת'ן. ער האט אויך געוואוסט דעם סוד פון היילען מיט סור־
געסטיע.

מען דערציעהלט, אז אנומעלט האט מען געבראכט צו איהם
צו טראגען אויף די אקסלען א יונגעל, וואס האט נישט געקענט
שטעהן און געהן אויף די פיס.

דער רבי האט דאס יונגעל אוועקגעלעגט אויף דער קאנאפע,
איהם אויסגעצויגען די פיס און דאן איהם אראבגעשטעלט אויף
דער פאדלאגע. דער רבי האט זיך געשטעלט פון דערווייטענס,
זאגענדיג צום יונגעל: „נא, אט האסטו צוויי גראשען — און
קום צו מיר אהער!" דאס יונגעל, וועלענדיג בעקומען די צוויי
גראשען, איז טאקע צוגעגאנגען צום רבי'ן. — „נא, אט האסטו
נאך צוויי גראשען און געה צוריק!" — האט ווייטער דער רבי
געזאגט צום יונגעל און דאס יונגעל איז טאקע אליין צוריקגע־
גאנגען. אזוי האט ער מיט'ן כח פון סוגעסטיע געווירקט אויפ'ן
קינד, ביז דאס קינד האט טאקע אנגעהויבען צו געהן.

דער רבי פלעגט אויך ליב האבען א הלצה.

אט ווערט דערציעהלט אין די חסידישע קרייזען אזא מין
געשיכטע:

א וויבעל, א גרושה האט געפרעגט דעם רבי'ן אן עצה, צי
זי זאל א שידוך טהון מיט א יונגענמאן, וועלכער איז נאר בע־

פרייט געווארען פון מיליטער־דינסט אויף איין יאהר. האט דער רבי איהר געהייסען טהון דעם שידוך.

פרעגט זי אבער דעם רבי'ן, וואס וועט זיין, ווען מען וועט איהם נאך דער חתונה נעהמען צו די זעלנער? האט דער רבי איהר מסביר געווען, אז זי האט נישט, וואס מורא צו האבען, ווארום אויב זי האט זיך גע'גט מיט'ן ערשטען מאן, איז זי דאך, סן הסתם, א גוטע מ־שעת. איהר חתן ווירער האט בעקו־מען אויף א יאהר אורלויב צוליב דעם, וואס ער איז שוואך און האלט נישט די מאס, האט זי נישט וואס מורא צו האבען, אז ער וועט ביי איהר נאך דער חתונה שטארקער און דיקער ווערען. נישקשה, ער וועט שוין ביי איהר נישט בעקומען די ריכטיגע מאס און וועט שוין קיין זעלנער נישט זיין...

מען דער־צעהלט אויך פון „ראדזינער" פאלגענדען אנעק־דאט:

זייענדיג אין ווארשא האט זיך איהם געמאכט א געוואלד־דים אין זיין איבער־מלבוש, האט ער עס באלד געגעבען צו א שניידער צו פערריכטען. אבגעברענגט האט איהם דאס מלבוש דעם שניידערס וויב, וועלכע האט אויך פערריכט דעם געוואלד־רים זעהר קינסטליך, פון וואס דער רבי איז געווען שטארק צו־פרידען. פ־עגט ער זי, וואס ס'קומט דערפאר? האט זי פאר'ן רבי'ן אויסגעגאסען איהר ביטער הארץ, אז זי איז קינדער־לאז און וואלט געוואלט ברענגען אויף דער וועלט א קינד. האט דער רבי איהר טאקע צוגעזאגט א בן־זכר. און ווען זי, די שניידערין, האט פערראכטען פאר'ן רבי'ן א צווייט מלבוש, האט זי דער רבי ווייטער געבענשט מיט א בן־זכר. האט זיך אבער דאס ווייב על שטאלט דערשראקען און זיך צעוויינט, מורא־האבענדיג, אז צוליב די צוויי ברכות פון רבי'ן וועט זי געבוירען א צווילינג, וועט זי קוים קענען איבערהאלטען. האט זי דער רבי געטרייסט און בערוהיגט, אז די שמערצען וועלען נישט זיין גרעסער ווי

ביי איין קינד. צוויי מאָל פערראַכטען — קומט איהר אַ דאַ־
פעלטען לויהן.

אין מיטען הייסען קאַמף פאַר זיינע אמת׳ן איז דער ראַזוי־
נער גאון־עולם נסתלק געוואָרען, אין ד׳ טבת תרנ״א, זייענדיג
אינגאַנצען 52 יאָהר אַלט.

נאָך זיין פטירה איז ערשט ערשינען דאָס צווייטע חלק
פון זיין „סדרי טהרות״, מסכת „אהלות״ אין דעם זעלבען פאָר־
מאַט און רעדאַקציע, ווי די מסכת „כלים״.

די חסידישע וועלט רופט ר׳ גרשון העניעכ׳ן מיט׳ן נאָמען
„אורחות חיים״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען פון ר׳ אליעזר
הגדול, צוגעבענדיג צוויי פרושים.

ג.

ר׳ גרשון העניעכ׳ס זוהן, ר׳ מרדכי יוסף אלעזר, וואָס האָט
ממלא מקומו געווען, איז אין אַ געוויסען זין דער היפוך פון זיין
גרויסען פאָטער. ער איז נעמליך געווען אַ גרויסער רודף־שלום
אין כלל־זאַכען. ער איז געווען שטאַרק אַנגעזעהען אין די רבני־
שע קרייזען. נישט בעוויזענדיג אַרויסצוגעבען זיינע אייגענע
חיבורים און זיין פאָטערס כתב־יד, איז ער נפטר געוואָרען אין
כ״ו שבט תרפ״ט אין וואַרשאַ, וואוהין ער האָט זיך געהאַט אין
די מלחמה־יאָהרען איבערגעטראָגען.

און כאָטש זיין 22־יאָהריגער זוהן, שמואל שלמה, וואַקעלט
זיך נאָך ביז היינט, צי ער זאָל ווערען ממלא־מקום פון זיין פאָ־
טער, האָט איהם דער ראַדזינער עולם געקרוינט פאַר אַ רבי
נעגען זיין ווילען.

דער היינטיגער יונגער רבי האַלט זיך שטרענג לויט דער
ראַדזינער שיטה און מיט איהם מאַכט צעהלט שוין די איזשבי־
צער דינאַסטיע גאַנצע פיער דורות.

אינטערעסאַנט איז, אַז ער, דאָס אייניקעל פון ר׳ גרשון
העניעך, האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון אַמשינאָווער

רבי'ן ר' יוסף סאַליש, אַנ'אייניקעל פון סאַלישער רב ר' חיים אלעזר וואַסס, דעם גרויסען געגנער פון זיין זיידען...

אַזוי־אַרום האָבען די אייניקלעך שלום־געשלאָסען איבער די קברים פון די גרויסע זיידעס...

# דער אוהב ישראל

א.

ר׳ אברהם יהושע־העשעל — אזוי האט געהייסן דער אפּ־טער, וועלכען די חסידישע וועלט האט גערופען מיט׳ן נאמען: „דער אוהב ישראל".

ער איז געווען פון די פּיאָנערען פון חסידות אין פּוילען, נאך פאר דעם „יוד הקדוש" און פאר דעם פּשיסכער.

געבוירען איז דער „אוהב ישראל" אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָהרהונדערט (אין וועלכען יאָהר ווייסט מען נישט גענוי). פון דער מוטערס זייט שטאמט ער פון גרויסען יחוס, פון דעם „טורי זהב" און פון גרויסען גאון ר׳ יהושע־העשעל פון קראקא, נאך וועמען ער הייסט. זיין פאטער, ר׳ שמואל, איז געווען רב אין נייי־שטאדט (גאליציען) און דערציהענדיג זיין זוהן אין גייסט פון שטרענגסטער פרומקייט, האט ער איהם שפּעטער געשיקט לערנען צום רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק.

נאך אלס יונגענמאן האט מען איהם אויפגענומען אלס רב אין קאָלבושעוו און פון דאָרט האט מען איהם „ארויסגעבאפט" קיין אפּט.

נאך דער פּטירה פון רבי ר׳ אלימלך, האט די חסידישע וועלט גערופען ר׳ אברהם העשלען אלס פיהרער און ווע־

וויזער.

מיט זיין גרויס חסידות און פרישות האט ער זיך באלד קונה־שם־געווען און ס'האבן צו איהם אנגעהויבן פאהרען לומדים, רבנים און סתם פרומע יודען. דער ריזשינער צדיק איז געווען זיין תלמיד.

אין דער לומדישער וועלט האט מען זיך שטארק גערעכענט מיט'ן אפטער. אלע מחברים פון יענער צייט האבן געמוזט צו איהם אנקומען ווען זיי האבן געוואלט א הסכמה אויף זייער חיבור, קוים האבן זיי געוואלט האבן דערויף קונים...

זיין מערקווירדיגער הדרת־פנים האט ביי יעדען חסיד דער וועקט א טיפען יראת־הכבוד.

אלס רבי האט ער, להיפוך פון אנדערע דעמאלטיגע רביים, נישט געפראוועט רבישקייט „על מנת לקבל פרס", פאר פדיונות, אדער כיבודים. דער אפטער האט קיין פדיונות נישט גע־וואלט נעהמען, קיין סגולות נישט געוואלט געבען. אלע, וואס זענען צו איהם געקומען, האט ער בלויז געהייסען לערנען און גאט דינען.

דער אפטער האט בטבע שטארק ליב געהאט יודען. יענעמס לייד איז געווען זיין לייד, יענעמס שמערץ — זיין שמערץ. ער איז געגאנגען פאר א יודען פשוט אין פייער אריין, קוים האט ער איינגעזעהען, אז ער קאן מיט זיין געהן אדער השתדלות ברענגען א יודען א טובה, א שטיקעל טרייסט.

ער פלעגט פון זיך אליין זאגען, אז מיט זיין שטארקער אהבת־ישראל וועט ער זיך בעריהמען אויך פאר'ן בית־דין של מעלה. און ער, דער גרויסער צדיק, איז טאקע אויך בעליבט געווען ביי אלע יודען. אפילו די מתנגדים האבן נישט געוואגט רעדען איהם א ווארט צו רעדען, זעהענדיג, אז אלץ, וואס ער טהוט איז לשם שמים.

דער אפטער פלעגט פריהער נישט געהן דאווענען, ביז ער

האָט נישט אָנגעטהון עטליכע מצוות.

אַזוי פלעגט ער יעדען טאָג אַרומלויפען איבער דער שטאָדט וועגען צדקה־ענינים. טהון פלעגט ער עס באַלד אינדערפריה, אָדער ווען ער האָט עס נישט בעוויזען צו טהון אינדערפריה — האָט ער עס געטהון אין אָוענד, אָדער נאָך שפעט ביינאַכט. ער פלעגט זאַמלען געלד אויף אַרויסצוהעלפען נעבאַלענע, אויף הכנסת־כלה אד"גל.

אַמאָל — דערצעהלט מען אין אַפּט — איז דער רבי ר' יהושע־העשעל געקומען צו זיין'ס אַ חסיד וועגען אַ נדבה. דער דאָזיגער חסיד איז געווען גענוג פערמעגליך, אָבער ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט געבען אַזוי פיל, וויפיל ער האָט פון איהם געפאָדערט.

דער אַפּטער איז פון איהם אוועק מיט לעדיגע הענד, אָבער ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און דער דאָזיגער פערמעגליכער חסיד איז שטאַרק פעראָרימט געוואָרען. די פרנסה, פון וועלכער ער האָט געצויגען חיונה פאַר זיין הויז, האָט ער מיטאַמאָל פער־לוירען.

איז ער געקומען צולויפען מיט אַ געוויין צום אַפּטער, אַז ער האָט חרטה אויף זיינע מעשים; ער איז זיך מודה־ומתודה פאַר איהם. אָבער דער רבי האָט נישט געוואָלט פון איהם הערען.

דער חסיד האָט דאַן דעם אַפּטער גערופען צו אַ דין־תורה. דער פסק־דין איז געווען, אַז די פרנסה דאַרף מען דעם פער־אָרימטען בעל־הבית צוריקגעבען, ווארום מיט צוויי רימער דאַרף מען איהם נישט שלאָגען.

מען דערצעהלט אויך, אַז אַמאָל איז געקומען צום אַפּטער אַ גאַנצע עדה יוחען און דערמשהלט, אַז אין זייער שטאָדט הערשט אַ שרעקליכע מגפה. האָט דער אַפּטער זיי געהייסען מתפלל זיין און. אַראָבנעהמענדיג פון זיינע אויגען די ברילען, האָט ער אַליין אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען. וויינענדיג אַזוי

צוזאמען מיט'ן עולם, האט ער פלוצלונג פול מיט שמחה אויס־געשריען: „פון מות (טויט) איז געווארען מעות (געלט)!". די מגפה איז טאקע באלד אבגעשטעלט געווארען פון דער שטאדט און ס'האבען זיך דארט אנגעהויבען צייטען פון שפע און פרנסה...

ביים אפטער איז געפיהרט געווארען דער „טיש" גאנץ פרימיטיוו: מיט ברויט און זאלץ, אהן משקה, אהן טענץ. די תורה פלעגט ער זאגען ביים טיש מיט גרויס התלהבות און ברען און ווען די חסידים האבען זיך אמאל ארויסגעבאפט מיט טענץ און געזאנג, האט ער אויף זיי שטארק אנגעשריגען.

דער אפטער צדיק פלעגט זיך שטארק בייזערן, ווען מען האט נישט געטהון זיין ווילען. אבער אזוי געשווינד ווי ער פלעגט בייז ווערען, אזוי געשווינד פלעגט ער צוריק זאגען און גוטמוטיג ווערען...

## י"ב.

ווי אלע פארצייטיגע גרויסע יודען, האט אויך דער אפטער אבגעריכט גלות אין דער פרעמד.

בעת ער האט אזוי געוואנדערט א גאנץ יאהר פון דארף צו דארף, פון שטאדט צו שטאדט, האט מען איהם אין שטעדטעל גריידאס, וואו ער האט געהאלטען שבת, צתע'גנב'עט א טייער גאלדען זייגערל, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגע־קריצט זיין נאמען. דאס זייגערל איז געווען א מתנה פון א גרויסען צדיק און ירא־שמים און דעריבער איז עס דעם רבי'ן געווען בעזונדערס טייער. האבענדיג דערפון גרויס צער, האט דער אפטער דורך זיין אייניקעל ר' מלך, וועלכער האט איהם משמש געווען אויפ'ן וועג, געהייסען זאגען דעם עולם פאר דעם אפפאהרען פון דער שטאדט, אז דער גנב וועט נישט אויסלעבען דאס יאהר, אויב ער וועט נישט צוריק אבגעבען די גנבה...

און קומענדיג טאקע אין נאענטען שטעדטעל אריין, האט שוין דער אפטער געטראכטען דאס זייגערל לינען אויפ'ן טיש

פון דער אכסניא, וואו ער האט זיך געזאלט אויפהאלטען. דער גנב צליין האט זיך געשעמט צו ווייזען דעם רבי'ן פאר די אויגען.

דער אפטער האט אבער דורכאויס געוואלט מפייס זיין דעם גנב צוליב דער קללה און ער האט געלאזט וויסען, אז דער גנב זאל צו איהם קומען, צוזאגענדיג, אז קיינער וועט דערפון נישט וויסען...

דער גנב האט זיך טאקע געגעבען בין־השמשות צו דערקענען דעם רבי'ן און דער רבי האט איהם צוגעזאגט, אז כל־זמן ער וועט לעבען, וועט ער, דער גנב אויך לעבען... אויף להבא — בנוגע יענער וועלט. הייסט עס, קאן ער איהם גארנישט העלפען.

צוריקקומענדיק פון זיין נע ונד זיין, האט דער אפטער „אוהב ישראל" פערלאזט אויף דער עלטער זיין שטארט אפט, צו וועלכער ער איז געווען אזוי שטארק צוגעבונדען, צוזאגענדיג אבער, אז ער וועט אין אפט קיינמאל נישט פערגעסען און אונטערשרייבען זיך, ווי פריהער: „אפטער רב" (אב"ד דק"ק אפט).

פערלאזענדי: אפט, האט ער זיך אויף א געוויסער צייט באזעצט אלס רב אין יאסי און דאן ערשט האט ער זיך איבער־געטראגען קיין מעזשיבוזש, וואו דער בעל־שם־טוב האט גע־לעבט און האט אויך דארט איבערגענומען דאס רבנות. דארט איז ער נפטר געווארען ה' ניסן תקפ"ה, זייענדיג 30 יאהר רבי. פאר זיין פטירה האט ער פערזאגט זיינע קינדער, אז אויף זיין מצבה זאל זיין אויפגעשריבען בלויז איין ווארט „אוהב־ישראל".

וועגען זיין פטירה ווערט דערצעהלט פאלגענדעס:

עטליכע טעג פריהער האט א מארק־יודענע, אן אלמנה אין

מעזשיבוזש, דערצעהלט איהר׳ם א שכנ׳טע, אז זי האָט די פאַריגע נאַכט געזעהן אין חלום איהר מאַן, וועלכער איז שוין עטליכע יאָהר אוים׳ן עולם האמת, ווי ער איז געלאָפען שטאַרק פערסאַפּעט פארביי איהר. דערזעהענדיג איהם .האָט זי שטאַרק געבימערט, פאַר וואָס ער זעהט נישט צו פערזאָרגען זיינע קליי־נע, אָרימע יתומים, וועלכע עס קומט אוים צו הונגערן צוזאַמען מיט איהר.

אָבער איהר מאַן האָט זיך גאָרנישט צוגעהערט צו איהר געוויין און איז זיך ווייטער געלאָפען. און א ווײלע אָרום זעהט זי איהם ווידער. ער האָט זיך שוין דאַסמאָל געבען איהר אָב־געשמעלט און האָט דערצעהלט, אז מען מאַכט אין הימעל א וואַרע פאַר די צדיקים, וואָס זייערע נשמות זענען געקומען מקבל־פנים־זיין דעם אַפּטער צדיק, וועלכער וועט די טעג שטאַר־בען.

דערביי האָט דער בר־מנן געטרייסט זיין פערוואָגעלט ווייב, אז פון איצט אָן וועט איהר שוין זיין גוט, זי וועט האָבען פרנסה און ס׳וועט איהר שוין גאָרנישט פעהלען.

אין דריי טעג אָרום — דערצעהלט די לעגענדע — איז דער אַפּטער נפטר געוואָרען און די מאַרק־יודענע איז טאַקע, אנב, געהאָלפען געוואָרען מיט א גוטער פרנסה...

ג.

אין א קעמערל ביי דעם אַזוי־גערופענעם „אויוועו־בית־המדרש״ אין אַפּט, שטעהט עד היום אין א ווינקעל א הויכער אייזערנער דראָנג, אויף וועלכען ס׳איז אויסגעהאַקט דער נאָמען: „אברהם יהושע העשעל״.

וועגען דעם ווערט אין אַפּט דערצעהלט פאָלגענדעס:

ווען דער אַפּטער איז געגאַנגען אָברוכטען גלות, האָט

אַנומעלם אין בית־המדרש אָנגעהויבען שטאַרק צו „סטראַשען״ און ווען ס׳איז געקומען צו קבלת־שבת, האָט זיך ממש אָנגעטהון הושך. פון אונזעהבאַרע הענט זענען געפלויגען פעטש און קלעפּ איבער די קעפּ און פּנים׳ער פון די מתפּללים. בייזע, יאָמערליכע קולות האָט מען פון אומעטום געהערט און דערביי קיינעם נישט געזעהן פאַר די אויגען...

דער צושראָקענער און צושלאָגענער עולם האָט אויפגעהערט צוליב דעם צו קומען אין בית־המדרש אַריין דאַווענען און מען האָט עס געמוזט אינגאַנצען פערמאַכען.

אַזוי האָבען דאָרט געהערשט פּראַגס און פריי די בייזע רוחות, וואָס זענען געקומען צום אָפּטער זוכען אַ תיקון, ווען ער איז גראָד אינדערהיים נישט געווען...

און ווען דער אָפּטער איז צוריקגעקומען און זיך וועגען דעם דערוואוסט, האָט ער גלאָנוס מאַכען ביי אַ שמיד אַן׳אייזערנעם דראָנג און זיך גענומען בעפרייען די שטאָדט פון די בייזע אַנשיקעניששען, פון די רוחות און שדים, שיקענדיג זיי צוריק אין זייער רוח אַריין...

דעם דאָזיגען דראָנג האָט דער אָפּטער איבערגעלאָזט דער שטאָדט אַלס אַ שמירה און סגולה, וואָס היט נאָך ביז היינט די שטאָדט פון אַלעם בייזען....

נאָכ׳ן אָפּטער איז אויך פערבליבען אַ טאָכטער — רחל׳ע האָט זי געהייסען. ער, דער פאָטער, פלעגט אויף איהר זאָגען, אַז זי האָט רוח הקודש. אגב: דאָס זעלבע האָט אויך געזאָגט דער בעל־שם־טוב אויף זיין אַרעל און דער קאָזשעניצער רבי — אויף זיין פערעלע.

אין שווערע ענינים פלעגט דער אָפּטער הייסען אויך זיך מזכיר זיין ביי איהר, אָבער רחל׳ע האָט נישט געוואָלט בראַוען קיין רבי׳שקיום. זי איז געווען, ווי איהר גרויסער פאָטער, דער

בעשיידען, געהאלטען זיך ווייט פון דער וועלט און נאָכ'ן אָפּ־טער'ס פטירה האָט זי זיך אפילו איגגאָנצען אויסבעהאלטען פון עולם און מ'האָט נישט געוואוסט, וואו זי איז אהינגעקומען.

נאָך דער פטירה פונ'ם אָפּטער ז"ל, איז ערשינען זיין חיבור „אוהב ישראל", וואָס ענהאלט דרושים אויף דער תורה, לויט דער פרשה און אנדערע לקוטים בדרך קבלה. א סך פון דעם איז שוין פריהער געווען אָבגעדרוקט אין זיין ספר „תורת אמת".

# ר' אברהמ'ל טשעכאנאווער

## א.

אַנ'אָריגינעלער טיפּ צווישען די „טמא יודען" אין פּוילען איז געווען דער טשעכאנאָווער צדיק, דער רבי ר' אברהמ'ל.

ער האָט זיך אונטערגעשיידט פון די איבעריגע רבנים דער־טיט, וואָס ער אליין איז נישט געפאָהרען צו קיין רבי'ן און נישט געדאווענט לויט'ן נוסח ספרד, וועלכען עס האָבען איינגעפיהרט אין פּוילען די רביים, געהאַלטען זיך ביי די אַלטע, טראַדיציאָ־נעלע מנהגים, געדאווענט „השכמה" אין דער שטאָדט־שוהל צו־זאַמען טיט'ן גאַנצען עולם. און כאָטש ער איז געווען גאַנץ ווייט פון צו זוערען א רבי, וואָס נעמט סוויטלעך און פדיונות, דאָך האָט דער עולם געזעהען אין איהם דעם מנהיג און אָנגע־הויבען פון זיך אליין צו איהם צו פאָהרען און איהם צו פער־הייליגען.

ר' אליהו גוטמאַכער, דער גרייוויצער צדיק, האָט ר' אבר־המ'לען נישט אנדערש אָנגערופען, ווי „מלאך ד' צבאות"...

אויך די איבעריגע גדולי הדור האָבען געבויגען זייערע קעפּ פאַר איהם, האַלטענדיג ר' אברהמ'ל טשעכאנאָווער פאַר דעם גרויסען בעל־מופת און בעל־מקובל.

זיין גרויס תמימות, פּשטות און עניוות האָט געבראַכט דערצו, אַז אפילו די גרעסטע פערביסענסטע מתנגדים האָבען זיך

צו ר׳ אברהמ׳לען בעצווינגען מיט אכטונג.

אינטערעסאנט איז די לעבענס־געשיכטע פון דעם דאזיגען צדיק.

געבוירען איז דער משעכאנאווער אין יאהר תקנ״א אינ׳ם קליינעם שטעדטעל פארנעטשעוו, ביי לענטשיץ. שטאמען שטאמט ער פון גאנץ פשוטע עלטערן. דערפאר איז זיין זיידע געווען א גרויסער צדיק. מ׳האט איהם גערופען: ר׳ בעריש הגדול פון קוטנא.

ווען דעם דאזיגען ר׳ בעריש הגדול ווערט דערצעהלט, אז ער איז געווען א „נסתר". ער זאל האבען געשלאפען ביז צום טאג פון זיין פטירה 40 יאהר אויף א שטיין. און ווען דער גאון ר׳ יונתן פרעגער (אייבעשיץ) — דערצעהלט די לעגענדע — האט זיך אמאל געפרעגט אין הימעל, ווער ס׳וועט זיין זיין חבר אויף יענער וועלט, האט מען איהם אנגעוויזען טאקע אויף ר׳ בעריש הגדול פון קוטנא...

א פאקט איז, אז ר׳ אברהמ׳לעס אבות און אבות־אבותיו זענען געווען פרומע, אבער פשוטע יודען. דער משעכאנאווער אליין זאל אמאל האבען געזאגט, אז ער ווייסט נישט, צוליב וואס כ׳איז איהם געקומען דער עונש פון הימעל, אז ער זאל זיין אנדערש פון זיינע עלטערן, וואס זענען געווען נסתרים...

נישט לערנענדיג אין קיין ישיבה, האט ר׳ אברהמ׳ל אליין, דורך זיין חשק און התמדה, בעקומען א שם אלס לערנער. צו 14 יאהר האט ער שוין גע׳שם׳ט אלס גרויסער עילוי און ווייט און ברייט האט מען גערעדט, אז ער וואקסט א גדול בישראל.

איז גארנישט קיין וואונדער, אז נגידים האבען זיך געריסען וועגען איהם, וועלענדיג איהם האבען פאר אן איידעם.

וועגען דעם שידוך פון ר׳ אברהמ׳ל משעכאנאווער ווערט דערצעהלט אין די חסידישע קרייזען פאלגענדער קוריאז:

אין פלאצק האט זיך א גביר דערוואוסט וועגען דעם עילוי

האָט ער אַהינגעשיקט דער איידעם ר׳ דן, אויך אַ פּלאַצקער נגיד, צו פאַרהערן דעם בחור, און אויב עס וועט זיך אַרויס־ווייזן, אַז דער בחור איז טאַקע אַן עילוי, זאָל ער איהם נעה־מען פאַר אַ חתן פאַר זיינער, דעם שוועסטער׳ס יונגסטער טאָכטער.

איז ר׳ דן אַוועקגעפאָהרען קיין באַרגעטשעוו און דער בחור אברהמ׳ל האָט ביי איהם שטאַרק אויסגענומען. און אַזוי ווי ר׳ דן אַליין האָט אויך געהאַט זעהר אַ געראָטענע טאָכטער, האָט ער זיך געטראַכט: אויב דער שידוך איז גוט פאַר׳ן שוועער, איז ער דאָך פאַר מיר אויך גוט. און אונזער ר׳ דן האָט טאַקע באַלד אויפ׳ן אָרט פאַרקנס׳ט זיין טאָכטער איטעלע מיט׳ן באַרגע־טשעווער עילוי.

אהיימקומענדיג האָט ר׳ דן אָבגעפּטר׳ט זיין שוועער מיט „שהרפּהי״, מיט פערשידענע תירוצים און פאַר קיינעם, אפילו פאַר זיין אייגען הויז, האָט ער נישט מגלה געווען דעם סוד, אַז ער האָט דעם שידוך געטהון מיט זיין איטעלען.

מיט דער צייט אָבער האָט זיך ר׳ דנ׳ס שוועער דערוואוסט און — הימעל, עפען דיך! אַזאַ צאָרן זאָל שוין אויף דער וועלט נישט זיין! ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט שטילען און גערופען דעם איידעם זיינעם צו אַ דין־תורה.

אַזוי, אָבער, ווי מען האָט געמוזט האָבען דערביי אויך דעם חתן, כדי ער זאָל זיך אַרויסזאָגען, ביי וועלכער כלה ער ווייל פערבלייבען, האָבען די צדדים ביי זיך בעשלאָסען צו האַלטען די דין־תורה ביים חתן גופא — און ווי ער וועט פסק׳ענען, אַזוי זאָל פערבלייבען.

האָט דער חתן, אברהמ׳ל, אין דער זאַך שטאַרק מעיין געווען און, נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת, האָט ער אַרויסגעטראָ־גען אַ פּסק־דין, אַז קוים האָט זיך ר׳ דן מיט איהם משדך געווען, מן־הסתם האָט ער, ר׳ דן, דערצו זוכה געווען און אַזוי דאַרף עס שוין טאַקע בלייבען.

און כה־הווה: דער עילוי ר' אברהמ'ל איז געבליבן ר' דנ'ס איידעם...

## ב.

ווערענדיג אַן איידעם פון ר' דן לאנדוי, האָט ר' אברהמ'ל אויך אנגעהויבען צו חתמ'ענען זיך מיט'ן פאמיליע־נאָמען „לאנ־דוי". דער שווער האָט איהם שטארק בעאיינפלוסט און נישט געלאָזט איהם ווערען אַ חסיד און פאָהרען צו אַ רבי'ן, ווי דער שטיינער איז דעמאָלט געווען, צי אַ יונגערמאַן, אַ למדן פלעגט זיך „בעהעפטען" צו אַ רבי'ן.

ווען דער „יוד הקדוש" האָט זיך דערוואוסט, וועגען דעם „פלאָצקער עילוי", ווי מען האָט ר' אברהמ'לען אָנגעהויבען רופען נאָך דער חתונה, האָט ער גוזר געווען אויף איינעם פון זיינע פלאָצקער מקורבים, אַז ער זאָל ר' אברהמ'לען ברענגען צו איהם קיין פשיסכא.

דער „יוד הקדוש" האָט שטארק געוואָלט האָבען ר' אב־רהמ'לען פאַר זיין חסיד. ווײַל, ר' אברהמ'ל האָט דאָך גע'שמ'ט אין דער גאַנצער לומדישער וועלט אַלס גרויסער עילוי און אַלס אונגעוועהנליך פרומער יונגערמאַן דערצו. און ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז ר' דן לאנדוי, דער פערביסענער מתנגד, לאָזט נישט אַרויס דעם איידעם פון זיינע הענד, האָט דער „יוד הקדוש" געהייסען איינעם פון זיינע מקורבים, פאַר יעדען פרייז צו ברענגען איהם דעם פלאָצקער עילוי.

און דער חסיד געגאַנגען מיט'ן רבי'נס כח און האָט ר' אברהמ'לען פערשלעפט צו דער וויכעל, כדי פונדאַנען צו פאָהרען מיט איהם קיין פשיסכא.

דערווייל האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט דער שווער און ער האָט נאָך זיין איידעם נאָכגעשיקט פאָליציי און מיט כוח האָט מען איהם צוריקגעבראַכט אהיים.

אבער ר' אברהמ'ל האָט דאָס נישט געקאָנט מוחל זיין

זיין שווער. נאָך אין יאָהרען ארום האָט ער זיך אמאָל אויסגע־רעדט פאַר זיינע מקורבים, אַז ער וועט זיין שווער נאָך „מאה ועשרים שנה" פאָדערן צום דין פאַר'ן ביתדין של מעלה.

אין עלטער פון עטליכע און דרייסיג יאָהר איז ר' אברהמ'לע געוואָרען רב אין טשעכאַנאָוו, וואו ער האָט מיט זיין גרויס גאָר־נות און פרומקייט שטאַרק אויסגענומען. אָבער קיין אָפיציעלער חסיד איז ער נאָך אַלץ נישט געוואָרען. ווען דער רבי ר' בונם האָט איהם אַמאָל געהאַט פערבעטען צו זיך, צוזאָגענדיג איהם, אַז ער און זיין רבקה'לע וועלען פערלאָזען די שטוב, כדי ער זאָל קאָנען דאָרט דאַוונען ווי לאַנג ער וועט נאָר וועלען, האָט ר' אברהמ'ל טשעכאַנאָווער נישט געוואָלט פאָהרען צו איהם. ער האָט זיך נעהאַלטען אין זיין מדרגה.

דער טשעכאַנאָווער צדיק האָט נישט מעהר געטהון אַ גאַנ־צען טאָג, ווי געלערענט און געדאַוונט, געהענדיג באַלד פאַר־טאָג איינגעהילט אין טלית און תפילין אין שוהל אַריין. דעריבער האָבען איהם אַנדערע גוטע יודען אָנגערופען: „דער דאַווגער". זיי פלעגען אויף איהם אויך זאָגען, אַז דאָס, וואָס ער וועט נישט אין הימעל אויס'פועל'ן מיט זיין דאַווענען, וועט שוין קיינער נישט קענען פועל'ן.

די פרומע בעל־הבת'יטע וועלט האָט צו דעם טשעכאַנאָווער צדיק געשטראָמט פון אַלע עקען פוילען, בעטענדיג ביי איהם אַ ברכה. דער צדיק פלעגט נעהמען דערפאַר נאָר אַ פּאָר גראָשען, און אויסער, די דבי'צין, האָט דאָס גאַנצע געלט פערטיילט און מאכיל־ומשקה געווען אַלע הונגעריגע און דורשטיגע.

דאָס טשעכאַנאָווער פרומקייט, די „סאַלטע מסוה", אין וועלכער יונג און אַלט האָבען ביים רבי'נס לעבען זיך געמוזט טובל'ען, די אמת'ע תמימות און היילִיגע ענוות פון דעם גרוי־סען צדיק — דאָס אַלץ האָט סוף־כל־סוף באַווינט אויך די רעשט־

טער פער׳עקשנ׳טע מתנגדים־לומדים פון פלאָצקער געגנט, וועל־כע האָט אַזוי שטאַרק נע׳שמ׳ט מיט איהרע משכיל׳ישע אַזור־געראָפענע „קהל־סטניקעס". זיי זענען פאַר דעם גלאַנץ פון דער משעכאַנאָווער פרומקייט איינגאַנצען ווי פערשטומט געוואָרען.

אין עלטער פון 84 יאָהר האָט דער רבי ר׳ אברהם׳ל משע־כאַנאָווער אויפגעהויכט זיין הייליגע נשמה, אין ד׳ אדר תרל"ח. איאָהר פריהער איז זיין געטרייע איטעלע, די רבי׳צין, אַוועק פון דער וועלט.

פון דעם משעכאַנאָווער זענען ביז איצט געדרוקט געוואָרען דריי ספרים: „זכות אברהם", בית אברהם" און „אהבת חסד".

ג.

פון די פיר זיהן, וואָס זענען נאָכ׳ן משעכאַנאָווער פערבלי־בען, האָט ר׳ יענקעלע גאַשעלסקער, דער למדן, איבערגענומען דאָס רבנות אין משעכאַנאָוו נאָך זיין גרויסען פאָטער. דער צווייטער זוהן, ר׳ וואָלף סטריקאָווער, דער חכם, וועלכער איז נפטר געוואָרען י"א אלול תרנ"א אין עלטער פון 83 יאָהר, האָט ווי־דער איבערגענומען דאָס רבי׳שקיים פון זיין גרויסן פאָטער.

זייענדיג אַ סטריקאָווער איידעם, האָט ער זיך בעזעצט אין סטריקאָוו, אין דער רעזידענץ פון גרויסען צדיק, ר׳ פישעלע סטריקאָווער.

ר׳ וואָלף איז געווען אַ קאָצקער חסיד און ווען ער איז גע־וואָרען רבי, זענען צו איהם געפאָהרען דער גאָסטינינער און נאָך אַ סך אַנדערע חסידישע גדולים.

ר׳ וואָלף סטריקאָווער איז געווען אַן אָריגינעלע ערשיינונג אין דער חסידישער וועלט. ער האָט געשריבען העברעאישע שי־רים און מליצות, וועלכע זענען נאָך זיין פטירה אָבגעדרוקט גע־וואָרען אין עטליכע קונטרסים, צוזאַמען מיט זיינע בריף צו מקורבים און פריינד.

די דאָזיגע מליצות צייכענען זיך שטאַרק אויס סיי שפראַכ־

ליד, סיי אינהאלטליך.

דער רבי ר' מענדעל קאצקער פלעגט זאגן אויפ'ן „חידושי הרי"ם" — מיין גאון, אויף ר' הירש טאמאשאווער — מיין חסיד און אויף ר' וואלף סטריקאווער — מיין חכם... מען האט איהם טאקע גערופען: דער חכם הרזים...

פון איהם איז ערשינען א חיבור „זר זהב" אויף תורה, מיט הגהות און הוספות פון זיין זוהן, דעם ממלא מקומו, ר' מאטעלע.

דער דריטער זוהן, ר' בעריש ביאלער, איז ווידער געווען א ווארקער חסיד. און כל־זמן ר' מענדעלע, ר' איציקעל ווארקער'ס זוהן, האט געלעבט, איז ר' בעריש ביאלער געבליבען טריי דעם ווארקער הויף. נאך ר' מענדעלע'ס פטירה (תרב"ח), האט דער ווארקער עולם, נאך ביים לעבען פון זיין פאטער, איהם, ר' בעריש'ן, גענומען אלס רבי. ר' יחיאל, דער אלעקסאנדערער, ר' שמעלע, דער סקערנעוויצער, דער קוטנער און אנדערע גרויסע רביים, זענען געווען זיינע „יושבים".

אין זיין התנהגות איז ר' בעריש ביאלער, דער חסיד, אויך געווען גאנץ איינענארטיג, ווי זיינע אבות. ער האט זיך נישט שטארק געהאלטען ביי די אנגענומענע טראדיציעס פון די רביים.

צום אומגליק, איז ר' בעריש ביאלער פאראליזירט געווארען אויף א האנד. ער איז א לענגערע צייט געווען קראנק און זייענדיג אלט קוים 56 יאהר, כ"ה סיון תרל"ו, איז ער נפטר געווארען און זיין גאנצער עולם האט זיך איבערגעטראגען צו זיין תלמיד־ותיק, ר' יחיאל, קיין אלעקסאנדער.

דער היינטיגער זגערזשער רבי, ר' מענדעלע לאנדוי, איז א זוהן פון ר' בעריש ביאלער. ער איז דער, וואס דערהאלט די גאלדענע קייט פון דער בעריהמטער טשעכאנאווער דינאסטיע און טראדיציע, געהענדיג אין די דרכים פון זיינע אבות. אין יאהר תרפ"ה איז ער געווען אין ארץ־ישראל און ער איז אהיימגעקומען צוליב זיינע חסידים, וואס האבען פון איהם געפאדערט,

ער זאָל צוריקקומען קיין פוילן.

דער פערטער זוהן פון טשעכאַנאָווער, ר' רפאל וועגנראָוויטש, איז שוין געווען פון דעם טיפ וואַנדער־רביים.

א זוהן פון ר' יענקעלע גאַטעלסקער, ר' חיים מענדעל לאַנדזי, איז געווען רב אין ראַספּשע. האָבען איהם די געננער זיינע מער'כסר'ט פאַר דער רוסישער מאַכט, אז ער האָט געהאַט א מערוטשא מיט די פוילישע פּאָוסטאַנצעס אין יאָהר 1863 און ער איז באַלד אַרויסגעשיקט געוואָרען פון שטאָדט. אין פנקס פון דער ראַספּשער חברה־קדישא איז די דאָזיגע געשיכטע פאַרשריבען לזכרון (זיים מ"ב) און דערפאַר זענען די מוסריב, חברה קדישא־לייט — א פאָטער מיט א זוהן — פון דער חברה־קדישא אויסגעשלאָסען געוואָרען אויף שטענדיג.

אגב דאַרף נאָך בעמערקט ווערען, אז דער שריפטשטעלער יקיר וואַרשאַווסקי האָט אין זיין בוך „די לעצטע" גאַנץ פאַרטרעפליך כאַראַקטעריזירט ר' בעריש ביאַלער'ס א זוהן, ר' איטשעלע מלאוועה. דאַנענען י. ל. פרץ'ס בערימטע געשיכטע וועגען דעם ביאַלער רבי'ן געהערט זיך גאָרנישט אָן מיט ר' בעריש ביאַלער, נאָר מיט ר' יענקעלע ביאַלער, אויך זעהר א בערימטער רבי.

# דער יוד הקדוש

### א.

ר׳ יעקב יצחק האָט דער „יוד הקדוש" געהייסן און גע־שטאַמט האָט ער פון אַ רבנישער פאַמיליע.

זיין פאָטער ר׳ אשר׳ל איז געבוירען אין גראָדזשיסק און געווען דאָרט רב, נאָכהער אין פּשעדבאָרזש. דער זיידע, ר׳ אלחנן, ווידער, איז געווען רב אין גריצע ביי וואַרשאַ.

ר׳ אשר׳ל, דער פאָטער, פלעגט שטאַרק שטראָפן און שלאָגן דעם „יוד הקדוש". ער האָט אים אויך נישט געגעבן צום עסן, ווייל ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיין זוהן דאַוונט נישט און לערענט נישט...

אַנומעלט איז דאָס יונגעל אַוועקגעקומען און, זוכענדיג אים, האָט ר׳ אשר׳ל זיין זוהן געפונען אין דער ווייבער־שוהל. דאָרט האָט ער זיך אַריינגע׳גנב׳עט דורכן פענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטען, וועלכער האָט זיך געפונען ביי דער שוהל. ער האָט דאָרט מתפלל געווען מיט גרויס כונה איינער אַליין, פון קיינעם נישט געזעהען...

פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ אשר׳ל מעהר צו זיין זוהן קיין שלעכט וואָרט נישט גערעדט און געהאַלטען די געשיכטע פאַר אַ גרויסען סוד, דערציהלענדיג דערפון נאָר דער רבי׳צין, דער

מוטער פון געראַטענעם קינד.

עסען און טרינקען האָט איהם דאָן שוין גישט געפעהלט. זיין מוטער האָט איהם איצט שוין געגעבען, וואָס נאָר זיין הארץ האָט געגלוסט. אָבער אַלץ, וואָס ער האָט בעקומען פון דער מוטער, דאָס דער „יוד הקדוש" פערטיילט צווישען אָרימע נצרכים.

יונגערהייד איז איהם דער פאָטער אָבגעשטאָרבען און ר' לייבוש האַלפערן, דעם פאָטער'ס ממלא מקומו אין פּשעדבאָרזש, האָט צו זיך דאָס יתומ'ל אין דער ישיבה אריינגענומען און מיט איהם געלערנט. ווען ר' לייבוש איז געוואָרען רב אין אַפּט, איז מיט איהם אַהינגעפאָהרען דער „יוד הקדוש", דאָרט וויטער מיט איהם געלערנט און געגעסען „טעג" ביי בעלי־בתים.

א בעקער אין אַפּט, ביי וועלכען דער „יוד הקדוש" האָט געגעסען א „טאָג", האָט זיך דעם געראַטענעם בחור גענומען פאַר אַן אייגעם, צוזאָגענדיג איהם איביגע קעסט אַן דירה.

אָבער באַלד האָט זיך דער בעקער צובייזערט אויף זיין „קעסט־קינד", הלמאי ער איז א בטלן און קאָן גאָרנישט פערדינען. און ער האָט זיין איידעם בעזייטיגט פון קעסט.

גאָלדעלע, די שווינער, האָט אָבער שטאַרק געהאַלטען פון איהר איידעם און האָט איהם ווייטער מאכיל־ומשקה־געווען אָהן דעם וויסען פון איהר מאַן, כדי ער זאָל ווייטער לערנען תורה לשמה.

אָבער זי איז אויך פון איהם אומצופרידען געווען צוליב דעם, וואָס ער צוטיילט דאָס גאַנצע עסען, וואָס זי גיט איהם, צווישען אָרימע.

פּלוצלונג איז דעם „יוד הקדוש" אויך נמאס געוואָרען די „קעסט" ביי דער שווינער און ער איז געוואָרען א מלמד ביי דעם נגיד ר' דניאל גיטמעל פון פשיסכא און דערנאָך בא א [illegible]

דא האט מיט דעם „יוד הקדוש" געטראָפען אזא געשיכטע: ס'האט זיך צו איהם גענומען שרכנ'ען דעם ארענדאר'ס א טאָכ־טער, א זעהר שעהן און בע'חנ'ט יונג מיידעל און אנומעלט ביי־נאכט האט זי זיך ארייגנע'גנב'עט דורך א פענסטער אין דער שטוב פון „מלמד" אין חוה'ס קליידער...

דערזעהענדיג פאר זיך א געשטאלט פון א נאקעטער פרוי, האט דער „יוד הקדוש" קיין גרוים שהיות נישט געמאכט און איז ארויסגעשפרונגען דורכ'ן אפענעם פענסטער אויף דער גאס. ער איז געלאָפען אין דער פינסטערניש איבער שטאָק און שטיין אין דער שטאָדט אריין. ער איז צוריקגעקומען קיין פשיסכע און פון דארט איז ער אוועק קיין אפט, וואו ער האט זיך בעזעצט.

רבקה'לע, זיין צניעות'דיג ווייבעל, האט זיך דאן מפרנס געווען פון פערקויפען סחורות אויף די מארגעס, טרייסטענדיג זיך מיט דער האָפנונג, אז ווען איהר מאן וועט ווערען א רב — וועט איהר דאן שוין וואויל זיין.

דער „יוד הקדוש" האט נישט געוואָלט פאָלען צו לאָסט זיין ווייב און ער האט ווייטער געלערענט מיט תלמידים און זיך מסתפק געווען במועט. ער איז געווען אזוי ארים, אז איהם פלעגט אפט אויסקומען צו בעטען ביי זיינע תלמידים א דרייער אויף א ביסעל אקעוויט, כדי צו דערכאפען דאָס הארץ. מיט אזא הולשת־הלב פלעגט ער ארומגעהן גאנצע טעג...

דעם נארמעל אפילו האט ער שוין לאנג געהאט פערזעצט, אבי נישט צו דארפען אנקומען צו זיין ווייב'ס הארעוואניע...

ב.

אויף דעם תויי־בוידעם אין דעם שוער'ס הייזעל, וואו דער „יוד הקדוש" האט געוואוינט, פלעגט ער זיצען גאנצע נעכט און עוסק זיין אין תורה און עבודה.

פון גרוים דביקות און פון פאסטען סגופים זענען איהם נאך יונגערהייט אלע ציין ארויסגעפאלען. פון דער דאזיגער

קראַנקהייט האָט קיין שום ילוד־אשה נישט געטראָפן וויסן. צוז נסתר איז ער געווען. געוואוסט האָט נאָר דערפון זיין ווייב, פאַר וועלכער ער האָט קיין סודות נישט געהאַט...

זי פלעגט איהם אָפט אַרויסבריינגען עסען צום אונטער־לעהנען דאָס הארץ, ווײַרום ער פלעגט אָפט צוליב זיין שוואַכ־קייט פאַלען אין חלשות.

איהר, זיין ווייב, פלעגט ער אויך פון צייט צו צייט אָר־בערגעבען זיינע זעהונגען און סודות, מיט וועלכע ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגען.

דער חסידישער עולם אין אַפט פלעגט זיך שטאַרק מתרעם זיין אויפ׳ן „יוד הקדוש" צוליב דעם, וואָס מען האָט איהם קיינ־מאָל נישט געזעהען אין דער מקוה און אויך נישט דאַווענען בציבור.

מען האָט איהם מאַקע דעריבער געהאַלטען פאַר אַ גרויסען מתנגד און מען האָט זיך אויך שטאַרק בעמיהט, אַז ער זאָל ווערען אַ חסיד און פאָהרען קיין לובלין צום „חוזה".

דער „חוזה" האָט שוין געוואוסט פון איהם, מען האָט שוין געהאַט איהם דערציילט פון דעם גרויסען נסיון, וואָס דער „יוד הקדוש" האָט געהאַט אין דאָרף, זייענדיג דאָרט מלמד.

האָט אויך דער „חוזה" אַליין זיך געוואָלט באַקענען מיט׳ן „יוד הקדוש". דער „יוד הקדוש" האָט זיך ענדליך געלאָזט פון די חסידים איבערררעדען און איז, צוזאַמען מיט אַנ׳עדה יודען, געפאָהרען קיין לובלין.

ביים „חוזה" האָט ער שטאַרק אויסגעצייכענט און נאָכמער ביים עולם, וואָס איז געפאָהרען קיין לובלין.

האָט זיך אַ גרויסער טייל חסידים אָבגעריסען פון לובלין און אָנגעהויבען פאָהרען צום „יוד הקדוש", קרוינענדיג איהם זעלבסט אַלס רבי.

דאָס האָט שטאַרק פערדראָסען דעם חוזה׳ס מקורבים און

זיי האָבען דעם לובלינער „חוזה" צוגעטראָגען א סך רכילות איבּ'ן „יוד הקדוש".

ס'האָט גאָרנישט געהאָלפען קיין שום פּערענטפערן זיך פון „יוד הקדוש" פאר'ן „חוזה". דער בעס אויף איהם איז אין לובּ־לין געווען אזוי גרויס, אז, ווען ער האָט זיך אנומעלט געוואָלט זעהן מיט'ן „חוזה", האָט מען איהם פאר קיין פאל נישט צוגע־לאָזט צו איהם. ר' יוסף, דעם חוזה'ס זוהן, האָט אפילו נישט געוואָלט איהם געבען „שלום".

דער רימאַנאָווער רבי האָט זיך אויך אנגענומען די קריוודע פון חוזה'ס הויף און אָנגעהויבען צו פיהרען אנ'אָפענעם קאַמף געגען „יוד הקדוש". אויסערעגדיג אויף איהם אלדאָס בייז.

דאָך איז דעם „יוד הקדוש" געלונגען מנצח צו זיין אלע שונאים מיט זיין גרויס ענייות און יראת שמים. דער „לובלינער" הויף האָט דאַן איהם אויפגעהערט צו בעטראַכטען אלס געפעהר־ליכען קאָנקורענט.

ג.

אָבער ווען נישט די מעשה מיט'ן אפּטער סוחר, וועלכער האָט „איינגעשניטען" מיט זיין וואָגען סחורה אין א טיפען שניי הינטער דער שטאָדט, נישט אהין און נישט אהער — ווער ווייסט, אויב דער „יוד הקדוש" וואָלט בכלל נתגלה געוואָרען.

וועגען דעם דערצעהלען חסידים אַט־וואָס:

דער „יוד הקדוש" פלעגט יעדען אָוועגד שפעט, ווען די גאַנצע שטאָדט איז שוין געווען פערזונקען אין טיפען שלאָף, געהן אין דער קאַלטער מקוה אריין און דאַן האָט ער זיך גע־זעצט לערנען אין בית־המדרש ביי א ליכטעל, ביז ס'איז טאָג געוואָרען. ווען דער בעל־עגלה, וועמעס וואָגען מיט סחורה עס האָט געהאָט איינגעשניטען אין טיפען שניי, איז געהאָט געקומען אין דער שטאָדט אריין זוכען מענשען, כדי דעם וואָגען ארויס־

גרשלעפען, האָט ער געזעהען וועמען זיצען אין בית־המדרש. ער האָט דעם „יוד הקדוש" דערצעהלט זיין גאַנצע פערלעגענ־הייט. אויסהערענדיג די מעשה וועגען וואָס דער יוד איז געסור־מען אין שטאָדט אריין, האָט זיך דער „יוד הקדוש" געלאָזט צוזאַמען מיט'ן בעל־עגלה צום אָרט, וואו דער וואָגען האָט זיך געפונען. דער סוחר, דערזעהענדיג וואָס פאַר אַ „שלים־מזל" דער בעל־עגלה האָט געבראַכט ארויסצוציהען דעם וואָגען פון שניי, האָט זיך גום אָנגעבייזערט אויף איהם. אָבער ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט זיך איבערצייגט, אז דער פרעמדער האָט מיט זיין רוקען, פון הינטען־ארום, ארויסגע־שלעפט דעם וואָגען סחורה פון טיפען שניי און איהם ארויסגע־פיהרט אויפ'ן גלייכען וועג. ער האָט דערביי געזאָגט: איך בין אַ שוואַכער מענש, אָבער נאָט האָט מיר געגעבען כּוח צו טהון אַ מצוה — ארויסצוהעלפען אַ יודען...

דער „יוד הקדוש" איז באַלד דערנאָך נתגלה געוואָרען פאַר דער ברייטער און וויטער וועלט.

דער סוחר, כאָטש ער האָט איהם צוגעזאָגט די זאַך נישט מפרסם צו מאַכען, האָט עס אָבער יאָ מפרסם געווען אין דער שטאָדט און דער עולם האָט געזעהען דערין אַ גרויסען מופת און עס וויים און ברייט צושפּרייט.

דער „יוד הקדוש" האָט זיך שטאַרק דערוויטערט פון פרסום אלס „נומער יוד" און איז ווייטער געווען אַ נסתר ווי פריהער. נישט קוקענדיג אויף דעם האָט אַ גרויסער עולם אָנגעהויבען צו איהם צו פאָהרען. צווישען זיי האָבען זיך געפונען גדולים, רבנים, מיט וועלכע ער פלעגט לערנען און דרש'ענען פאַר זיי דברי־תורה און קבלה. ער איז מחרש „מעשי בראשית" — אַזוי האָבען חסידים אויף איהם געזאָגט.

באַלד איז געוואָרען דער רבי ר' בונם זיין נושא־כלים; ער האָט איהם בעגלייט אויף אַלע זיינע וועגן און נסיעות, זיך

שטאַרק אָנגענומען פאַר'ן כבוד פון זיין גרויסען רבי'ן, געפיהרט מיט אַלע זיינע שונאים מלחמה צוליב דעם, וואָס זיי האָבען דערנידעריגט דעם כבוד פון „יוד הקדוש" און דער סוף איז געווען, אז ער האָט אַלע מנצח געווען און דער דימאַנאָווער אַליין, דער הויפט־געגנער זיינער, האָט געמוזט איבערבעטען דעם „יוד הקרוש".

דערווייל איז דעם „יוד הקדוש" דאָס ערשטע ווייב געשטאָרבען און ער האָט זיך גענומען איהר שוועסטער פאַר א ווייב. ער האָט מיט איהר קיין שלום־בית נישט געהאַט. שיינדעל, די מרשעת — אזוי האָט ער זי אָנגערופען. זי האָט איהם מקצר ימים געווען, האָט נישט געקאָנט פערטראָגען דאָס, וואָס ער האָט פערטיילט דאָס גאַנצע געלד, די פדיונות, וואָס די חסידים האָבען איהם געגעבען, צווישען נצרכים.

האָט זי, די „מרשעת", איהם פשוט „בע'גנב'עט" און פאַר דעם געלד אויפגעבוים א שטיבעל צום וואוינען, און טאַקע אין יענעם שטיבעל האָט דער „יוד הקדוש" זיינע לעצטע יאָהרען געוואוינט.

קוים 50 יאָהר אַלט האָט ער זיך געזעגענט מיט דער זינדיגער וועלט. ער איז נפטר געוואָרען אין י"ט תשרי תקע"ד (הול־המועד סוכות) נאָך ביים לעבען פון „חוזה", איבערלאָזענדיג זיהן פון ערשטען און צווייטען ווייב, פון וועלכע ר' ירחמיאל'קע און ר' אשר'ל זענען געוואָרען זיינע פערטרעטער.

וועגען דער פטירה פון „יוד הקדוש" ווערט דערצעהלט, אז ער האָט געוואָלט דערגרייכען די „מדרגה גדולה". האָט מען איהם אין חלום צו־וויסען־געטהון, אז די דאָזיגע מדרגה קען א צדיק דערגרייכען נאָר נאָכ'ן טויט און דעריבער טאַקע האָט ער זיך אויסגעבעטען, אז ער זאָל יונג אַוועק פון דער וועלט.

איצט ווען זיין אינטערעסאַנט צו וויסען, פון וואַנען, איגענטליך, נעהמט זיך דער נאָמען: „יוד הקדוש".

ווענען דעם נאמען „יוד הקדוש", מיט וועלכען די וועלט האט ר' יעקב יצחק'ן געקרוינט, דערצעהלט די לעגענדע, אז ער פלעגט זיך איבערטהון אין פויערישע קליידער, אין א סוקמאן און א פויערישען קאשקעט און איז אזוי געפאהרען מיט זיין גבאי ר' נרליה אויף אלע מערק זוכען אליהו הנביא'ן...

אגומעלט האט ער דערקענט אויף א מארק אין א פויער, וואס האט געפיהרט א שקאפע, אז דאס איז אליהו הנביא. פאר גרויס פרייד און איבערראשונג האט ער א געשריי־געטהון צום גבאי: אט זעהסטו אליהו הנביא! דערהערענדיג די דאזיגע ווער־טער, האט דער פויער מיט גרויס בעס צו איהם געטהון א געשריי: „זשידזשע! יאק וויעש — פאצא גאדאש?" (אויב דו ווייסט. פארוואס זאגסטו אוים?") און אין דעם מאמענט איז דער פויער מיט זיין שקאפע פערשוואונדען געווארען...

זינט דעמאלט האבען איהם די חסידים אנגעהויבען צו רופען מיט'ן נאמען „יוד הקדוש" — דאס הייסט: דער, וואס אליהו הנביא אליין האט איהם אנגערופען „יוד"...

אין א גרויסען אוהל, מיט א גלאנצענדיגען, צינערנעם דאך אויף דעם משופע'דיגען בית־עלמין־בארג אין פשיסכע, איז דער „הייליגער יוד" צוזאמען מיט זיינע זיהן געקומען צו קבורה. הונדערטער פלעמלעך בעשטראהלען טאג און נאכט זיין קבר. מיט טויזענדער נעמען, וואס זוכען ביי איהם הילף, זענען בעשריבען די ווענט פון אוהל.

א ניצוץ, א פונק פון מרדכי היהודי איז ער געווען — אזוי האבען אויף איהם געזאגט די גרעסטע צדיקים פון זיין דור

# דער כענטשינער

א.

א זעהר אריגינעלער טיפ אין דער חסידישער וועלט איז געווען דער כענטשינער רבי ר' חיים שמואל ז"ל.

ער האט זיך נישט בלויז אונטערגעשיידט פון די אנדערע פוילישע „גוטע יודען" מיט זיין התנהגות, געהענדיג זיינע איי־גענע וועגען — ער האט אויך אויפגערודערט דאס יודישע וועל־טעל מיט זיינע מעשים, וועלכע זענען נאך ביז היינט נישט אינ־גאנצען אויפגעקלערט געווארען.

זייענדיג דעם „חוזה'ס" אנ'אייניקעל פון זיין צווייטען זוהן, ר' הירש (וועלכער איז געווען כענטשינער דב און ביי וועל־כען ער, ר' חיים שמואל, איז צוליב'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין פאטער, ר' ישראל, דערצויגען געווארען), האט ער גע'ירשנט דעם שוואונג און די פאנטאזיע פון זיין גרויסען זיידען, דעם „חוזה".

דער זיידע, ר' הירש, האט זיך טאקע אויף זיין אייניקעל גוט געקענט און ווערענדיג דער ממלא מקום פון זיין פאטער, דעם „חוזה", האט ער זיך אבגעזאגט פון כענטשינער רבנות און עס איבערגעגעבען זיין אייניקעל ר' חיים שמואל, ווען יענער איז קוים אלט געווארען 18 יאהר.

ווען דער זיידע איז נפטר געווארען, האבען די חסידים

באלד געקרוינט ר' חיים שמואל'ן אלס ממלא מקום און דער יונ־
גער רבי האט זיך גענומען פראווען רבי'סטווא ביד רמה, לויט
דעם שטייגער און שנים פון „חחה".

אויך ער איז געווען, ווי זיין גרויסער זיידע, א וויזיונעהער,
א רואה את הנולד. ער האט זיך געהאלטען ביי רבינו תמ'ס שי־
טה און האט פעררוקט דעם שבת'דיגען בין־השמשות אויף עט־
ליכע מינוט. חוץ דעם האט ער גענוצט כרמל־וויין; דער ערשטער
איז ער טאקע געווען פון די חסידישע רביים אין פוילען, וואס
האט מכשיר געווען דעם „ציוניסטישען" וויין, ווי די חסידים
פלעגען איהם רופען. די חסידים און רבנים פון אנדערע לאגערם
האבען דעריבער אויף איהם געקוקט מיט גרוים חשד.

דאך האט קיינער נישט געוואגט צוליב דעם ארויסצוטרע־
טען געגען בענטשינער צדיק. מען האט איהם פאר איהם דאך דרך־
ארץ געהאט. איז ער דאך געווען דער גרויסער צדיק, אבגעהיט
אויף שריט און טריט און געהאט רוח־הקודש. דאס לעצטע האט
ער ארויסגעוויזן — לויט דער מיינונג פון זיינע חסידים — מיט
זיין — תקיעת־שופר.

## ב.

א לאנגע צייט אײדער ס'איז אויסגעבראכען די רוסיש־
יאפאנישע־מלחמה (1903—4), האט דער בענטשינער צדיק גע־
בלאזען שופר ביי תפילת שחרית אין זיין בית־מדרש, אויסבלא־
זענדיג גאנצע „מאה קולות", שטארק מעורר־זייענדיג זיין עולם.

קיינער האט נישט געוואוסט, וואס דאס בלאזען שופר אין
די טעג פון א גאנץ יאהר האט צו בעדייטען און קיינער האט
אויך נישט געוואגט צו פרעגען דעם „בענטשינער", וואס ער
איז דער־כיוט אייגענטליך אויסען.

אפילו זיינע מקורבים האט ער נישט מגלה־סוד געווען. אין
די חסידישע און רבי'שע קרייזען האט מען זיך שטארק מפלפל
געווען. א טייל חסידים פלעגם דאס אויסטייטשען, אז דער

וכענטשינער וויל צראָבברעננען משיח'ן און די יודען אויסלייזען פון גלות...

אַנדערע ווידער האָבען דערפון נעדרונגען, אַז דער רבי מוז האָבען איינגעזעהען מיט'ן רוח־הקודש, אַז עס גייט אַ נייע סדרה גרויסע גזרות אויף יודען און ער וויל די דאָזיגע גזרות מעביר זיין מיט'ן שופר...

פלוצלונג איז אויסגעבראָכען די רוסישע מלחמה מיט יאַ־פאַן און פאַר דעם עולם חסידים איז קלאָר געוואָרען, וואָס דער „כענטשינער" איז אויסען געווען מיט זיין „תקיעת־שופר". חסידים האָבען דאָס אויסגעטייטשט, אַז ער האָט בע־שיינפערליך פאָרגעזעהען דאָס אומגליק, וואָס קומט אויפ'ן לאַנד און אַז יודען קאָנען, ווי דער סדר־עולם איז, שטאַרק דערפון ליידען, האָט ער מיט'ן קול־שופר די הימלען געשטורעמט. יאָ, מלחמה — האָט ער געמענה'ט צום רבונו־של־עולם — אָבער זאָלען דיינע יודען נישט דאַרפען ליידען. און דאָס — זאָגט מען — האָט דער כענטשינער טאַקע אויסגעבעטען פון הימעל און די יודען האָבען אַזוי־אַרום גאָרנישט „דערלעבט" צו דער יאַפּאַ־נישער מלחמה.

און די זעלבע סצענע האָט זיך אויך איבערגע'חזר'ט אין זומער, איידער ס'איז אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה (1914).

שוין עטליכע חדשים פריהער האָט דער „כענטשינער" בּרעיש־עולם־געווען און איינגעלעגט וועלטען מיט זיין שופר.

דאָסמאָל האָט ער די גאַנצע צייט געבלאָזען שופר אין זיין סוכה. נאָך די תקעות פון „מאה קולות", פלעגט ער זאָגען „השכיבנו לשלום", און ווען ס'איז געקומען צום פסוק „ופרוס עלינו סוכת שלומך" אא"וו, האָט ער דערביי טייכען טרעהרען פערגאָסען.

דער עולם איז דערפון ווידער שטאַרק יעטראָגען געווען.

מען האט ווייטער באַשיידען אויסגעטייטשט דעם רבי'נס שופר בלאָזען, מען האָט זיך גערעכט, אַז עס קומט ווידער אַן אַ מלחמה אויף רוסלאַנד, אָבער וואָס און ווען האָט ווייטער קיינער נישט געוואוסט. דער רבי האָט עס קיינעם נישט מגלה געווען. נאָר די בינערע קרעכצען און זיפצען, וואָס ער פלעגט געבען נאָך יעדער תקיעה, האָבען געזאָגט זיין דער סימן אויף דעם רבי'נס רוח־הקודש, אַ סימן, אַז ער מוז אייגזעהן גרויסע גזרות און צרות אויף יודען, וואָס דאָס מלכות האָט ברעה צרויכצוגעבען און ער וויל זיי מיט כוח, מיט שטורם און תפילה מעביר־זיין...

אָבער דאַסמאָל האָט שוין דער בענטשינער בעשיינפערליך נאַרנישט געקענט אויסטהון מיט זיין שופר, די קולות פון די „צוויי־און־פערציגער" זענען געווען שטאַרקער פון זיין קול־שופר.

האָט אָבער דאַסמאָל געקענט דער בענטשינער נישט־קר קענדיג, וואָס יעדער ריחר פון אַ יודען בעת דער מלחמה איז געזאָרען אויסגעטייטשט אַלס „סיגנאַל" פאַר'ן שונא און עס איז פערבונדען געווען מיט לעבענס־געפאַהר, האָט זיך דער בענטשינער וועניג וואָס געטאַכט און ווייטער זיך הויזיג געבלאָזען שופר, תקיעות, שברים, תרועות אין דער סוכה.

האָט דאָס טאַקע דערוועקט ביי די צאַרישע שפיאָנען דעם חשד, צי דער רבי גיט נישט מיט זיין שופר סיגנאַלען די דייטשען, וועלכע זענען נאָך אייגענטליך גאַנץ וואיט געווען פון בענטשין, אַזוי, אַז אַ וואיט־שיסענדע האַרמאַט־קויל אפילו האָט נאָך נישט דערגרייכט אַהין.

אָבער די מורא האָט דאָך גרויסע אויגען. הערענדיג אין שטאָדט עפּעס גרויסע קולות פון אַ „טראָמפּייט", איז מען דאָך געלאָפען זוכען און טאַקע געטראָפען דעם „בענטשינער" זיצען אין דער סוכה, איינגעהילט אין טלית און תפילין און האַלטענדיג דעם שופר אין דער האַנד.

צום גליק איז שוין דאסמאל געווען אלול, ווען מען בלאזט שוין ביי יודען שופר ביים דאווענען אין דער פריה. ווייסענדיג, אז ביי יודען איז שופר־בלאזען אין די שוהלען אין דעם דאזיגען טאג א רעליגיעזע טראדיציע, האבען די רוסען דעם בענטשינער מוחל געווען זיין בלאזען און איהם נישט געטשעפעט. זכות־אבות איז איהם בייגעשטאנען — האט מען זיך איינגערוימט אויפ'ן אויער. אבער דער „בענטשינער" אליין האט זיך פון דעם דאזיגען „זכות" גארנישט קיין סך געמאכט. ער האט ווייטער געבלאזען שופר אין זיין בית־מדרש'ל מיט גרויס מסירת־נפש.

באלד דערנאך איז אבער געקומען א שרעקליכער בעפעהל, אז אלע יודען מוזען אונבעדינגט פערלאזען די שטאדט בענטשין מיט'ן רבי'ן צוזאמען און דאס דערפאר, ווייל יודען זענען פריינד פון די דייטשען און פערדאכטען דאס צארישע מיליטער.

יודען האבען געמוזט פערלאזען די שטאדט, איבערלאזענדיג זייער האב און גוטס אויף הפקר, אויף גאט'ס בערשאט.

בעת דער עוואקואציע, האט זיך דער בענטשינער איבער־געטראגען, צוזאמען מיט א גרויסען עולם, קיין קיעלץ.

דאס, וואס דער בענטשינער האט געהאט מיט א צייט פריהער איינגעזעהען ברוח־הקודש — האט דער עולם געזאגט — האט זיך טאקע פערווירקליכט. ס'איז דאך טאקע געקומען צו א מלחמה, וואס האט אבגעקאסט אונצעהליגע יודישע קרבנות, אהן א שיעור יודיש בלוט.

דערוויייל איז דער בענטשינער נסתלק געווארען אין קיעלץ, י"ח טבת תרע' (1916).

אין סבר האט איהם דער עולם אריינגעשריבען, אז ער זאל זיין א מליץ־יושר אין הימעל פאר אלע יודען און אויס'פועל'ן די גאולה שלמה.

באלד אויפ'ן ערב האט מען זיך אבגעגעבען מזל־טוב און

רעם בענטשינער׳ס זוהן, ר׳ יהושע העשעל, רב אין אָלקוש, איז געוואָרען דער ממלא־מקומו.

און די גאָלדענע קייט, וואָס עס האָט געשמידט דער „חוזה", איז געבליבען גאַנץ: די בענטשינער דינאַסטיע פיהרט ווייטער די לובלינער טראַדיציע.

מיט׳ן זעלבען שופר, וואָס ר׳ חיים שמואל פלעגט בלאָזען נאָך די צרות, וואָס די יודען האָבען איבערגעלעבט אין פוילען בעת דער מלחמה, ווערט נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג געבלאָזען אין די ימים־נוראים ביים אָלקושער...

# דער מאַגעלניצער

א.

דעם רבי'ן ר' חיים מאיר יחיאל פון מאָגעלניצע האָבן די חסידים געקרוינט מיט'ן נאָמען „שרף"...

זיין מוטער האָט געהייסן פּערעלע די רבי'צין. זי איז געווען דעם קאָזשעניצער מגיד'ס איינציגע טאָכטער. דעם רבי'נס פאָטער, ר' עזרא זעליג, איז געווען רב אין גרעניץ און האָט אויך געשטאַמט פון גרויסן יחוס.

דער קאָזשעניצער מגיד פלעגט מיטנעהמען זיין פּערעלע'ן נאָך אַלס קינד, צום רבי ר' אלימלך, אָבער כל־זמן ער, דער רבי ר' אלימלך, האָט געלעבט, האָט זי, פּערעלע, נישט געהאַט קיין מזל צו קינדער. זיי זענען איהר אַלע יונגערהייד אוועקגעשטאָרבען...

האָט דער מגיד איהר אַלס סגולה איהר געלאָזט מאַכען א בריצישען טאַק־פּאַלמאָ מיט צוועלף זילבערנע קנעפּ, צו זעקס אין דער רייה, אַזוי ווי עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע ביי די פּריצות — ווען מען דאַך זי האַלטען אויך פאַר אַנ'אויסנעלאַסענע און דאַן ערשט ווען זי קענען ברענגען אויף דער וועלט א זרע של קימא...

און די פרומע טאָכטער האָט אָנגעטהון אַזא „פּערשיים"

מלבוש, ווי איהר גרויסער פאטער האט איהר געהייסען און דאן האסע האט זי געבוירען דעם „שרף". דער רבי ר' אלימלך האט נאך ביים לעבען כרמז געווען, אז זי וועט ברענגען א גרויס ליכט אויף דער וועלט.

פון דער געבורט אן האט דער מגיד געהאלטען ביי זיך אין שטוב דאס אייניקעל, זיך מיט איהם געצאצקעט, געלערענט און געדאווענט און איהם ענטפלעקט סודות פון הימעל.

אזן ווען זיין חיים מאיד'ל איז אויסגעוואקסען, האט זיך דער רבי משדך געווען מיט'ן רבי ר' אלימלכ'ס אנ'אייניקעל, מיט דער טאכטער פון כמעלניקער רב ר' אליעזר.

שוין אלס יונגעל איז דער „שרף" געפאהרען קיין לובלין צום „חוזה", צום „אוהב ישראל", דעם אפטער א. א. שוין דער־מאלס האט מען געוואוסט, אז ער וועט זיין א מנהיג פון יודען, א רבי של בני הגולה.

פערעלע, זיין מוטער, האט זיך אליין געפיהרט מעשה רבי. זי האט געטראגען א טלית־קטן אונטער א לאנגער זיידענער שובע און מיט א זיידענעם נארטעל פערבונדען, גע'טובל'ט זיך יעדען טאג פאר'ן דאווענען, געפאסט יעדען מאנטאג און דאנערשטאג, געדאווענט איינגעהילט אין א גרויסען טלית פון קאפ ביז פיס, געלעגט תפילין און איהר געוויין ביים דאווענען איז געגאנגען עד לב השמים.

דער מגיד האט פון איהר שטארק געהאלטען און פלעגט היסען וייגע חסידים זיך אויך ביי איהר מזכיר־זיין און אין איין וועגס איהר געבען פדיונות.

אזוי ווי איהר פאטער, איז זי אויך געווען שטארק אנגעזעהן ביי דער פוילישער אריסטאקראטיע. פריצים פון פילעוו פלעגען איהר שיקען אויף יום־טוב כיבודים און גלאט מתנות פאר די ברכות, וואס זי האט זיי געגעבען און וואס זענען — ווי די לעגענדע זאגט — מקוים געווארען.

איהר מאן, דעם גרעניצער רב, אבער, האט דער קאזשעניצער רבי נישט צוגעלאזט צו דער מדרגה פון א רבי, ווארום ער האט זיך אמאל פאר איהם געקלאגט, אז זיין ווייב פיהרט זיך נישט כדרך כל הנשים, זי איז אבגעשיידט פון איהם און פיהרט מיט איהם א צעשטערט לעבן... — — —

דערפאר אבער האט גאט זיי געבענשט מיט א ליבטיגען זוהן, וועלכער האט איינגענומען די וועלט מיט זיין גרויסקייט און חסידות.

באלד ווי דער „שרף" איז געווארען רב אין גריצע, האט זיך צו איהם בעהאפטען א גרויסער חסידישער עולם, מאכענדיג איהם פאר זייער נייסטיגען מנהיג.

האבען אבער אויך איהם די קאצקער אנגעהויבען שטארק צו דערקוטשען אויף דעם חסידישען שטייגער. זיי האבען איהם געיאגט און געפלאגט, אויסגעלאכט און חוזק געמאכט פון זיינע חסידים. אבער נישט קוקענדיג דערויף, האט זיך וואס-אמאל פערגרעסערט זיין עולם.

ווערענדיג רב אין מאגעלניצע, האט דער רבי ר' מאיר יחיאל איבערגעטראגען אהין זיין רעזידענץ.

ב.

פון דער נאטור איז דער „מאגעלניצער" געווען פול הומאר, ער האט נישט ליב געהאט קיין עצבות און צעטראגענקייט, ווי ס'איז געווען דער פאל ביי א סך אנדערע רביים אין פוילען, ווי ביים „חוזה" און אנדערע.

צעטראגענקייט האט דער „שרף" ארויסגעוויזען צום ערשטען מאל אין דער צייט פון נאוועמבער-אויפשטאנד (1831)!

די שטעלונג פון די יודען צו דער דאזיגער פרייהייטס-בעוועגונג איז געווען פערשידען צוליב דער שטעלונג פון איהרע אנפיהרער (ווי גענעראל כלאפיצקי און אנדערע) לגבי די יודען בשעת דער „פאוסטאניע".

א׳ זעלבע חילוקי־דעות האבען אויך געהערשט אין די רבי׳שע קרייזן. א טייל פון די פוילישע רביים, למשל, דער קאצקער, האט זיך נאגאטיוו אינטערעסירט מיט׳ן אויפשטאנד. דער „חי־דושי הרי״ם" — זאגט מען — זאל האבען סימפאטיזירט מיט איהם, צוליב וואס די רוסישע מאכט האט איהם דאן ניט גע־וואלט בעשטעטיגען אלס געהילף־רב אין ווארשא.

אין דעם אויפשטאנד פון 1863 האט מען ווידער דעם „חידושי הרי״ם" תושד געווען, אז ער איז א שטארקער נענגער פון דער „פאוסטאניע", צוליב וואס די יודישע אקארעטישע יוגענד האט זיך געוואלט שארף מיט איהם אבדעכענען. נאר א דאנק די בעמיהונגען פון ווארשאווער קהלה־סעקרעטאר יעקב ראטוואנד, איז עס ניט צושטאנד געקומען.

אבער פון א סוויטעל, וואס מען האט געפונען צווישען די כתבים פון גריידיצער רבי, ר׳ אליהו גוטמאכער, געשריבען דורך דעם גבאי פון „חידושי הרי״ם" אין יאהר 1863, וואו ער בעט דעם רבי, ער זאל מיט זיינע תפילות משפיע זיין אויף דעם גע־רער צדיק, ער זאל זיך ניט ארייגלאזען צופיל מיט דער „שליאכטע", אז דאס קען ברענגען א גרויס אומגליק אויפ׳ן „הויף", איז צו זעהן, אז דער „חידושי הרי״ם" האט זיך יא געמישט אין די ענינים פון דער „פאוסטאניע". דאנעגען דער מאגעלניצער צדיק איז געווען אנ׳אויסגעשפראכענער נעגנער. ניט צוליב שנאה, חלילה, צו פוילען, נאר דערפאר, ווייל ער האט געהאלטען, אז צוליב פוילען׳ס שוואכקייט געגען אזא גרוי־סער מאכט ווי רוסלאנד, איז דער אויפשטאנד פעראורטיילט פון פאראויס אויף א דורכפאל און דער גאנצער כעס וועט דאן אויסגעגאסען ווערען אויף די יודען. האט ער דעריבער מתפלל געווען טאג און נאכט און אבגעהאלטען תעניתים, אז ס׳זאל זיך אלץ אויסלאזען בשלום און די יודען זאלען געהאלפען ווערען...

דערצעהלען די חסידים, אז ס׳איז איהם אין דער צווייטער

נאכט פון ראש־השנה תקצ"ב (1831) געקומען צו חלום א פויל־ישער פירשט, זיך שטארק אויף איהם געבייזערט און געבי־טערט, הלמאי ער האלט נישט אונטער מיט זיינע תפילות די פוילישע פאוסטאניע. דערפאר רופט ער איהם צו א משפט צום בית־דין של מעלה...

האט זיך דער „שרף" אויפגעכאפט א פערציטערטער און דערשראקענער פון שלאף, אבער ער איז גלייך צוריק איינגע־שלאפען...

קומט איהם צו חלום דער רבי ר' מענדעלע רימאנאווער און בערוהיגט איהם, ער זאל גאר קיין מורא נישט האבען פאר דעם פירשט, ווייל ער וועט איהם זיין צו הילף בעת'ן משפט פון בית־דין של מעלה.

איצט ערוואכט ווידער דער „שרף" פון זיין שלאף און, איבערנעהמענדיג זיך שטארק מיט די דאזיגע חלומות, געהט ער ארום די גאנצע ימים נוראים צערודערט און מרה־שחורה'דיג. די מקורבים, וואס זענען געווען קשואוינט צו זעהן דעם רבי'ן תמיד פרעהליך, זענען נבהל ונשתומם געווארען. זיי זענען שטארק צו איהם צוגעשטאנען, ער זאל זיי זאגען, פארוואס ער איז אזוי פער'מרה־שחורה'ט. האט ער זיי מגלה געווען דעם חלום, וואס ער האט געהאט דעם צווייטען טאג ראש־השנה. האבען די מקור־בים אויסגערעדט דעם בייזען חלום, מאכענדיג איהם א „הטבת־חלום".

און דער מאגעלניצער האט זיך בערוהיגט.

דער פוילישער פירשט האט איהם נישט מעהר דער־קוטשעט, נישט אין חלום און נישט אין דמיון. צו קיין דין־תורה צום בית־דין של מעלה האט ער איהם אויך מעהר נישט גערופען. ער האט זיך אינגאנצען פון איהם אבגעטשעפעט.

ג.

אין מאגעלניצער הויף האט מען געפראוועט די שבתים

און יום־טובים מיט גרויס עקסטאז און פרעהליכקייט. עס פלעגן זיך דא אפט צונויפזאמלען די גרעסטע צדיקים אין פוילען, די דביים ר׳ אליעזר קאזשעניצער, ר׳ עמנואל פשערבאזשער, דער „תפארת שלמה״, ר׳ בעריש וואלבאזשער, ר׳ ישראל יצחק ראד־דאשיצער, ר׳ סיני דאראמטער און נאך א סך אנדערע גדולים, וואס זענען געווען דעם מאגעלניצער׳ס מקורבים און תלמידים. בעזונדערס האט מען אין מאגעלניצע געפייערט און געפרייט זיך פורים ביי דער סעודה.

דער „שרף״ האט געמאכט פון אנ׳ארבעל פון זייגע א בעקעשע א מיצעל מיט א הויכען שפיץ, עס אנגעטהון אויפ׳ן קאפ און איבערגעצויגען איבער די אויגען, אויספיהרענדיג אזוי־ארום די ראלע פון א פורים־שפילער. אין דעם דאזיגען פאנטאסטישען הילוך האט ער זיך געשטעלט אין מיטען פון זיין בית־המדרש, אויפ׳ן ארט, וואו דער בעלעמער איז געשטאנען. די חסידים האבען ארום איהם געמאכט א רעדעל (עיגול) און, האלטענדיג זיך ביי די הענד, האבען זיי מיט גרויס התלהבות געזונגען, געהאפסעט און געטאנצט ביז׳ן העלען טאג אריין.

אין מיטען טאנצען האט דער מאגעלניצער אראבגעכאפט פון זיין קאפ דעם שפיצהיט און איהם א ווארף געטהון צווישען דעם עולם און ווער ס׳האט דאס גליק געהאט, אז דאס מיצעל זאל אויף איהם פאלען, דער איז שוין — אזוי האבען די חסידים זיך איינגערעדט — געהאלפען געווארען מיט אלעם, וואס נאר זיין הארץ האט בעגעהרט...

דאס דאזיגע שפיל האט דער רבי גערופען „פידקע״ (אפשר פון ווארט פדיון?) און די, וואס האבען זיך געוואלט בעטייליגען אין דעם פידקע־שפיל, האבען געמוזט אריינווארפען אין פאן א בלאנקען דרייער.

ביים ווארפען דאס מיצעל פלעגט דער „שרף״ שרייען אויפ׳ן גאנצען קול: „יודען, בעט, אז די „פידקע״ זאל הייגט גראטען...״

מאכט זיך א מעשה, אז א מאַגעלניצער חסיד האָט מיט־גענומען אויף פּורים צום רבי׳ן זיינעם א קרוב, וואָס האָט נישט געהאט קיין קינדער און האָט געדאַרפט געהאָלפען ווערען. יענער איז אָבער געווען א פערברענטער מתנגד. ביים טאַנצען ארום דער „פּידקע״ האָט דער חסיד, זיין קרוב, דעם מתנגד אריינגע־באַפּט אין רעדעל, אָבער ער האָט נישט געהאט אריינגעלענט אין דער יאַרמולקע ביים רבי׳ן דעם „דרייער״. וואָרפענדיג דאָס מיצעל האָט דער רבי גראָד געטראָפען דעם מתנגד. האָט דער „שרף״ זיך איינגעשפּאַרט און דאָס „געווינעכץ״ נישט אָנערקענט, ווײַ־ל ער האָט נישט געהאט איינגעשטעלט אין קאָן דעם דריי־ער. האָט דער מתנגד, בלית־ברירה, אריינגעלעגט אין דער קלפּי דעם דרייער און די „פּידקע״ איז געווען זיינע. ער האָט זי איצט שוין זוכה בגורל געווען.

אָבער מיטאָמאָל ווערט אין מאַגעלניצער הויף די פּרעה־ליבקייט אינגאַנצען פערשוואונדען און זי איז שוין, זינגט דער מאָלט, קיינמאָל מעהר נישט צוריקגעקומען.

וואָס איז אזוינס געשעהן?

אין מאַגעלניצע האָט גראַסירט א שווערע קראַנקהייט, האָט זי זיך אויך אריינגעכאַפּט אין סאַמע רבי׳נס הויף. די רבי׳צין, די גרויסע צדקות, איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען און נעשטאָר־בען. דער „שרף״ בעוויינט זי שטאַרק. א גרויסער טרויער האָט ארומגענומען זיין גאַנץ הויז. ער איז זי מספּיד ביים אָפענעם קבר. ער זאָגט איהר צו, אז זייערע נשמות וועלען ווייטער בלייבען בעהאַפטען. ער ווערט אויך אליין קראַנק. דער רבי׳שער דאָקטאָר, ר׳ חיים דוד בערנאַרד, פאָהרט איהם מבקר־חולה־זיין. ער וויל איהם פערשרייבען א רפואה בדוקה, וויל דער „שרף״ אָבער נישט געהמען. ער וויל נישט אָנווענדען קיין מיטלען גע־גען גאָט׳ס גזר־דין. ער איז דאָן דעם עולם זיינעם מגלה, אז זיין פּטירה וועט פּאָרקומען אין די טעג, ווען מען וועט לייענען

די סדרה „אמור", און מאָפע ב' פ' אמור ט"ו אייר תרמ' (1849) איז דער „שרף" נסתלק געוואָרען אין וואַרשאַ און דאָ אויך געקומען צו קבורה.

האָבען די מאָגעלניצער רבי'שאַפט צעטיילט צווישען זיך זיינע צוויי זיהן. דער עלטערער זוהן, ר' יעקעלע (יעקב יצחק), דער רב פון בלענדאָוו איז געוואָרען ממלא מקומו אין מאָגעלניצע (ער איז נפטר געוואָרען כ"ד סיון תרמ"ב) און דער צווייטער זוהן, ר' אלימלך, דעם ריזשינער'ס אַנ'איידעם, וויענדיג רב אין גראָדזיסק, האָט געשאַפען די אוור-גערופענע גראָדזישיסקער דינאַסטיע, וועלכע האָט זיך שטאַרק קונה-שם געווען אין דער חסידישער וועלט מיט איהר אייגענאַרטיגקייט און פאָלקסטימליכקייט. ר' אלימלך איז דער מחבר פון די ספרים „אמרי אלימלך" און „דברי אלימלך". ער איז נפטר געוואָרען א' ניסן תרנ"ב.

# דער ווילנער גאון

דער ווילנער גאון האָט זיך פערמאָסטען צוזיפנעהמען געלד אויף ישוב ארץ־ישראל; איז ער געפאָהרען פון דאָרף צו דאָרף און פון שטאָדט צו שטאָדט. קומענדיג אין א דאָרף אריין, האט ער זיך דערוואוסט, אז דאָ וואוינט א גרויסער גביר, איז ער צו איהם אריינגעגאנגען וועגען א נדבה פאַר ארץ־ישראל.

ווען דער גאון איז אריין אין דער שטוב, האָלטענדיג אונ־טער דעם אָרעם זיין באגאזש, וואָס איז בעשטאַנען פון טלית און תפילין און א משניות, האָט דער גביר איתם, דעם גאון, אָנ־גענומען פאַר עפּיס א שלעפּער און אים געפרעגט, וואָס ער זוכט דאָ ביי איהם...

האָט דער ווילנער גאון בתמימות דעם גביר געענטפערט, אז ער פערלאַנגט א נדבה פאַר ארץ־ישראל.

דער דאָרפס־גביר, וועלכער האָט קיינמאָל גישט געזעהען און נישט געקענט דעם ווילנער גאון, האָט איהם אויפ'ן אָרט אָבגעפּאַרטיגט, אז ער האָט נישט דאָ וואָס צו זוכען, ער גיט נישט. האָט נישט געגעבן און וועט איצט אויך נישט געבען קיין נדבה, אויף וואָס עס זאָל נישט זיין און ער קאָן זיך געזעגענען געזונדערהייט זיין וועגס...

האָט זיך דער ווילנער גאון פיין אָבגעזעגענט מיט דעם נגידישען דאָרפס־יוד און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אריין...

נאָך אַ ווײַלע פּיהלט זיך דער דאָרפס־גביר שטאַרק מיעד און שלעפּעריג פון דעם גאַנצען טאָג האָראָוואַניע און שפּאַרט זיך אָביסעל צו אויף דעם בעט.

חלומ'ט זיך איהם, אַז ער איז קראַנק און שטאַרבט אַוועק. זײַנע דריי זיהן שטעהען אַרום איהם און אַמפּערן זיך. וואָס מען זאָל טהון מיט דעם טאַטען, ער איז דאָך געשטאָרבען און מען מוז איהם קובר זיין. זאָלען זיי אַרייַנפיהרען איהם אין דער שטאָדט, וועט מען דאָך פון זיי רייסען אַ סך קבורה־געלד — זאָגט איין זוהן — וואָרום, מען איז דאָך אויף איהם שטאַרק אַנגעבלאָזען צוליעב דעם, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט קיין ווראָשען צדקה געגעבען. רופט זיך אָב אַ צווייטער זוהן: דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַז מען זאָל דעם פאָטער קובר זיין בײַ זיך אין דאָרף הינטער די שייערן, וועט מען פּטור זיין אַנ'עפּעס. האָט אָבער דער דריטער זוהן אַנדערש געַ'עצה'ט: אַז מען זאָל דעם פאָטער אײַנשמירען פון קאָפּ ביז די פיס אין בלאָטע און איהם דאַן אַרײַנשיקען מיט אַ גויאיש פוהרעל אין דער שטאָדט, הייסען דעם פּויער, אַז ער זאָל זאָגען, אַז ער האָט געפונען אויף זײַן פּעלד אַנ'אומבעקאַנטען ייד אַ מת, וועט מען איהם קובר זיין אָהן שום מענה־ומענה און אָהן קבורה־געלד...

האָט די דאָזיגע קלוגע עצה שטאַרק אויסגענומען בײַ די איבעריגע ברידער און מען האָט דעם טאַטען טאַקע אַזוי „זײַן רעכט" געטהון, אײַנגעשמירענדיג איהם פון קאָפּ ביז די פיס מיט כאָרנע און בלאָטע. און מיט אַ געדונגענעם פּויער אַרײַנגעשיקט אין דער שטאָדט קובר זיין, אָנזאָגענדיג איהם, דעם פּויער, אַז ער זאָל זאָגען, דאָס ער האָט דעם דאָזיגען טויטען ייד געפונען אויף זײַן פּעלד און איהם אַוועקגעפיהרט אין דער שטאָדט אַרײַן צו די יודען...

און אַרײַנברענגענדיג דעם ברמינן אין דער שטאָדט, האָט זיך די חברה־קדישה טאַקע באַלד גענומען אויפ'ן אמת'ן אופן איהם זײַן רעכט צו טהון, אָבער ווי דערשטוינט זענען געוואָרען

די מתעסקים, דערקענענדיג, אז דער „מת" איז דער בעקאַנטער דאָרפס־גביר, וואָס האָט גע'שמ'ט אין דער גאַנצער געגענד אַלס אַ גרויסער קמצן, וואָס האָט אָבגעלעבט זיינע אַלע יאָהרען מיט אַ שטיקעל טרוקען ברויט און קיין גראָשען צדקה, ביים לעבען קיינמאָל נישט געוואָלט געבען...

האָט מען תיכף אויפגעזוכט דעם פויער, וואָס האָט דעם מת געבראַכט אין דער שטאָדט אריין און געפינענדיג איהם אין דער שטאָדט־קרעטשמע, האָט דער עולם צוריק אָרויסגעלענט דעם בר־מינן אויף דעם פוהרעל און געהייסען דעם פויער צוריק איהם פיהרען, פון וואַנען ער האָט איהם גענומען...

די זיהן, הלום'ט דער דאָרפס־גביר ווייטער, רעכענענדיג, אַז זיי האָבען שוין זייער פאַטער אָוועקגעשיקט אויף „יענע וועלט", האָבען זיך שוין אָנגעהויבען איינצוטיילען מיט דער ירושה: איינער האָט זיך גענומען דעם קאַסטען גאָלד, דער צווייטער — די ערד, דער דריטער — עפּיס אַנדערש און די מוטער האָבען זיי איינקוואַרטירט אין אַ פינסטער שטיבעל, איבערלאָזענדיג נאָר איהר אַ קוה און אַ שטיקעל פעלד אויף קאַרטאָפעל און קרויט...

פלוצלינג אָבער ברענגט דער פויער דעם מת צוריק. אין איצט זייער האַרץ שיער אויסגעגאַנגען פאַר חלשות, מען האָט נישט געוואוסט, וואָס מען זאָל איצט טהון מיט דעם טויטען פאַטער; האָבען זיי טאַקע געהאַרכט די עצה פון דעם דריטען זוהן און אויסגעגראָבען אַ גרוב הינטער די שייערס, און — שפּירענדיג ווי מען לעגט איהם שוין אין קבר אריין און די זיהן פערשיטען איהם מיט דער ערד, דערוואַכט דער גביר פון זיין שרעקליכען חלום שטאַרק דערשראָקען און פערציטערט...

ער שרייט איצט צו זיינע זיהן, אַז זיי זאָלען געוואויר ווערען, וואוהין דער „שלעפער", וואָס איז ערשט דאָ געווען, איז געפאָהרען. ווען זיי דערוויסען זיך אויף וועלכען וועג ער האָט זיך געלאָזט, נעהמט דער אַזוי צעטראָגענער קמצן מיט זיי־

נע לייב־פערד נאָכיאָגען דעם ווילנער „שלעפער", און טרעפט איהם שוין אין גאָהענטען שטעדטיל, ביים ידישען פריץ אין דער שטוב.

האָט ער זיך אויך פאַר דעם הויז אָבגעשטעלט און אַריינ־געהענדיג צום פּריץ אין דער שטוב, האָט ער געזעהען, ווי דער בּלומר'שט'ער „שלעפער" זיצט דאָ אויבען־אָן ביים טיש און אַרום איהם די גרעסטע חשובים פון שטעדטעל. אויף דעם טיש געפינט זיך א גרויסע זילבערנע טאַץ מיט לעקעך און בראָנפען און דער עולם שיט מיט די רענדלעך אויף ישוב ארץ־ישראל...

בלייבט דאָך דער קמצן שטעהען אומדרייסט ביי דער טהיר פון פּריץ, ער האָט דאָך נישט די העזה ווייטער צו געהן, און קיינער רופט איהם אויך נישט צום טיש; האָבען דאָך אַלע געוואוסט, ווער און וואָס ער איז...

הערענדיג אָבער, ווי אַלע רופען אָן דעם פרעמדען מיט דעם נאָמען „גאון". האָט זיך דער דאָרפס־יוד געכאַפּט, אז יענער איז נישט קיין געוועהנליכער שלעפער, ווי ער האָט געמיינט, נאָר א גרויסער רב. מאַכט ער זיך איצט א האַרץ און דערנעהנטערט זיך צום טיש, וואו דער ווילנער גאון איז געזעסען צוזאַמען מיט דעם עולם.

דער גאון דעריקענט איהם, אז דאָס איז יענער דאָרפס־גביר, וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט איהם צו געבען א נדבה אויף ארץ־ישראל. ער דערקענט אָבער אין איהם, אז ער איז יעצט מהרהר בתשובה. איז ער, דער גאון, איהם, דעם דאָרפס־יוד, מקרב און בעט דעם קמצן צום טיש.

יענער דרוקט זיך דורך א וועג צווישען דעם גרויסען עולם און שיט אויס א גאַנצע קעשענע רענדלעך אויפ'ן טיש; אַלע אַנ־וועזענדע, וואָס האָבען דעם דאָזיגען דאָרפס־יוד געקענט פאַר א שרעקליבען קאַרגען און שלעכטען מענש, שטעלען אויף אויגען און אויערען. קיינער פערשטעהט נישט, וואָס ס'האָט מיט איהם פאַסירט, אז ער איז אויף איינמאַל אזוי פרייגעביג געוואָרען,

און קיינער פרעגט איהם אויך נישט, וואס דאס האט צו בעדייטען...

אבער דער „ווילנער גאון" האט דערביי א פערבארגענעם שמייכעל געגעבען, און דאס איז שוין געווען א בולט'ער בעוויין, אז דאס איז געווען א שפיצעל פון דעם גרויסען גאון...

די זיהן אבער, דערוויסענדיג זיך, אז דער פאטער וויי'ער האט אזוי פיעל געלד מיט אזא ברייטער האנד אוועקגעגעבען אויף א דבר־טוב, האבען זיך געווארפען אויף איהם, היתכן טאטע, האבען זיי געשריגען, וואס וועלען מיר האבען נאך דיין טויט, אז דו גיסט דאס גאנצע געלד אויעק פרעמדע?..

דערצעהלט ער איצט די זיהן דעם חלום, וואס האט זיך איהם געחלומ'ט נאך דעם בלומר'שטען „שלעפערס" אוועקפאהרען, ווי ער האט געזעהען מיט זיינע אייגענע אויגען, ווי זיי בעגראבען איהם נאך דעם טויט הינטער א קוה־שטאל, אנטהערענדיג איהם חרפות און בזיונות צוליעב געלד און איינספארענדיג אפילו איהם צו ברענגען צו קבר־ישראל. האט ער בעשלאסען — זאגט ער — בעסער שוין זיין געלד ביים לעבען פערטיילען אויף צדקה־זאכען און פאר ארץ־ישראל, כדי צו זיין מיט לייטען גלייך...

# דער טשאָרטקאָווער רבי

די פטירה פון דעם אין היינטיגן דור עלטסטן אין שטאַרק־אָנגעזעענעם טשאָרטקאָווער רבי, ר׳ ישׂראל׳טשע פרידמאַן, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פונ׳ם גרויסן רוזשינער רבי, דעם שעפער פון דער טשאָרטקאָווער דינאַסטיע — האָט מיך דערמאָנט אָן פאַלגענדען מלחמה־עפּיזאָד, וואָס האָט בשעתו אויפגערודערט די גאַנצע חסידישע וועלט.

דאָס איז פאָרגעקומען באַלד אין אָנהויב מלחמה, ווען די רוסישע אַרמעע אונטער דער אָנפירונג פון קיעווער גענעראַל איוואַנאָוו האָט מיט׳ן גאַנצען ברען אַריינמאַרשירט, אָהן שום ווידערשטאַנד, קיין מזרח־גאַליציען און אָקופּירט כּכּדר אַיין שטאָדט נאָך דער אַנדערער; אָנשטויסענדיג זיך אויך אויפ׳ן רבי׳נס רעזידענץ — טשאָרטקאָוו.

דער רבי ר׳ ישׂראל׳טשע איז גראָד ביים אויסברוך פון דער מלחמה, מיט׳ן גאַנצען בני־בית נישט געווען אינדערהיים, ווייַלענדיג אין די בעדער. אָבער דערהערענדיג, אַז די רוסישע אַרמעע דערנעהנטערט זיך צו דער שטאָדט, האָבען די מקורבים זיך צוגעאיילט. זיי האָבען דעם רבי׳נס אוצרות און טייערע חפצים פערפּאַקט אין דריי קאַסטענס און פערגראָבען זיי אין פּאַרק אויף אַ פערבאָרגען אָרט. דאָס דאָזיגע אָרט איז דאָן געווארען פערצייכענט און פערזייהט מיט פערשיעדענע פלאַנצונגען,

ווי קיינמאָל נאָרנישט.

דאָס איז, נאַטירליך, געווען אַ גרויסער סוד אַפילו פאַר די משרתים, וואָס האָבן געדינט אין רבי'נס הויף. אָבער ווי נאָר פּאָניע'ס מחנות זענען געקומען קיין טשאָרטקאָוו, האָט עמי־צער פון די קריסטליכע הויף־משרתים, וועלכער איז, אפנים, דערגאַנגען דעם סוד, גע'מסר'ט פאַר די צאַרישע חיילות און מען האָט דעם פאַרבאַרגענעם אוצר אויסגעגראָבן, און דאַן די קאַסטענס מיט די טייערע חפצים אָבגעשיקט פער'חתמ'עט, אונ־טער אַ מיליטערישער וואַך, קיין קיעוו, וואו מען האָט זיי בע־האַלטן אין אַ קלויסטער.

אין די קאַסטענס האָבן זיך געפונען, צווישן די טייערע גאָלדענע און זילבערנע חפצים, אויך די גאָלדענע מנורה, וואָס האָט געשטאַמט נאָך פון ריזשינער צדיק, דער קידוש־בעכער און פיעל אַנדערע אַנטיקען.

די חנוכה־מנורה איז געווען אַ זעלטן קונסט־ווערק, גע־מאַכט לויט דער מנורה, וואָס האָט זיך געפונען אין בית־המקדש. די מנורה האָט געמאַכט אַ וויענער ערסטראַנגיגער קינסטלער, און האָט אָבגעקאָסט שווערע צענדליגער טויזענדער רענדלעך.

דער גאָלדענער קידוש־בעכער האָט, ווידער, געזאָלט שטאַ־מען פון די טראַפּעזן, וואָס די רוימער האָבן פאַרכאַפּט אין די ציימען פון טימום הרשע.

אויף דעם קידוש ־ בעכער איז געווען אויסגעגראַווירט „יציאת־מצרים", די וואַנדערונג פון יודען אין דער מדבר, קבלת־התורה און אַנדערע בילדער פון דער תורה, וואָס האָבן אַ שייכות צו יענער צייט.

אויך די איבעריגע חפצים, וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן אין רבי'נס הויף, האָבן מייסטענס געהאַט אַ קינסטלערישן און היסטאָרישן ווערט. אַ סך מאָל זענען דעריבער די דאָזיגע חפצים געווען אויסגעשטעלט אויף די וויענער אויסשטעלונגען און זיי זענען פון פאַכקענער און בעזוכער שטאַרק בעוואונדערט

און געלויבט געוואָרען.

ווען די גלחים פון קיעווער מאָנאַסטיר האָבען געעפענט די דאָזיגע קאַסטענס און דערזעהען פאַר זייערע אויגען די דאָזיגע אַנטיקען, האָבען זיי צוליעב אומבעוואוסטע סיבות נישט גע־וואָלט צו זיי צולעגען זייערע הענד און אויך נישט געהאַט קיין גרויס חשק די דאָזיגע חפצים צו פערווענדען אויף ריטוע־לע צוועקען אין קלויסטער, האַלטענדיג איבערהויפט די מנורה און קידוש־בעכער פאַר הייליגע ספּעציעל יודישע רעליקוויען.

האָבען זיי די אַלע זאַכען צוריק פערפּאַקט אין די קאַס־טענס און זיך צו זיי נישט צוגעריהרט.

* * *

פון אַלע זייטען זענען דערווייל געמאַכט געוואָרען גרויסע אָנשטרענגונגען און השתדלות־ן ביי דער רוסישער מאַכט, ספּע־ציעל ביים גענעראַל איוואַנאָוו, וועגען צוריקגעבען די פערכאַפּ־טע חפצים פון טשאָרטקאָווער הויף. אָבער דאָס אַלץ האָט קיין שום פעולה נישט געהאַט.

אויך האָבען גאָרנישט געהאָלפען די אינטערווענציען פון די נייטראַלע מלוכות ביי די רוסישע דיפּלאָמאַטישע פערטרע־טער וועגען דעם, און די מקורבים פון רבי'ן האָבען זיך שוין אינגאַנצען מיאש געווען פון די חפצים.

דער טשאָרטקאָווער רבי, דערוויסענדיג זיך וועגען דעם דאָזיגען רויב, האָט זיך, אמת, שטאַרק מצער־געווען, אָבער זיך נישט מיאש־געווען דערפון. ער פלעגט יעדעס מאָל זאָגען זיינע מקורבים, ווען עס איז זיי אויסגעקומען צו רעדען מיט איהם וועגען דער דאָזיגער מנורה און די איבעריגע חפצים, אַז פאָניע וועט זיך נאָך בעטען מען זאָל ביי איהם צוריקנעהמען די קאַס־טענס מיט די חפצים.

דערווייל איז אונטערגעקומען חנוכה־צייט און ר' ישראל־כ'לע האָט נישט געהאַט קיין מנורה צו בענטשען חנוכה־ליכט. האָבען זיינע גבירישע חסידים, וואָס האָבען זיך אויך אין דער

מלחמה־צייט אויסגעהאלטען אין דער פרעמד, צונויפגעלעגט א גרויסע סומע געלד און ביי א ווינער קינסטלער געלאזט אויס־ פארטיגען פאר'ן רבי'ן א נייע חנוכה־לאמפ פון כסף־טהור. זיי האבען עס טאקע איבערגעגעבען צו דער ריכטיגער צייט אלס מתנה במקום חנוכה־געלד.

דער טשארטקאווער איז שטארק איבערראשט געווארען פון דער העררליכער מנורה און ער האט זיך געגרייט אנצוצינדען אין דער נייער מנורה דאס ערשטע ליכטעל מיט גרויס פאראד, מיט מוזיק און געזאנג, מיט טענץ און מיט א סעודה פאר די חסידים.

די חנוכה־פייערונג איז תמיד פארגעקומען אין טשארטקאוו מיט גרויס פרייד, אבער דאסמאל, אין דער פרעמד, איז די שמחה נאך געווען צוליב דער נייער מנורה.

ביי דער געלעגענהייט האט דער רבי דערמאנט די אלטע מנורה, וואס די רוסען האבען פערכאפט, און ער האט דערפאר זייערע יאהרען פערשאלטען. מען האט געווסט בעשייד־ פערליך, אז ר' ישראל'טשע האט געהאט דערפון גרויס עגמת־ נפש, אבער ער פלעגט זיך תמיד טרייסטען מיט דעם, אז ס'וועט קומען א צייט, ווען פאניע וועט האבען א גרויסע מפלה און מען וועט איהם נאך בעטען, אז ער, דער רבי, זאל צוריקנעהמען די חפצים זיינע.

דעם רבי'נס הערליכער פאלאץ אין טשארטקאוו איז געווען פערוויסט און פערניכטעט, זיינע חסידים — פעריאגט און פער־ טריבען, געיאגט אין דער גאנצער וועלט, און ווענען צוריק זיך בעזעצען אין טשארטקאוו האט קיין רייד נישט געקאנט זיין. דאך האט ר' ישראל'טשע נישט אויפגעהערט צו חלומ'ען און צו האפען וועגען צוריק אויפבויען די חורבות פון זיין רעזידענץ.

דערווייל האבען די הארכאטען ווידער אנגעהויבען צו „רעד־ דען" מיט זייער פייער־פלאמענדיגע צונגען אויף דעם גאליצ־ יאנער פראנט.

די פערבינדעטע ארמייען האבען אומגעריכטערהייד דורכ־

געבראַכט ביי גאַרליץ דעם רוסישן פראָנט (מאַי 1915). רוס־לאַנד האָט געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. די רוסישע אַרמעע האָט זיך גענומען אויפ'ן גאַנצן ברייטן און לאַנגען פראָנט צוריקציהען, ווערענדיג פאַרפאָלגט פון שונא. האָט מען גענומען „מפּשפּט זיין במעשים" און מען האָט זיך דערמאָהנט אַז די קאַסטענס הייליגע חפצים, וואָס מען האָט ביים טשאָרט־קאָווער צדיק צוגערויבט. האָט מען זיי גענומען אַרומזוכען און נאָך לאַנגע זוכעניש האָט מען זיי געפונען אין קיעווער מאָנאַס־טיר. איז אַרויס אַ בעפעהל, די קאַסטענס מיט אַלע זאַכען תיכף צוריקשיקען קיין טשאַרטקאָוו צום דאָרטיגען בירגערמייסטער.

מיט אַנ'עקספּרעס־צוג האָט מען זיי, אונטער אַ גרויסער שמירה, געבראַכט קיין טשאַרטקאָוו מיט דעם בעפעהל, אַז דער בירגערמייסטער זאָל די קאַסטענס פערמאַכטערהייט איבערגעבען אין רביג'ס הויף און אַרויפנעהמען אַ בעשטעטיגונג, אַז זיי זע־נען דערהאַלטען געוואָרען אין דער בעסטער אָרדנונג און אַז טשאַרטקאָוו האָט מער צו דער רוסישער מאַכט קיין טענות נישט.

דיזאָזינע בעשטעטיגונג האָט גענומען דער בירגערמייסטער באַלד צוריקשיקען מיט די זעלנער פון דער שמירה, וואָס האָבען געבראַכט די זאַכען.

---

די בשורה, אַז די רוסישע רעגירונג האָט פרייוויליג צוריק־געשיקט דעם טשאַרטקאָווער רביג'ס חפצים, האָט שטאַרק אױ־בערראַשט די וועלט. מען האָט נישט געוואוסט, וואָס איז אייגענטליך דאָ געשעהן, מען האָט די קאַסטענס פאַר די אויגען פון בירגערמייסטער געעפענט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס פעהלט גאָרנישט. האָט מען זיך צוגעאיילט דערפון מודיע צו זיין דעם רבי'ן קיין וויען, וואו ער האָט זיך דאַמאָלס ב־ ־ זיין גאַנצען הויף אויפגעהאַלטען. האָט דער רבי געהייסען אַריינשי־קען די חפצים צו זיך קיין וויען. דער עולם איז געקומען זעהן מיט די אייגענע אויגען דעם נס, וואָס איז געשעהן מיט דעם

רבּית'ס חפצים. געקומען זענען אויך אַ סך הויכגעשטעלטע לייט מיט זייערע פרויען צו בעטראַכטען די וואונדערפולע קונסט־אַנ־טיקען. אַלע האָבען אין דעם געזעהן אַ מופת.

אָבער וויפיל ער זאָל זיך נישט האָבען געפרועהט מיט דער צוריקבעקומענער גאָלדענער מנורה, האָט דער רבי קיין חנוכה־ליכט מער אין איהר נישט געצונדען, ווייל יונ'ישע הענד האָבען זי מטמא געווען. ווייטער האָט שוין דער טשאָרטקאָווער גע־בענשט נאָר אין דער זילבערנער מנורה, וואָס ער האָט בעקומען פון זיינע חסידים.

אָבער פאָניע איז שוין דאַמאָלס געווען איינגאַנצען פער־טריבען פון גאַליציען, און דער גענעראַל איוואַנאָוו איז אַרײַן אין דעמיסיע; דאָס אָבגעבען דעם טשאָרטקאָווער רבי'ן די מנורה האָט שוין אויך נישט געהאָלפען.

# די פשעדבאָרזשער דינאַסטיע

א.

דער רבי ר׳ ישעיה׳לע איז געווען איינער פון די 18 תלמי־דים פון רבי׳ן פון לובלין, דעם „חוזה", וועלכע זענען אליין גע־וואָרען רביים. ווען ער איז געקרוינט געוואָרען אלס רבי, איז ער אויך נעגאַנגען אין די דרכים פון זיין גרויסען רבי׳ן.

אין דער שטאָדט לאסק, ביי לאָדז, איז דער רבי געבוירען. ער שטאַמט פון א גרויס־יחוס׳דיגער רבנישער פאמיליע אין פוי־לען. זיין עלטער־זיידע ר׳ מאיר נעץ איז געווען רב אין לאסק און אין פעטריקאָוו און איז געווען שטאַרק אָנגעזעהען אין דער לומ־דישער וועלט. זיין פאָטער, ר׳ מאיר, איז איהם יונגערהייד גע־שטאָרבען, נישט איבערלאָזענדיג מעהר קיין קינדער, ווי איהם אליין.

דער אָרימער, פערוואָגעלטער יתום איז געגאַנגען אין די וועגען פון זיינע אבות, געלערענט ביים „עטרת־פז" און גע׳שם׳ט אלס לאמדער עילוי.

און קוים איז ער אלט געוואָרען 14 יאָהר האָט איהם א פשעדבאָרזשער בעל־הבית גענומען פאר אַן איידעם בתנאי, אז ער זאָל ווייטער זיצען און לערנען תורה לשמה.

אין פשעדבאָרזש האָט זיך ר׳ ישעיה׳לע בעקענט מיט׳ן ווהן פון דארטיגען מגיד, ר׳ יעקב יצחק, וועלכען מען האָט שוין דאַן

געוואָרן: דער „יוד הקדוש" און ביידע זענען זיי, מערקווירדיג זייערע ווייבער, געפאָהרען קיין ליסע לערנען אין דער ישיבה פון ר' דוד מעוועלע, וואו זיי האָבען געלעבט מיט „פת במלח", מיט א שטיקעל טרוקען ברויט און מיט א געלעגער אויף דער גאָלער ערד... ווען זיי זענען אהיימגעקומען קיין פּשעדבאָרזש נאָך עטליכע יאָהר לערנען אין ליסע, האָט זיי פערבעטן צו זיך דער „חוזה" (דורך ר' דוד לעלעווער).

אזוי ווי ר' ישעיה'לע איז געווען שטאַרק מפורסם אין דער לומדישער וועלט מיט זיין גאונות און חסידות, האָט מען באלד נאָך דער פטירה פון „חוזה" (תקע"ה), ווען דער עולם האָט זיך צעטיילט מיט דער „ירושה", אויך געקרוינט ר' ישעיה'לען אלס פּשעדבאָרזשער רבי. זיין חבר, ווידער, דער „יוד הקדוש", איז נאָך נתגלה געוואָרען בעת דער „חוזה" האָט נאָך געלעבט.

ר' משה לעלעווער, ר' דוד'לם א זוהן, ר' יאָסעלע נייישטעדטער, ר' אהרן קראָקאָווער, דער „תפארת שלמה" און נאָך אנדערע גרויסע לומדים און צדיקים זענען געוואָרען ר' ישעיה'לעס חסידים און „יושבים".

דער רבי ר' ישעיה'לע איז געווען כל ימיו א יושב אוהל, געפיהרט א בעשיידען לעבען. אלס שטאָדט־רב האָט ער געהאַט קוים בצמצום חיונה פון זיין קהלה, האָט ער געמוזט אויך נעהמען פדיונות, אָבער דאָס געלד, וואָס ער האָט צונויפגענומען פון די אָרעמע, פון די ביטערע הערצער, וואָס זענען צו איהם געקומען, האָט ער פערווענדעט אויף דברים שבצדקה. ווער ס'איז אריין צום רבי'ן ר' ישעיה'לע הונגעריג — דער איז ארויס זאַט.

די שטאָדט האָט געהאַט גרויס יראת הכבוד צו איהם. ניט אומזיסט: ער האָט אויף איהר זיין גאַנץ לעבען מכין געווען.

מען דערצעהלט נאָך היינט אין שטעדטעל וועגען איהם א זעהר כאַראַקטעריסטישען אנעקדאָט.

אַנומעלט זענען געקומען קיין פּשעדבאָרזש דייטשע טוב־מאַכערס (צוויי־דריי־פערע „סוקיעניקעס") און האָבען דאָרט געבען

דער פּיליצע אויפגעבויט א טוך־פאבריק, וואס האט אריינגע־
בראכט א סך שפע אין דער שטאדט.

דערפון האבען מייסטענס געגאסען יודען, וואָרום נישט־
קאנענדיג קיין אנדער שפראך, ווי דייטש, האבען זיך די דייר־
טשען געקאנט פערשטענדיגען נאר מיט יודען. נו, האבען זיך
די בעל־בת'ישע טעכטער מיט די דייטשען שטארק גע'חבר'ט
ארומשפאצירט מיט זיי פראנק און פריי איבער די גאסען און
דערביי איז אויך קארטאפעל אין פושעדבאזש טייער געווארען
און דער אריטאן האט נישט געהאט פארוואס צו קויפען קאר־
טאפלעס.

הערוויסענדיג זיך דערפון, האט ר' ישעיה'לע אויפגעהויר־
בען א שטורם געגען די יודישע טעכטער און זייערע עלטערן,
מוסר'ענדיג און שטראפענדיג זיי מיט הארבע רייד.

די דייטשען, דערהערענדיג, אז דער יודישער רבי שרייט
געוואלד, וואס די יודישע קינדער הבר'ן זיך מיט זיי, האבען צום
רבי'ן ר' ישעיה'לע אריינגעשיקט „גוטע פריינד", צוזאגענדיג
איהם א גרויסע אפותיקי, אבי ער זאל לאזען די יודישע מיידלעך
צורוה...

כאטש ר' ישעיה'לע איז געווען דעמאלט נאך א גרויסער
נצרך, האט ער, פערשטעהט זיך, מיט גרויס פעראכטונג אבגע־
ווארפען דעם דאזיגען פארשלאג און טאקע פערשאלטען די פאב־
ריק, אז זי זאל איינגעזונקען ווערען...

און מיט אמאל — דערצעהלט ווייטער די לעגענדע — האט
די ארבעט אין דער פאבריק טאקע אנגעהויבען גיהן בארג־אראב.
די בעלי־בתים פון דער פאבריק האבען נעמיוס אבגעשטעלען די
ארבייט, די ארבייטער זענען זיך צוליב דעם צעפאה־'עו איבער
דער וועלט און קארטאפעל איז טאקע אויך באלד ביליגער גע־
ווארען...

ווענען דעם דאזיגען מופת רעדט מען נאך היינט אין שטעד־
טעל און ווען דו קומסט קיין פושעדבאזש — קאנסטו נאך היינט

זעהען די איינגעפאלענע, מיט גראז און מאך־בעוואקסענע מויע־
רען פון דער מוך־פאבריק, וואס די דייטשע האבען אויפגעבויט
און וואס דער רבי ר' ישעיה'לע האט פערשאלטען. עס ווערט
אויך דערצעהלט וועגען דעם דאזיגען צדיק פאלגענדעס:

אין איינעם א פריהמארגען, אין דער צייט, ווען ר' ישעיה־
לע איז געווען רבי, האט די מאכט געגומען פאדערען, אז יעדער
יוד זאל זיך אויסוועהלען א פאמיליען־נאמען.

דער, וואס איז געווען דער ממונה איבער די „נעמען", האט
נאמירליך, דערביי אויך געזוכט א ביזן אבצולעקען.

ווען מען האט איהם קיין געלד נישט געגעבען, האט ער גע־
געבען א בעליידיגענדען, מיאוס'ען ביי־נאמען, כדי די פאמיליע
זאל זיך שעמען דערמיט...

און אט, ווען מען האט געפאדערט פון רבי'ן ר' ישעיה'לע,
אז ער זאל זיך אויסוועהלען א ביי־נאמען, האט ער זיך געהייסען
פערשרייבען: „וועלט־פרייד".

דער בעאמטער, וועלכער האט גוט פערשטאנען די בעדייד
טונג פון דאזיגען אויסדרוק, האט נישט געוואלט דעם דאזיגען
נאמען פערשרייבען, וועלענדיג דערפאר א ביסעל שוחד... דער
רבי, א גרויסער שונא־בצע, האט אבער קיין געלד איהם נישט
געהייסען געבען: דער בעאמטער איז דאן פלוצלונג געפעהרליך
קראנק געווארען און א צווייטער האט איהם דערוויל פערטרע־
טען. דער האט פערשריבען דעם רבי'נס נאמען „וועלט־פרייד"
אהן א שום ווידערשטאנד און אהן בעלוינונג...

מיט'ן רבי ר' ישעיה'לע האט זיך מאקע די גאנצע וועלט
געפרעהט, ער האט נישט געהאט נעגען זיך כמעט קיין מתנגדים,
ווי די אנדערע גוטע יודען אין זיין צייט.

מיט זיינע תפילות, זאגען חסידים, האט ער מבטל־געמאכט
א סך גזירות אויף יודען. ווער ס'האט נאר איבערגעטרעטען די
שוועל זיינע, איז שוין געהאלפען געווארען הן מיט פרנסה, הן
מיט אנדערע ישועות.

כל־זמן ר׳ ישעיה׳לע האָט געלעבט זענען די יודען און פשעדבאָזש געשוואוינען אין כל־טוב — אַזאַ שפע פון פרנסה איז געווען אין שטעדטעל.

ער זעלבסט איז געווען אַ שמח־בחלקו, און ווען ר׳ יעקל ווידאָמער האָט זיך בעוועגט אויף יענער זייט שטאָדט, אין דאָרף ווידאָמע, הינטער דער פּאָליצע, און אָנגעהויבען צו פיהרען רבי׳שקייט, געבענדיג ברכות און סגולות, האָט זיך ר׳ ישעיה׳לע דערפון גאָנץ ווייניג געמאַכט... אדרבה, זאָל נאָך אַ יוד, אַ צדיק, מגין־זיין אויף דער זינדיגער וועלט...

פונדעסטוועגען, ווען מען האָט איהם צוגעטראָגען, אַז ר׳ יעקעלע ווידאָמער חנפ׳עט זיך צו איהם, האָט ר׳ ישעיה׳לע גע־ענטפערט אויף האַלב פּויליש און האַלב יודיש: „טו יאס טו, „ותם" מה הוא אומר", — ד. ה.: דאָ ווי דאָ, אָבער ביי זיך וואָס זאָגט ער? ער האָט איהם דערמיט אויפ׳ן רבי׳שען שטייגער גע־וואָלט אַ שטאָך געגעבען אָנרופענדיג איהם: „תם".

אַנ׳ערך אין עלטער פון 75 יאָהר איז ר׳ ישעיה׳לע נפטר געוואָרען (ד׳ אלול תקצ״א).

ביי זיין קבר שטעהט אַנ׳אוהל. צו וועלכען דער פרומער עולם איז נאָך ביז־היינט עולה־רגל.

* * *

דער רבי ר׳ ישעיה׳לע האָט געהאַט נאָר אַנ׳איינציגען זוהן, ר׳ שמואל. נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער איז ער נאָך יונג געווען, דעריבער האָט ער נישט געוואָלט איבערנעהמען דאָס רבנות אין פשעדבאָזש.

האָט דערווייל פערטרעטען זיין אָרט ר׳ משה׳לע לעלעווער, און ער׳שט נאָך זיין אָבפאָהרען קיין ארץ־ישראל איז דער רבי ר׳ שמואל געוואָרען דער ממלא־מקום פון זיין גרויסען פאָטער.

אין עלטער פון 63 יאָהר איז ער נפטר געוואָרען אין וואַר־שא (כ״ז שבט תרכ״ה) און איז אויך דאָרט געקומען צו קבורת. זיין אוהל געפינט זיך נישט ווייט פון „וואַרקערס" „אוהל"...

זיין זוהן, ר' אברהם־משה'ל וועלטפרייד, וועלכער איז גע־וואָרען דער ממלא־מקום פון ר' עמנואל'ן, איז דורכגעגאַנגען אין זיין לעבען גרויסע נסיונות...

ווען ער האָט (אין יאָהר 1872) געוואוינט אין שטעדטעל סאָלעיאָוו, נעבען פּיאָטרקאָוו, האָט מען איהם געמאַכט אַ בלוט־בלבול.

ס'איז גראָד פון שטעדטעל אוועקגעקומען אַ שייגעצ'ל. דאָס איז געווען פאַר פּסח. האָט מען בעשולדיגט דעם „ראַבין", אַז ביי איהם האָט מען ס'קינד געשאָכטען „אויף בלוט צו מצות". דער המון איז בעפאַלען גראָד צום סדר דעם רבי'ן, מען האָט אַלץ אין זיין שטוב דערמאַלירט און צוגערויבט, מען האָט געריסען די פּאָדלאָגעס און די ווענד. ערשט ווען מען האָט דאָס שייגעצ'על געפונען צוזאַמענגעקרומבלאַנדזשען אין שמאַרט־וועלדעל, האָט מען די יודען מיט'ן רבי'ן בראָש אָבגעלאָזט פון אויג...

דערנאָך איז ער געוואָרען רבי אין פּשערבאָזש. האָבען וויר דער איהם צוליב געוויסע סיבות די דאָרטיגע „פּני" גע'רודפ'ט און פּעריאָנט פון שטעדטעל, צוליעב וואָס ר' אברהם - משה'ל האָט זיך מיט זיין הויף בעזעצט אין ראַפּשע, אַזוי, אַז מען האָט איהם אויך גערופען: „ראַפּשער רבי".

אָבער אויך דאָ האָט ער ניט געהאַט גרויס נחת, כאָטש די שטאָדט אַליין האָט איהם שטאַרק נוהג־כבוד־געווען.

צוערשט האָט איהם געטראָפען אַזאַ מין זאַך: אַ שבת־גוי'ע. פלעגט קומען הייצען ביים רבי'ן אום ווינטער אין אויווען. האָט זי די רבי'צין מכבד געווען על־פּי־טעות מיט אַ גלעזעל לאַ־יעק ( אַ סם, מיט וועלכען מען האָט פּאַרצייטענס געפּוצט דאָס קופּער), אָנשטאָט מיט בראַנפען, און די גוי'ע איז דערפון גע־שטאָרבען.

די אָרטיגע גויים האָבען זיך באַלד געוואָרפען אויפ'ן רבי'נס הויז, מען האָט געמאַכט אויספאָרשונגען א. אַז. וו., אָבער דעם רבי'ן איז געלונגען מיט פּערשיעדענע מיטלען דעם

כעס און צאָרן פון דער בעפעלקערונג איינצושטילן.

בעת דער מלחמה ווידער איז אויסגעקומען דעם אלטן רבי'ן מיט זיין הויף צו הונגער'ן. באנדיטן זענען בעפאלן מיט געווער אין דער האנד זיין וואוינונג, זוכענדיג געלד אין דער געפאנצערטער קאסע. דער רבי פערלאזט דאן ראָספּשע און בע־זעצט זיך אין פּיאָטרקאָוו. דערווייל האָבן זיינע פּשעדבאָזשער שונאים הרטה אויף זייערע אלטע זינד און, מפייס זייענדיג דעם רבי'ן, האָבן זיי איהם צוריק גענומען קיין פּשעדבאָזש, וואו דער רבי האָט זיך צוריק בעזעצט. דאָרט איז ער אויך נפטר געוואָרען כ"ב אלול תרע"ח אין עלטער פון 78 יאָהר.

כאָטש ער האָט פערזאָגט, אז מען זאָל איהם נישט קובר זיין אין „אוהל" פון זיין גרויסען זיידען, האָט אָבער א בית־דין גע'פסקנ'ט, אז איהם קומט הייליג דאָס אָרט.

דער רבי ר' אברהם־משה'ל איז געווען א גרויסער חכם. א גאנצע וועלט איז צו איהם געפאָהרען און אפילו קריסטען האָ־בען פון איהם שטאַרק געהאלטען.

א געוויסער גראף פון יענער געגענד, טורזאָבאָווסקי, האָט געאַרנישט געטהון, נישט האלטענדיג פריהער אַן עצה מיט'ן ראָספּשער „פּראָראָק". פיהרענדיג פּראָצעסען וועגען ירושה־מאַ־יאָנטקעס, האָט ער — ווי ער האָט שטענדיג דאָס בעטאָנט פאַר זיינע קריסטליכע פריינד — אין זכות פון ראָספּשער רבי'ן זיי אלע געוואונען...

און ווען ער האָט נאָך דער פּטירה פון ר' אברהם משה'ל אָנגעמאלט פערשפּיעלט א פּראָצעס, האָט ער, אויסהערענדיג דעם אורטייל, אין גרעסטער אויפרעגונג געשריגען אין געריכט, אז כל־זמן „זיין רבי" האָט געלעבט האָט קיין שום געריכט נישט געהאָט קיין שליטה איבער איהם. דערביי האָט ער זיך שטאַרק אַנגעוויינט...

נאָך ביז היינט בעזוכט דער דאָזיגער גראף דאָס קבר פון זיין רבי'ן און וויינט דאָרט זיך אויס זיין ביטער האַרץ...

אָהן דערמאָהנען „זכות־אָבות" האָט דער רבי ר' אברהם־משה'ל קיין ברכה און קיין סגולה קיינעם נישט געגעבן, אָנגעוויזן — אַנרו־פענדיק שטענדיק זיינע היילינע אָבות ביי די נעמען.

די דינאַסטיע פון ר' ישעיה'לע פשעדבאָרשער עגזיסטירט ביז היינט. דעם ראָספשער'ס זיהן זענען: דער פּאַביאַניצער און דער טאָמאַשאָווער רבי.

# דער וואָלבאָזשער רבי ר׳ בעריש

**א.**

דער רבי ר׳ בעריש וואָלבאָזשער איז געווען איינער פון די לעצטע פון אַלטען דור „גוטע יודען״ אין פוילען.

ר׳ בעריש איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקס״ג אין פיעטריקאָוו. זיין פאָטער, ר׳ משה טאַרנהיים איז געווען א פשוט־טער בעל־הבית, געהאַנדעלט מיט תבואה, וואָס ער האָט איינ־געקויפט ביי די פויערים און געלאָזט עס מאָהלען.

האָבענדיג נאָר אַן־איינציגען זוהן, האָבען ר׳ משה און זיין ווייב, בריינדעל, אָבגעשפּאָרט זיך פון מויל, געלאָזט זייער בער־ריש׳ל לערנען ביי די בעסטע מלמדים און דאַן איהם אוועקגע־שיקט קיין זגערזש לערנען ביים דאָרטיגען רב ר׳ שלום צבי כ״ץ.

דאָ האָט ר׳ בעריש וואָלבאָזשער געלערענט מיט גרויס התמדה. צו 18 יאָהר האָבען איהם זיינע פרומע עלטערן חתונה־געמאַכט מיט א טאָכטער פון א פּאָביאַניצער בעל־הבית.

באַלד נאָך דער חתונה האָט זיך אכתר מלכה, דאָס יונגע ווייבעל, געעפענט א געוועלבעל און איז געוואָרען די פרנסה־געבערין.

ר׳ בעריש׳ן ווערט אָבער נמאס צו עסען „להם־חסד״ פון זיין כשר ווייבעל, פאָהרט ער צום רבי׳ן קיין מאָגעלניץ און

דאָרט טאָקע, ביים מאָגעלניצער רבי'ן, זיצט ער אָב פון פורים ביז איבער סוכות ווערענדיג זיין „נושא־כלים".

אזוי לעבט אָב ר' בערישל אין פרישות און חסידות גאַנצע יאָהרען אין מאָגעלניץ און נאָך דעם מאָגעלניצער'ס פטירה ווערט ער א „יושב" אין קאָזשעניץ, ביים רבי'ן ר' אליעזר'ל, דעם קאָזשעניצער מגיד'ס אַנ'אייניקעל.

מאַר דער צייט ווערט ער מפורסם אין דער לומדיש־חסידישער וועלט אלס גרויסער צדיק. ווען ער איז נאָך געווען א „יושב" ביי זיינע רביים, האָבען יענע גוטע יודען געהייסען זייערע חסידים זיך ביי איהם מוכיח זיין. זייענדיג אָבער א גרויסער עניו, האָט ער זיך געהאַלטען ווייט פון פרסום און איז געווען א גרויסער „נחבא אל הכלים".

מען דערצעהלט, אז אַמאָל איז דער רבי ר' יצחק'ל וואָרקער שווער קראַנק געוואָרען. ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה קיין מאָגעלניץ, איז ר' בעריש'ל אַרויס אויפ'ן פרייען פעלד, אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און געבעטען גאָט, אז ער זאָל ליבערשט איהם צונעהמען, איידער דעם וואָרקער צדיק. וואָרום — האָט ער געטענה'ט מיט'ן רבונו של עולם — דעם רבי ר' יצחק'ל דאַרף דאָך די וועלט האָבען און אָן איהם, ר' בעריש'ן, קען זיך די וועלט בעגעהן...

און ווען דעם וואָרקער איז דערנאָך טאָקע בעסער געוואָרען, האָט זיך ר' בעריש געזעגענט מיט'ן מאָגעלניצער און איהם דער־ביי דערצעהלט די גאַנצע מעשה, אז ער גרייט זיך איצט צו שטאַרבען צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעבאָטען פאַר א קרבן דעם רבונו של עולם ביים לעבען...

דער מאָגעלניצער, דערהערענדיג די דאָזיגע מעשה, האָט איהם געטרייסט און געהייסען איהם פערבלייבען, וואָרום אין פסוק שטעהט: „ברוך פודה ומציל", ד. ה. גאָט לייזט אויס פון טויט און איז אויך מציל דאָס לעבען פון דעם, וואָס וויל יענעם

אויסלייזען... און ר' בעריש'ל הערענדיג די רייד פון זיין גרויד סען רבי'ן האָט זיך בערוהיגט און געטרייסט און האָט ווייטער עוסק געווען אין תורה און עבודה מיט גרויס התמדה און מסירת נפש.

ב.

אין זיין צייט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען דאָס קליינע שטעדטעל וואָלבאָזש. אין דעם דאָזיגען שטעדטעל האָבען יודען פריהער נישט געטאָרט וואוינען, ווייל עס האָט געהערט צו די גלהים. בעזעצט, אָבער, האָבען זיך די יודען אויף בריצישער ערד הינטער דער שטאָדט, אויף וועסאָלע. האָט אסתר מלכה פערלעגט איהר קליין קלייטעל אין וואָלבאָזש. ר' בעריש'ל פלעגט פון צייט צו צייט קומען אהיים צו זיין בני־בית. ער גריכ־ דעט דאָרט אין אלול תקצ"א די „חברה־קדישא" און „בקור־ חולים", ער שרייבט אונטער די „תקנות" פון דער חברה, לויט וועלכע מען האָט געמוזט אָבצאָהלען דער חברה־קדישא פאַר קובר זיין א מת א ספּעציעלען אָבצאָהל (קאָזשעבאַלעין). א געוויסע צייט איז ער בכבודו ובעצמו גבאי פון דער חברה, פיהרענדיג זיך, ווי א געוועהנליכער בעל־הבית אין דער שטאָדט.

און ווען די שטאָדט קלויבט איהם אויס, אין עלטער פון 39 יאָהר, פאַר א רב און ער ווערט א שטענדיגער תושב אין וואָלבאָזש, הויבען זיך אָן צו שטעהן צו איהם פון אַלע עקען פוילען חסידים און סתם בעלי־בתים און דערזעהט זיך פלוצלונג אַלס רבי. א גרויסער עולם פון קאָזשעניץ האָט זיך אויך איבער־ געטראָגען צו איהם און דער רבי ר' בעריש פון וואָלבאָזש האָט אָנגעהויבען צו שמ'ן ווייט און ברייט אַלס גרויסער בעל־מופת.

ביי דעם אַלעם האָט אסתר מלכה, די רבי'צין, ווייטער גע־ פיהרט איהר אַלטען קלייטעל; ביי דער „בערקאָוויטש" — אַזוי האָ־ בען זי גערופען די פּויערים — האָט דאָס פּויערים־פאָלק אַלץ איינגעקויפט, גלויבענדיג, אַז אין זכות פון איהר הייליגען מאַן, וועלען אויך זיי געהאָלפען. זיי פלעגען איהר געבען צו לייזען

און נאָר געהאַלטען פאַר אַ זכיה צו קומען בײַ איהם.

פון דעם געשוועלבעל האָט די רבי'צין געמאַכט אויסהאַלטען דאָס הויז. דער רבי ר' בעריש האָט איהר נאָר צושטײער געגעבען עטלכע רובל אַ וואָך. דאָס גאַנצע געלד, וואָס ער פלעגט בעקו־מען אַלס פדיונות פון זײַנע חסידים, האָט ער פערטײלט צווישען נצרכים.

אַ שטיק צײַט האָט ער געפאַסט פון שבת צו שבת, פער־בײַסענדיג בלויז מיט אַ ביסעל פירות.

ער פלעגט מאַכען קידוש מיט אַ בעכער, אויסגעאַרבײַט פון שטײַן אין ארץ־ישראל און אויפן בעכער פלעגט ער בײַם קידוש אַהײַמוזעצען אַ טײַערע זילבער־נע קרוין, זאָגענדיג דערבײַ: „מיר קרוינען היינט ארץ־ישראל". פון דער הבדלה האָט ער שוין נישט טועם געווען, מכבד־זײַענדיג אַ צווײַטען מיט'ן אויסטרינ־קען דעם ווײַן און וויצלענדיג זיך דערבײַ אויף האַלב פויליש, האַלב יודיש, ווי דער שטײנער איז געווען בײַ די פוילישע „גוטע יודען" פאַרצײַטענס: „צאַ קידוש — מאַ חידוש, צאַ הבדלה — ווײעלקיע מפלה"...

מען האָט געמוזט אַבשטעהן אַ סך טעג און נעכט ביז מען האָט געקאָנט אַנקומען צו איהם. און אָנגענומען האָט ער ערשט נאָך האַלבער נאַכט, נאָכ'ן אַבריכטען „חצות", אין דעם בוידעם־שטיבעל, וואָס האָט זיך געפונען איבער זײַן בית־מדרש.

דאָרט פלעגט דער רבי ר' בעריש זיצען און האַבען התבוד־דות און אַ מחיצה פלעגט איהם אַבטײלען פון עולם, וואָס האָט געזוכט בײַ איהם הילף.

ער פלעגט שטאַרק מוכר'ן דעם עולם, יערען געלערענט און אָנגעוויזען דעם ותג פון תשובה, תפילה און יודישקײט־האַלטען.

ג.

אַנימעלט האָט מען בעמערקט — דערצעהלט מען אין וואָל־באָזש — אַז צווישען דעם גרויסען עולם מענער און ווײַבער, וואָס פלעגען זיך צונויפוזאַמלען פאַר'ן רבי'נס חדר־מיוחד, איז

אויך געשטאַנען נאָנט רוהיג אַ גרויסער קוקלאַטער געלער הונד, וועלכער האָט געוואַרט, אַז מען זאָל עפענען דעם רבי'נס טהיר.

דער עולם האָט געפרובט דעם דאָזיגען הונד צוועקיאָגען, אָבער נישט מיט גוטען און נישט מיט בייזען האָט זיך נישט איינגעגעבען איהם אָבצוטאָגען פון רבי'נס הויז. דער כלב האָט אָנגעהויבען טורא'ריג צו וואָיען און צו בילען, ווי ער וואָלט זיך געבעטען ביים עולם, אַז מען זאָל איהם לאָזען דאָ שטעהן.

ווען דער גבאי ר' דוד'ל האָט וועגען דעם צווויסען געטהון דעם רבי ר' בעריש'ל, האָט ער, דער רבי, געהייסען לאָזען דעם הונד שטעהן ביי זיין טהיר... און יעדען פרייטאָג־צו־נאַכטס האָט זיך דער דאָזיגער הונד אַריינגעגנב'עט אויף אַלע פיר אין רבי'נס שטוב אַריין און זיך געלעגט אונטער'ן טיש, וואו דער רבי איז געזעסען. דער רבי ר' בעריש פלעגט איהם געבען אַ שטיק חלה איינגעטונקט אין וויין פון קידוש. אויך צומאָרגענס האָט דער רבי איהם געגעבען אַ פּאָר טראָפּענס וויין פון קידוש און אפילו פון דער הבדלה. ערשט נאָך הבדלה האָט דער חתר פערלאָזט דעם רבי'נס שטוב, כדי ווידער צו קומען דעם צווייטען פרייטאָג פאַר'ן רבי'נס הויז. ווען עמיצער האָט איהם געוואָלט פון דאָרט פעריאָגען — האָט ער שטאַרק געיאָמערט און גע־וואָיעט...

אַמאָל האָט זיך דער רבי ר' בעריש עפעס צו לאַנג אויפ־געהאַלטען מיט דער „המוציא" פאַר'ן הונד. איז זיך דער הונד אַרויסגעקראָכען פון אונטער'ן טיש און אַרויסגעכאַפּט די „מוציא" פון רבי'נס האַנד. — צוּא הוצפּה האָסטו שוין? — האָט דער רבי צום הונד אַ געשריי געטהון. — אויב אַזוי — געה דיר שוין אַרויס פון מיין שטוב אין דיין רוה אַריין"...

און פון יענעם פרייטאָגצו־נאַכטס אָן האָט זיך דער הונד מעהר נישט געוויזען פאַר'ן רבי'נס הויז.

דעם גבאי האָט דער רבי מוסר־סוד־געווען, אַז דער הונד איז געווען אַ גלגול פון איינעם אַ פעלדשער, דוד אַפּאָטשנער.

יועלכער האָט די יורען געבּרענטע צרות אָנגעטהון און ערשט דורך איהם האָט ער בּעקומען זיין תיקון...

ווייטער ווערט דערצעהלט, ווי ר׳ בּעריש וואָלבּאָזשער האָט מחזיר־למוטב־געווען אַ לאָדזער יוד, וואָס איז געווען אַ גרויסער נביה, אָבער אויך אַ גרויסער גראָבער יונג און בּעל־עבירה׳ניק. גערופען האָט מען איהם אברהם פּויער.

האָט דאָס וויבּ זיינס אָנומעלט זיך צוגעזעצט צו איהם, אַז ער זאָל פאָהרען קיין וואָלבּאָזש ועגען אַ תיקון פאַר זיינע זינד. איז אברהם פויער געקומען קיין וואָלבּאָזש פאַר די ימים־נוראים, מיטברענגענדיג דעם רבי׳ן טייערע מתנות: אַ שטיק זויס אויסלענדיש זייד אויף אַ כאַלאַט, אויסגענייהט מיט זיל־בּער (דער רבּי ר׳ בּעריש האָט געטראָגען מלבושים געמאַכט פון ווייסען זייד און אַרומגענייהט מיט זילבּערנע טרעסען), אַ טייערע ליולקע פון פּערעלמוטער און אַ זילבּערן שיסעלע צום עסען.

דער וואָלבּאָזשער האָט אָבער פון דעם בּעל־עבירה׳ניק גאָר־נישט געוואָלט וויסען און נישט געוואָלט צוגעהמען פון איהם די מתנות, בּיז ער וועט נישט תשובה - טהון אויף זיינע בּייזע מעשים.

אברהם פויער האָט תחילת זיך געפּיהלט זעהר פערשעמט פון רבּי׳נס רייד, אָבער דערנאָך איז ער איינגעגאַנגען אויף דעם צדיק׳ס רצון און איז שוין פערבּליבּען אין וואָלבּאָזש און תשובה־געטהון, געוואָרען בּיים רבּי׳ן אַ פּראָסטער האָלץ־העקער און וואַ־סער־טרעגער. און אַזוי האָט ער שוין בּיז צום טויט אָבּגעלעבּט מיט טרוקען בּרויט און וואַסער, שלאָפענדיג אויף דער גאָלער ערד אין רבּי׳נס בּית־מדרש.

אַזעלכע בּעלי־תשובה׳ם און פערבּלאָנדזשעטע נשמות האָט מען געקאָנט זעהען אין וואָלבּאָזש אַ סך. זיי אַלע האָבען בּיים בּעל־מופת געזוכט אַ תיקון.

צוריק מיט 140 יאָהר — דערצעהלט מען — ווען ס׳איז אויסגעקומען דעם „יוד הקדוש” בּעת זיין אָבּריכטען גלות צו

קומען אין בעגלייטונג פון זיין נשא־כלים ר׳ דוד לעלעווער קיין וואלבאזש און ער האָט דאַרט קיין שום יוד נישט געטראָפען, ווייל עס איז נישט געבליבן געווען יודען דאַרט צו וואוינען, האָט דער „יוד הקדוש״ געהייסען בכפיע, אז די יודען זאָלען זיך דאָ בעזעצען און נישט קוקען אויף די אַלע חומרות און גזי־רות פון מלכות, וואָרום אויף דעם צרט וועט אויפשיינען א גרויס ליכט. וואָס וועט בעלויכטען די וועלט.

דאָס איז געווען דאָס ליכט פון ר׳ בעריש וואַלבאַזשער.

ר׳ בעריש איז נפטר געוואָרען אין ב׳ מרחשון תרל״ח, זייענדיג איינגאַנצען אַלט 75 יאָהר.

צו קבורה איז ר׳ בעריש וואַלבאַזשער געקומען אין פיעט־ריקאוו, וואוהין ער האָט זיך געהייסען איבערפיהרען נאָך דער פטירה, וועלענדיג ליגען נעבען זיינע אבות, וואָס זענען געקומען צו קבורה אויפ׳ן פיעטריקאָווער בית־החיים.

דעם גאַנצען וועג פון וואַלבאָזש ביז פיעטריקאָוו, א קיטאַ־לן פון 14 קילאָמעטער, איז געשטאַנען אויסגעשטעלט א שפאַ־לער מיט יודען און מען האָט דעם וואַלבאַזשער צדיק געטראָגען מיט זיין מיטה. דער רבי ר׳ בעריש האָט נאָך זיך נאָרנישט אי־בערגעלאָזט און צלע זאַכען און ספרים האָט מען געמוזט פער־קויפען צו דעקען זיינע חובות. דערפאַר איז נאָך איהם פערבלי־בען א גרויס חיבור אויף תורה, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבען אין יאָהר תרע״ב זיין אייניקעל, דער מושינער רב, ר׳ חיים ברוך דעמבינסקי, אונטער׳ן נאָמען: „עבודת יששכר״.

זיין עלטסטער זוהן איז געוואָרען דער ממלא־מקום פון זיין גרויסען פאָטער. צו איהם איז אויך געפאָהרען א גרויסער עולם. א צווייטער זוהן, ר׳ עקיבא מאיר, איז געוואָרען זוהן אין ליקאָוו.

ר׳ יעקב משה האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט מיט זיין גרויס צדקות און פרומקייט, געהענדיג אין די דרכים פון זיין פאָטער.

ביי זיך אין שטוב האָט ר׳ יעקב משה געהאַלטען טייערע

גאנארקעס, וועלכע האבען אלע ענטציקט מיט זייער שעהן זינ־
גען און חסידים זאגען, אז דאס האט דעם רבי'ן גישט איינמאל
בעגייסטערט צו עבודת־הבורא.

די דאזיגע קאנארקעס האט ר' יעקב משה שטארק אבגע־
היטען, זיי אליין צו עסען און טרינקען געגעבען אא"וו.

אונטער'ן געזאנג פון די קאנארקעס — פלעגט ער אויך
אויפנעהמען דעם עולם, וועלכער פלעגט, אגב, אויך ביי איהם
מוזען אבשטעהן שעה'ן־לאנג ביז זיי האבען געקאנט צו איהם
צוקומען.

ער איז נפטר געווארען י"ד כסלו תרע"ח, זייענדיג 89 יאהר
אלט. איבערגעלאזט האט ער צוויי זיהן. אייגער, ה' אלעזר מאיר,
איז געווארען זיין ממלא־מקום. ער איז נפטר געווארען אין זדוני־
סקע־וואלע (אדר, תרפ"ט). דער צווייטער זוהן, ר' צמח, איז רב
אין בעלכאטאוו.

# דער אסטראָוצער

### א.

איינער פון די געצעהלטע ליכטיגע נעשטאַלטען פון פּוילי־שען חסידות אין דער ער־שטער העלפט פון צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט איז דער אָסטראָווצער רבי ר׳ מאיר יחיאל הלוי ז״ל.

זיין פאָטער, ר׳ אברהם יצחק, א בייגעל־בעקער אין שטעד־טעל צובין (נעבען וואַרשא), האָט קיין זוהן נישט געהאַט. האָט דאָס ווייב, די בייגעל־בעקערין חנה ביילא, אָבגעשלאָגען די שוועלען פון דעם רבי ר׳ אשר׳ל אין פּשיסכע, דעם „יוד הקדוש׳ס" א זוהן, אז ער זאָל פאַר איהם מתפלל זיין און זי אין מאַקע נעבענטש געוואָרען מיט א בן־זכר.

זייענדיג אין די הויכע חדשים, — דערצעהלט די פאָלקס־לעגענדע — איז זי ווייטער געלאָפען צו דעם רבי ר׳ אשר׳ל וועגען א ברכה, און ווי ער האָט זי דערזעהן, האָט ער זיך פאַר איהר אויפגעשטעלט, הייסענדיג דעם יונגעל, וואָס זי וועט גע־בוירען, א נאָמען נעבען מאיר יחיאל, וואָרום ער וועט בעלויכטען מיט זיין תורה די וועלט.

אין יאָהר תרי״א האָט דער רבי ר׳ מאיר יחיאל צום ער־שטען מאָל דאָס ליכט פון דער וועלט דערזעהן אין יענעם פער־וואָרפענעם שטעדטעל צובין, און קוים ער האָט פערלאָזט די מוטערס שויס, האָט איהם דער גראָדזיסקער צדיק, דער רבי ר׳

אלימלך, צו זיך גענומען און איהם ערצויגען לתורה ולעבודה.

ער צייכענט זיך אויס שוין אלס קינד מיט גרויס התמדה און עילוי׳שקייט אין לערנען און מען קרוינט איהם מיט דעם נאמען „צובינער עילוי״.

גאנץ יונג מאכט איהם זיין פאטער חתונה מיט דער מאכ־טער פון ר׳ אברהם׳לע ווארקער, וועלכער האט אויך גע׳שמ׳ט אלס א גרויסער למדן.

ער האלט זיין געראטענעם איידעם ביי זיך, ער איז איהם מאכל ומשקה און ווען ער איז געווען קוים 22 יאהר אלט, האט זיך שוין די יודישע וועלט געריסען דעם רבי ר׳ מאיר יחיאל צו האבען ביי זיך אלס רב.

דאס ערשטע רבנות נעהמט ער איבער אין סקיערניעוויץ. ער פערלענגט דא א גרויסע ישיבה. זיין גדלות אין ים־התלמוד וואקסט פון טאג צו טאג, אבער דא האט איהם געטראפען דאס גרויסע אומגליק: ער האט פערלוירען זיין אשת־נעורים, דאס ערשטע ווייב.

דער גראדזיסקער צדיק הייסט איהם ווייטער א שידוך טהון. האט ער חתונה געהאט מיט א צווייט ווייב פון פיאטר־קאוו, מיט ר׳ ברוך שידלאווסקי׳ס א טאכטער. תחילת האט זי נישט געוואלט מסכים זיין אויף דעם שידוך, זי האט נישט גע־וואלט זיין א רבי׳צין, איז זי דאך געווען אין דער היים א גאנ־צע בריה׳טע, פיהרענדיג א גרויס שניט־געוועלב.

ענדליך האט דער פאטער ביי איהר אויסגע׳פועל׳ט איהר הסכמה. אינצווישען האט די שטאדט אסטראוויצי איהם, דעם רבי ר׳ מאיר יחיאל, אויפגענומען אלס רב (תר״ם״ט).

דער „גראדזיסקער״ האט געוואלט זאגען, אז „די אסטראוו־צער בלאטעס זענען נור פאר זיינעטוועגען״. אין אסטראוויצע האט ער אויך פערלענגט א גרויסע ישיבה, און פיעל בחורים האבען זיך בעשעפטיגט ביי איהם אין הויז. דער רבי ר׳ מאיר יחיאל שמ׳ט אלס גרויסער גאון, פון ווייט און ברייט ווערעט

מען זיך צו איהם מיט שאלות להלכה און ער איז דער פוסק.

און ווען דער גראדזיסקער צדיק איז נפטר געווארען (תרנ"ב), האט זיך א גרויסער עולם געהאפטען צום רבי ר' מאיר יחיאל. ער איז שטארק איינגע'עקשנ'ט, ער וויל נישט ווערען קיין חסידישער מנהיג. דאך האבען די חסידים, זייענע געהענגער'ס, גובר געווען און ער האט אנגענומען צו פיהרען רבי'סטווע. זיינע חסידים זענען געווען מייסטענס לומדים, חשו־בים און נגידים.

ב.

שווערע צייטען איז אויסגעקומען דעם אסטראווצער רבי צו איבערלעבען אין דער וועלט־מלחמה.

דאס אויסברעכען פון דער דאזיגער בלוטיגער מלחמה, וואס האט געקאסט דאס לעבען פון טויזענדער, טויזענדער יודען, האט דער גרויסער צדיק כמעט פאראויסגעזעהן און פאראויס־געזאגט.

ער האט ראש־השנה פאר תקיעת־שופר, א יאהר פריהער, שטארק מרעיש עולם געווען ביי דעם פסוק: „קולי שמעת אל תעלם אזנך לרוחתי לשועתי" (דו פלעגסט שטענדיג הערען מיין שטים, פערבארג נישט איצט דיין אויער צו מיין רעטונג און געשריי), האט זיך דער קדוש שטארק צעוויינט, וואס ער פלעגט נישט טהון אין די פריהערדיגע יאהרען.

דער עולם, וואס האט בייגעוואוינט זיין השתפכות הנפש אין דעם דאזיגען מאמענט, איז געווארען דערציטערט, מען האט זיך געריכט אויף עפעס בייזע אנטיסעמיטען אדער בייזע גזירות אויף יודען, וואס דער גרויסער גאון דעהט איין בחוש ועין...

די זעלבע סצענע האט זיך אויך איבערגע'חזר'ט שבת שובה תרע"ד.

ווען דער אסטראווצער רבי איז ארויפגעגאנגען אויף דער בימה אין דער שוהל צו האלטען די טראדיציאנעלע דרשה, האט ער זיך ווידער שטארק צוויינט און געזאגט אויס'ן קול, אז...

דער ער האָט נאָך אָנגעהויבן עפּיס צו זאָגן;

דער גאַנצער עולם האָט זיך אויך שטאַרק צוכליפּעט אין אַ גרויס געוויין, אַזש מען האָט עס געהערט אויף דער גאַס.

דאָס האָט געדויערט עטליכע מינוט און, בעהערשענדיג זיך, האָט דער גאון געזאָגט צום עולם: „יודען, מען לאָזט מיך היינט אין הימעל נישט זאָגן אייך קיין מוסר, ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ יאָהר ס'גערט אויף אונז".

„לאָמיר תשובה טהון!" — האָט ער געשריגען צום עולם, און ווייטער זיך שטאַרק צעוויינט, פערלאָזענדיג די בימה.

אין דעמזעלבען יאָהר, ווי בעוואוסט, איז טאַקע אויסגעבראָכען די ווילדע מלחמה; אַסטראָווצע האָט דערפון שטאַרק געליטען און בעזונדערס איז דאָס לעבען פון אַסטראָווצער רבי'ן געשטאַנען אין גרויס געפאַהר.

די מעשה איז געווען אַזוי:

ווען די עסטרייכער זענען אַריין צום ערשטען מאָל קיין אַסטראָווצע, האָט דער קאָמענדאַנט געפאָדערט פון רבי'ן, אַז ער זאָל איהם תיכף צושטעלען יודען, וואָס זאָלען פאַר איהם שפּיאָנירען דעם שונא. האָט דער רבי, נאַטירליך, נישט זיך גערעכענט מיט דעם דאָזיגען בעפעהל און דער קאָמענדאַנט האָט איהם געהייסען הערפאַר אַרעסטירען, ערלויבענדיג אָבער איהם צו האָבען ביי זיך אַ יוד, וואָס זאָל איהם בעדינען.

דערוויסענדיג זיך פון דעם בעפעהל, האָט זיך דער אין דרייען־צעבראָכענער דבי פריווילליג צוגעשטעלט צו דער קאָמענדאַנטור, וואו מען האָט איהם געהאַלטען 24 שעה אין אַרעסט, און דאַן ערשט איהם ערקלערט, אַז מען האַלט איהם אַלס „עָרוב'ניק", אַז די יודען וועלען אָבריינגען די אָנגעזאַמעלטע בלאָטעס פון די גאַסען.

האָבען זיך די יודען דערמיט שטאַרק צוגעאיילט, יונג און אַלט, פרויען און מענער האָבען אָבגעריינט דאָס מיסט פון די גאַסען אין אַ משך פון עטליכע שעה, און דער דבי איז באַלד

דערנאך טאקע בעפרייט געווארן פון ארעסט און די יודען פון קאנטריבוציע.

איצט האט זיך ערשט דער עולם געכאפט, וואס דער „טרא־ דוסקער" האט געמיינט זאגענדיג, אז די „אסטראווצער בלא־ טעס זענען גוט פאר איהם", ווען מען האט אנגעשלאגען דאס אסטראוועצער כסא־הרבנות דעם רבי׳ן ר׳ מאיר יחיאל.

א דאנק איהם זענען די דארטיגע יודען אבגעקומען בימי עסטרייך בלויז מיט שרעק צוליעב די בלאטעס.

אבער אויך א נרויס נס האט דער אסטראווצער רבי גע־ האט אין [illegible] מיגע.

איינעם פון די יודישע אפיצירען אין דער עסטרייכישער ארמעע, וואס זענען געווען דעם רבי׳נ׳ס אפטע געסט, האט דער רבי ביים פערלאזען די שטאדט דורך די עסטרייכער צוליעב דער רוסישער איבערמאכט, געמוזט געבען צום אנדענק א קריסטאל־גלאז, וואס דער אפיציער האט געהאלטען ביי זיך אלס סגולה.

און אבער דער דאזיגער אפיציער, א הויפטמאן, באלד נאכ׳ן פערלאזען די שטאדט, אריינגעפאלען אין די רוסישע הענד צוזאמען מיט נאך אנדערע אפיציערען און זעלנער.

האבען די רוסען זיי מיטגענומען קיין אבטראווצע, און ווען די קריסטען האבען זיי געזעהן, האבען זיי גלייך אבגעט׳מסר׳ט די יודען און אויך דעם רבי׳ן, אז זיי האבען זיך גע׳חבר׳ט מיט די דאזיגע עסטרייכער, און מען האט זיך תיכף גענומען אויף פאניע׳ם שטיינער מאכען ארדנונג אין שטעדטעל: שלאגען, ארעסטירען א. אז. וו.

און מורא־האבענדיג, אז מען זאל נישט אמאל געפינען ביי יענעם אפיציער דאס קריסטאל־גלאז, וואס דער רבי האט איהם געגעבען, האט זיך דער רבי פאר שרעק בעהאלטען אוש אין א שטאל, פול מיט האלץ און זיך צוגעדעקט מיט א דאגאזשע, וואס

האָט זיך גראָד דאָרט געפונען.

האָבען די רוסישע זעלנער טאַקע דעם רבי'ן אויך געזוכט אין דער זעלבער שטאָל, אָבער זיי זענען געווען מוכה בסנוורים— בלינד געוואָרען, דער רבי איז געווען א רואה ואינו נראה, זיי אָבער האָבען איהם נישט געזעהען און ער איז ניצול געוואָרען פון א זיכערען טויט.

ערעב יום־כפור איז דער רבי ר' יחיאל מאיר, אזוי דער־צעהלט מען, ארויס פון זיין בעהעלטעניש; ווען ער האָט זיך גע־שטעלט מוכח דאַווענען, זענען אריין אין דער שוהל קאָזאַקען. דער רבי האָט גראָד געזאָגט די תפילה „הנני העני ממעש" מיט גרויס געוויין און ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט די בשורה, אז קאָזאַקען זוכען איהם, האָט דער צדיק זיך גאָרנישט פערלוי־רען, און אויסדרעהענדיג זיך מיט דעם פנים צו די קאָזאַקען, געזאָגט ווייטער די ווערטער: „נרעש ונפחד מפחד יושב תהלות ישראל", דערביי אַן'אונדערשראָקענעם טיעפען קוק געטהון אויף די מחבלים; האָבען זיי זיך באַלד ארויסגעטראָגען פון דער שוהל און ס'איז קיינעם קיין שלעכטס נישט געשעהען.

אָבער קוים האָבען די רוסען ווייטער פערלאָזען אָסטראָוו־צע, האָט דער רבי פערלאָזט זיין שטאָט און געקומען קיין פיעטריקאָוו. און נישט האָבענדיג דאָ קיין מיטלען צו לעבען, האָט ער זיך איבערגעטראָגען קיין לאָדז, וואו ער האָט זיך שוין אויפגעהאַלטען ער יעבר זעם, ביז די מלחמה האָט זיך גע־ענדיגט, און ערשט דאַן צוריק זיך בעזעצט אין אָסטראָווצע.

ג.

שוין אין ספעציעל האָט דער אָסטראָווצער רבי אָנגע־הויבען אָבצוהאַלטען תעניתים און סגופים. דריי מאָל לעת בסדר אָהן הפסקה, פלעגט ער פאַסטען, כדי נישט מבטל צו זיין פון לערנען, נישט קוקענדיג, וואָס דער „גראָדזיסקער" און אַנ־דערע גדולים האָבען איהם דערפון אָבגעהאַלטען.

נאָכדעם ווי זיין צווייטע ווייב, די צדיקת'דיגע רבי'צין,

התחל מרים, האט איהם געבוירען א טאכטער און דאן א זוהן, האט זיך אויך דער רבי אין גאנצען דאן שוין פורש געווען פון זיין יונג ווייב, צוליעב וואס ס'איז א געוויסע צייט דער שלום־בית געשטערט געווארען.

אין די עלטערע יאהרען פלעגט ער יערען טאג ערשט אין צוועלף פערבייסען מיט אביסעל קאשע און מילך אדער מיט א שטיקעל לעקעך און וויין, אבי להחיות את נפשו.

אזוי האט ער זיך געפיהרט פיערציג יאהר כסדר. דערביי האט ער טאג און נאכט, געהענדיג ארום אין דער שטוב, שטענדיג און אפילו ליגענדיגערהייט עוסק געווען אין לערנען, אין תורה און עבודת הבורא, געזאגט שיעור פאר הונדערטער תלמידים, לומדים, און „תורות" ביים טיש א. אז. וו.

זיינע „חידושים" פערנעהמען טויזענדער בויגען פאפיער, פון וועלכע ס'איז קוים ערשיענען איין ספר אונטער דעם נאמען „אהל תורה".

די דאקטוירים, וואס האבען דעם „אסטראָווצער" בעהאנדעלט, האבען בעוואונדערט זיין ארגאניזם, וועלכער איז געווען אזוי שטארק געבויט, אז דאס אייבינע פאסטען און סגופים, האבען איהם גארנישט קערפערליך געשאדט, און נישט אבגעשוואכט די פיזישע בהות.

די גדולי הדור האבען ווייטער בעוואונדערט זיין גרויס חריפות און בקיאות, זיין גרויס גאונות און חכמה אין ים התלמוד און אפילו אין וועלטליכע ענינים.

אבער דאס, וואס די ערדישע קראפט האט נישט געקאנט בעווייזען, האט דאס דער טויט געטהון, ער האט איהם אוועקגעריסען. דער רבי ר' מאיר יחיאל איז נפטר געווארען י"ט אדר תרפ"ח, ווייעניג 77 יאהר צלט.

זיין איינציגער זוהן, ר' יחזקאל, וועלכער איז געווען רב אין אינאוולאדז, נעבען לאדז, און אין נאשעלסק, איז געווארען

דער ממלא מקום פון זיין גרויסן פאטער אין אסטראָווצע.

ער האָט נישט בלויז גע'ירשנ'ט דאָס כסא הרבנות נאָך זיין פאָטער, נאָר אויך די שיינע דרכים פון איהם. אויך ער צייכנט זיך אויס מיט זיין גרויס גאונות און ווערט בעטראַכט אלס איינער פון די גדולים אין דער רבנישער וועלט.

# ר׳ דוד׳ל טאלנער

I

ר׳ דוד׳ל טאלנער שטאמט פון דער אזוי גערופענער „טשערנאבילער דינאסטיע", וועלכע איז איינע פון די עלטסטע אין פוילען.

איהר גרינדער איז געווען ר׳ נחום׳קע מגיד, וועלכען דער עולם האט גערופען ר׳ נחום הגדול.

געבוירען אין יאהר ת״צ (1730) אין א קליין וואלינער שטעדטעל, האט א בעל הבית אין יענעם שטעדטעל איהם גענומען פאר א חתן פאר זיין עלטסטער טאכטער, און ווען די כלה האט איהם נישט געוואלט, ווייל ער איז געווען אין איהרע אויגען א בטלן, האט דער מחותן זיינער איהם תחונה געמאכט מיט דער יונגערער טאכטער, וועלכע איז בלינה געווען אויף אן אויג און ר׳ נחום׳קע איז מיט איהר געגאנגען אונטער דער חופה.

האט דער שווער איהם נישט געקאנט געבען קיין קעסט, איז ר׳ נחום׳קע געווארען א מלמד, געפאהרען צום בעל שם־טוב און דאן צום רבי ר׳ בער און צוגעסירט אויף א מגיד אין טשערנאבעל.

דער עולם האט אויך איהם געוואלט געבען קוויטלעך און פדיונות, אבער ר׳ נחום׳קע האט פון דעם אלעם נישט געוואלט

זיכען. ער פלעגט וואנדערען פון איין יודישען ישוב אין צווייטען יודישען ישוב, זאגענדיג אומעטום „מוסר" דעם עולם, און דאס געלד, וואס ס'האט איהם געגעבען, האט ער פערטיילט אויף הכנסת כלה און פדיון שבויים, פאר די פערארימטע ארענ־ד'ארס, וואס זענען שולדיג געווען דעם פריץ פאכט־געלד און געווען דערפאר פעדשפארט אין תפיסה.

אבער ווען ר' מרדכי'לע, דער זוהן, איז געווארען דער ממלא מקום נאך ר' נחום'קעס פטירה (י"א חשון תקנ"ח) איז גע־ווארען אין טשערנאבלער הויף א גאנצע איבערקעהרעניש.

ר' מרדכי'לע האט שוין געפיהרט א ברייט אריסטאקרא־טיש הויז און געלעבט זיך פירשטליך. זיינע חסידים האבען איהם געמוזט צאהלען „הודש־געלד" (מעמדות). געפאהרען איז ער ארום נישט אזוי, ווי זיין גרויסער אבגעהיטענער פאטער, מיט א פערד און וועגעלע, נאר אין א טייערער קאטש מיט פיער פערד געשפאנט נא שפיץ, מעשה פריץ, אין בעגלייטונג פון א גרויסע צאהל גבאים און מקורבים.

דער „ריזשינער", אויך ר' נחומקעס אנ'אייניקעל [illegible] זיין טאטער, האט זיך שטארק מתקנא געווען אין טשערנאבלער'ס דרכים, און גענומען זיך איהם צו איבערשטייגען אין לוקסוס און פראכט.

די חסידים זייערע זענען געווען אויף מעסער־שטעך. איי־נער האט ביים צווייטען נישט געגעבען, זיך נישט משדך גע־ווען און זיך מתרחק געווען אפילו נאכ'ן טויט, אויף דעם בית־עלמין האט מען נישט זיי איינעם ביים צווייטען קובר געווען.

די דאזיגע ווילדע שנאה און קנאה צווישען ריזשין און טשערנאבעל, האט אויך געהערשט אפילו נאך דער פטירה פון ר' מרדכי'לע (כ' אייר תקצ"ז).

און ווייל ס'האט אויך נישט געהערשט קיין גרויס אחדות צווישען ר' מרדכי'לעס אכט זיהן. האט יעדער פון זיי בע־זונדער זיך גענומען צו פראווען רבי'שקייט, יעדער אין אנ'אנ־

II

איינער פון ר' מרדכי'לעס זיהן, ר' דוד'ל טווערסקי, האט זיך בעזעצט אין טאלנע (וואהלין).

נאך פריהער איז ער שטארק פאפולער געווען אין יענער געגענד אלס מגיד, און איצט האט דער עולם אויף איהם גע־זאגט, אז ער איז א גרויסער „אויפטהוער" אין הימעל.

איז מען דאך פון אלע זייטען צו איהם געפאהרען און גרוי־סע פדיונות איהם געגעבען. האט זיך ר' דוד'ל טאלנער אויפגע־בויט א טייערען פאלאץ, וועלכער האט נאך איבערגעשטיגען אין לוקסוס און אין פראכט דעם פאטערס און דעם ריזשינער פא־לאץ.

זיינע טישען זענען געווען סערווירט מיט בלויז זילבערנע כלים און מיט טייער פארצעלאן, מען האט געהאלטען ספעציעלע קוכערס, וואס האבען צוגעגרייט די מעדנים פאר דעם רבי'נס טיש, פון וועלכע נאר יחידי סגולה האבען געהאט די זכיה טועם צו זיין.

די טיש־זיצער האבען זיך געמוזט גאנץ קארעקט אויפ־פיהרען, און עסען, נאר דאס, וואס די לאקייען אין א ספע־ציעל הלבשה האבען צוגעטראגען און זיי דערלאנגט.

עס פלעגען ביים טיש שפילען די בעריהמטסטע פידלערס, ווי סטעמפעניו, פידאזור א. א. ווירטואזען. ר' דוד'ל אליין איז אויך געווען א גרויסער מנגן און קאמפאזיטאר. זיינע נגונים האט מען געזונגען ביי אלע רבי'שע טישען און ביי די תפילות.

ר' דוד'ל טאלנער האט זיך געהאט זיין הויף־בדחן, ר' לייב־בעלע מיכעלס האט ער געהייסען. א גרויסער קאמיקער און לץ איז ר' לייבעלע געווען. ער האט דעם טיש שטארק משמח גע־ווען מיט זיינע וויצען און לצנות. ר' לייבעלע בדחן פלעגט שטארק חוזק מאכען פון די רבי'לעך, וואס טהוען זיך אן אויף דעם נאקעטען ליב א זאק און האלטען אב כנופים, לעבעדיג

אין גרוים דחקות און אַרימקייט.

די וועלט, האָט ר' לייבעלע מיטעלס געזאָגט, איז טאַקע אַ וועלט, ווהא ראיה, אונזער טאַלנער רבי זאָל לעבען, לאָזט זיך נישט קיין עולה טהון און לעבט זיך טאַקע, ווי די צדיקים אין גן - עדן...

ר' דוד'ל טאַלנער האָט זיך אָבער גאַרנישט געמאַכט פון ר' לייבעלעס רייד און זיך אויך, גאַרנישט געפיהלט געטראָפען פון בדחנ'ס חוזק מאַכען אַפילו פון איהם אַליין, ער האָט גע־לאַכט...

די חסידים זיינע האָבען ר' דוד'לען פשוט פערגעטערט און פערהייליגט. זיי האָבען איהם געלאָזט מאַכען אַ טראָהן פון זילבער, לויט שלמה המלכ'ס טראָהן.

אויף דעם קאָפּ פון טראָהן איז געווען אויסגעאַרבייט אַ קרוין פון גאָלד און אויפגעשריבען „דוד מלך ישראל חי וקים"...

און ארויפגעצענדיג איהם צום ערשטען מאָל אויף דעם דאָזיגען טייערען טראָהן אין דעם פּראַכטפּול, מיט גאָלד און מיט עקזאָטישע פלאַנצען און בלומען פערפּוצטען זאַל פון זיין פּאַ־לאַץ. האָבען די חסידים זיינע אונטערן קלאַנג פון מוזיק און געזאַנג איהם געקרוינט מיט דעם נאָמען „מלך ישראל"...

III

דאָס לוקסוס־רייכע און אַריסטאָקראַטישע לעבען פון „טאַל־נער הויף" האָט ארויסגערופען אַ גרוים געגנערשאַפט נישט בלוז ביי די פערביסענע מתנגדים די געגנער פון די חסידים, נאָה אויך ביי די איבעריגע רביים אין זיין צייט, וועלכע ס'איז אויסגעקומען ממש אָבצולעבען דעם טאָג מיט אַ טרוקען שטי־קעל ברויט...

איצט ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז חסידים האָבען מיט אַזאַ גרויסער פּאַמפּע אָנגעטהון אַ „קרוין דעם טאַלנער", אָנ־רופענדיג איהם פּראָסט פּשוט„מלך ישראל", האָט זיך נאָך די שנאה און די קנאה פערשטאַרקט צו איהם, און מען האָט צוגע־

טראגנען די גאנצע מעשה צו דער רוסישער מאכט.

די מאכט האט שוין אמת לאנג געקוקט דורך די פינגער אויף דעם פירשטליכן לעבן פון דעם טאלנער הויף, אבער איצט ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז די יודען האבען איהם געקרוינט אלס „מלך", לאזענדיג פאר איהם מאכען א ספע־ציעלען טראהן פון זילבער און גאלד, האט זי בעשלאסען דעם טראהן פאר יעדן פרייז צו פערכאפען און דעם רבי'ן אליין אריינצוזעצען אין תפיסה.

און מאסע פלוצים ביי אנ'אורענדטליכער, ווען די קאפעלע האט געשפיעלט א פריילעכעס, און ר' לייבעלע מיכעלס האט גע־טאנצט ברהגות און זיך געוויצעלט אויף וואס די וועלט שטעהט, זענען בעפאלען זשאנדארען דעם טאלנער הויף דעם רבי'ן אראב־גענומען פון טראהן און אנטהערענדיג איהם קייטלעך אויף די הענד איהם אריינגעזעצט אין תפיסה.

דעם פערזאמעלטען עולם איז ניטש געלונגען דעם רבי'ן אבצושלאגען פון די זשאנדארענס הענד, אפילו פאר א סך געלד, ווארום זיי האבען געהאט א שטרענגען אנזאג פאר יעדען פרייז דעם רבי'ן ברענגען אין דער תפיסה אריין. דאגעגען איז זיי אבער געלונגען אין דער כוסמאמאכע, וואס איז ענטשטאנען צור ליב דעם רבי'נס ארעסט, אויפצורוימען דעם טראהן סיט דעם אינקרוסטירטער אויפטריבס.

אין איצט ר' דוד'ל טאלנער אויפגעקומען פון זיינע שענע ליכטיגע פאלאצען צו שמאכטען צווישען פינסטערע ווענד אין דער טאלנער תפיסה.

גרויסע פיזישע און מאראלישע ליידען האט ער דא גע־האט איבערצושטעהן. מען האט איהם געמאטערט, פון וואנען ער נעהמט אויף פיהרען אזא לוקסוס־לעבען, ווער ס'האט איהם דעם טראהן געגעבען און וואו ער איז אהינגעקומען א. אז. וו. או אז. וו.

און וואס מעהר ער האט געשוויגען, אלץ מעהר האט מען

איהם געפיינינט חדשים לאנג. ער אליין האט זיך אויך אין דער תפיסה שטארק געפייניגט.

ערשט נאך א לאנגער צייט איז זיינע חסידים, די מאגנאטען פון וואהלין, געלונגען מיט גרויס מסירת הנפש און פאר טייער געלד זייער היילינגען רבי'ן צו בעפרייען פון דער תפיסה, אבער ה' דוד'ל איז ארויס א צובראכענער און באלד פערלאזט האט ער די מדינה און זיך בעזעצט אויף א געוויסער צייט אין בראד; קיין געלד האט איהם אויך דארט נישט אויסגעפעהלט, די חסידים האבען איהם ווייטער בעשיט מיט געלד און זילבער.

פיהלענדיג זיך קראנק פון דעם זיצען אין דער תפיסה, איז ער צוריקגעקומען קיין טאלנע, אבער פון טאג צו טאג ווערט זיין קראנקהייט וואס מעהר געפעהרליך, קיין דאקטאר אין דער וועלט האט פאר איהם קיין רפואה בדוקה נישט און נישט מיט קיין נדרים חשט וויל זיך ר' דוד'ל טאלנער געזעגענען מיט דער ליכטיגער וועלט. ער פערלאזט זי ו' אייר תרמ"ב (1882) אין עלטער פון 74 יאהר. פון זיין נאנצער פראכט און גלאנץ איז נישט מעהר געבליבען ווי זיינע דריי חבורים: „מגן דוד", „תהילת-דוד" און „ברכת-דוד", וועלכע ענטהאלטען תורות און דברי מוסר פון זיינע אבות און אויך אייגענע תורות, וואס ער האט אנגעשריבען אין דער תפיסה אלס ארעסטאנט, און שפעטער אויף זיינע אלטע יאהרען...

# דער גוטער יוד פון ניישטאדט

א.

דעם רבי ר' יודעלע ניישטעדטער האָט מען גערופען „דער גוטער יוד פון ניישטאָדט".

ער איז נישט געווען קיין יחוס עצמו, ווי ס'איז געווען דער פאל ביי ס'רוב „גוטע יודען" אין פוילען.

זיין פאָטער דער רבי ר' קלמיש (קלמן), דער אזוי־גערופענער „מאור ושמש", איז געווען א תלמיד און מקורב פון דעם רבי ר' אלימלך פון ליזענסק. בעזעצענדיג זיך אין קראָקא (תקמ"ה), וואס האט דאמאלס גע'שמ'ט אלס א גרויסע מתנגד'ישע שטאָדט מיט פיל לומדים און גבירים, האט ר' קלמיש זיך גע־וואגט דא צו פערשפרייטען חסידות און איינצואָרדנען א חסי־דיש מנין.

אין דאך געוואָרען די גאַנצע שטאָדט אויפגעקאָכט פאר דער דאָזיגער אויסטערלישער חוצפה און דער דאמאלסדיגער קראָקאווער רב ר' יצחק הלוי האט צונויפגערופען דאָס בית־דין הגדול און אויך אנדערע לומדים און די פרנסי־העיר און מען האט ר' קלמיש'ן ארויסגעלעגט אין חרם צוזאמען מיט זיינע אלע אנהענגערס און חסידים (כ"ה תשרי תקמ"ו).

באראקטעריסטיש זענען די מאטיוען, צוליב וואס קראָקא האט מחרים געווען דעם „מאור ושמש".

לרים ווי ס'געפינם זיך פערשריבען אין דעם קראַקאָווער תלמוד־תורה־„פנקס", האָט מען איהם גירון געווען, ווייל ער האָט איינגעפיהרט אין יודישען לעבען נייע מנהגים, געענדערט דעם נוסח פון די תפילות, מאַכענדיג דערביי פערשידענע וויל־דע תנועות, ווי פאַטשען מיט די הענד און שאָקלען זיך ווי די שיכורים, סערציהענדיג מיט דעם דאַווענען ביז'ן האַלבען טאָג אַריין. זיך אַ נאָמען געגעבען חסידים און גרופירען זיך אין בעזונדערע מנינים א. אז. וו.

שבת פרשת בראשית האָט מען אין אַלע קראַקאָווער שולען און דער אַנוועזענהייט פון גאַנצען ביתדין צדק אויסגערופען דעם חרם ביים אָפענעם ארון קודש אויף אַלע, וואָס געהען אין די דרכים פון ר' קלמיש. וואָס לאָזען די חסידים צו זיך אַריין, וואָס בעהעפטען זיך צו זיי; אַלע ווערען אויסגעשלאָסען פון קהל ישראל, קיין מגע ומשא טאָר מען מיט זיי נישט האָבען און „קבורת המור" (בעגראָבען ווי אַ פגר) וועלען זיי האָבען נאָכ'ן טויט א. אז. וו. א. אז. וו.

האָט זיך אָבער דער רבי ר' קלמיש נישט שטאַרק איבערגע־נומען מיט דעם דאָזיגען שרעקליכען חרם, ער האָט ווייטער אָגיטירט פאַר'ן חסידיזם אין קראַקאָווער קאַנט און די צאָהל פון זיינע אָנהענגער זענען געוואַקסען פון טאָג צו טאָג און אונזער ר' קלמיש איז געוואָרען זייער מנהיג, קלינגענדיג ווייט און ברייט אַלס אַ גרויסער מקובל און בעל מופת.

און ווען דער רבי ר' קלמיש איז נפטר געוואָרען (ב' תמוז תקפ"ג), האָט זיין זוהן ר' יוסעלע גיישטערמער איבערגענומען דעם פאַטער'ס עולם.

ב.

די דרכים פון דעם אַזוי גערופענעם „גוטען יוד פון נייר־שטאָדט" זענען נאָך ביז היינט נישט אויפגעקלערט.

ער איז געווען אַ גרויסער נתבא אל הכלים, אַ פערבאָר־

גענער. מען האט איהם געזעהען שטענדיג תהלים זאגען. געהער־
דיג און שטעהענדיג, פאהרענדיג און דרעמלענדיג האט ער
אריינגעקוקט אין ר׳ משה׳לע זאלושינער׳ס תהילים. זיינע
מקורבים זענען געווען די אמת׳ע גרויסע גאונים, ווי ר׳ חיים
כאנדזער, ר׳ נתן דוד שידלאווצער, ר׳ אליעזר קאזשעניצער א. א.

ווען דער סאנדזער האט אנגעלט געמאכט א סיום אויף
גאנץ ש״ס און דער עולם האט זיך דערביי שטארק משמח גע־
ווען, האט ער געזאגט: וואס קומט ארויס, אז אין הימעל איז מען
מעהר צופרידען, ווען ר׳ יוכעלע נייששטעדטער מאכט א סיום
אויף תהילים.

דער רבי ר׳ יוסעלע נייששטעדטער האט אויך געהאט דאס
שוואכקייט אין א מארק־טאג צו שטעהען פאר זיין הויז און צו
קויפען היהנער, קאטשקעס א. אז. וו. און נום געלד פאר זיי
צו צאהלען.

אין זיין הויף האט מען תמיד געקאנט געפינען גאנצע
סטאדעס עופות, עטליכע פאר פערד, קעלבלעך.

און יט־ען פריהמארגען פלעגט ער בכבודו ובעצמו אליין
געבען די עופות און די פערד אין שטאל צו עסען, און ווען זיי
האבען איהם געזעהען האבען איהם די עופות שוין דערקענט און
אנגעהויבען צו קוואקען, די פערד צו הירזען און די קעלבלעך
צו לעקען א. אז. וו.

דער נומער יוד פון נייששטאדט פלעגט דורך זיין פאראבעס
מאטשעס שיקען זיינע פערד פערקויפען אויף די יאהרמערק אין
די שכנישע שטעטלעך אדער איינהאנדלען אויף אנדערע פערד,
אנווייזענדיג איהם געוויסע סימנים, וואס פאר פערד ער זאל
קויפען און איינהאנדלען.

מאטשעק האט שוין פערשטאנען זיין הייליגען האר אויף
דעם וואונק און קוים האט ער איינגעהאנדעלט שענע פערד,
האט דער „נומער יוד" מאקע נעגעבען מיט א ברייטער האנד

אויף „וואודקע": אין גענענסאל איז דער גוטער יוד שטאַרק ברוגז געוואָרען אויף זיין מאַמשעס און האָט זיי תיכף געהייסען אויף די מאַרק צו פערקויפען אַפילו מיט היזק.

די עופות, די פערד און די יונגע קיהעלעך פלעגט דער רבי ר' יוסעלע האַלטען אין זיין הויף. ער איז קיינמאָל נישט אַרויסגעפאָהרען מיט זיינע פערד, נאָר מיט אַ פרעמד געשפאַן.

און פיהרענדיג טיש מיט זיינע ירשבים האָט דער „גוטער יוד פון נייסטאַדט" שטענדיג גערעדט ברמיזה וועגען היגער, גינזן, פערד א. אז. וו. וועגען די מציאות, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט אויף די מאַרק א. אז. וו. דער עולם האָט פערשטאַנען, אַז דעם רבי'ס הייליגע רייד זענען בעהאַלטענע סודות. אַבער נישט געוואוסט, אַז די עופות, פערד א. אז. וו. זענען גלגולים. וואָס קומען צו איהם, אַדער ער ברענגט זיי צו זיך פון עולם הדמיון ווענע! אַ תיקון און שיקט זיי דאַן אויסגעלייטערט צוריק אין זייער רוה אַריין...

דער דאַזיגער ביד האָט זיך ערשט סוף ימיו ענטדעקט פאַר דער זינדיגער וועלט.

די מעשה איז פאָרגעקומען ביי פאָלגענדע אומשטענדען:

דער „גוטער יוד פון נייסטאַדט" האָט חתונה געמאַכט זיינע אַנ'אייניקעל אין מגישעוו (וואו די פּוליצע פאַלט אַריין אין דער ווייסעל).

דער ווענ האָט געפיהרט דורך גער. האָט ער אָבגעשטעלט ביים „חידושי הרי"ם", פערבעטענדיג איהם אויף חתונה אַלס מסדר קידושין.

און פאַהרענדיג דאַן צוזאַמען קיין מגישעוו — האָט דער רבי ר' יוסעלע נייסטאַדטער געפרעגט דעם „חידושי הרי"ם", צי ער האָט אויך פערד אין זיין שטאַל. האָט דער גערער רבי געשוויגען. ער האָט דאָך פערשטאַנען ברמיזה די כוונה פון דעם נייסטאַדטער גוטען יוד. האָט אַבער דעם חידושי-הרי"מ'ס

איידעם. וואס איז מיטגעפאהרען אויף דער חתונה, זיך ארויס־געכאפט און א זאג־געטהון דעם „ניישטעדטער": „טוט האנד־לען נישט מיט קיין פערד"...

אין א קורצע צייט ארום, דערציילט די לעגענדע, איז דעם גערער רבינ'ס איידעם פון דער וועלט געגאנגען. ער איז נכשל געווארען מיט זיינע רייד. די גלגולים האבען זיך אין איהם נוקם געווען און דער „סוד" איז ארוים אויף דער גאס.

א צווייטע חסידישע לעגענדע דערציילט. אגימעלס פריי־טאג־צונאכטס האט זיך ביים טיש דער גוטער יוד פון ניי־שטאדט שטארק אנגעכעס'ט אויף דער קעכין חנה, ווארום זי האט געלאזט פערברענען די חלות, שרייענדיג צו איהר, „אז מען קאן נישט, נעהמט מען זיך נישט אונטער"...

האט זיך דאך די דערשראקענע קעכין אנגעהויבען צו פער־ענטפערן מיט טרערען אין די אויגען, אז די חלות האבען דאסמאל געכאפט א פלאם, וואס ס'איז נישט איהר שולד. אבער דער גוטער יוד האט ווייטער צו איהר געשריגען, אז „מען קאן נישט, נעהמט מען זיך נישט אונטער"...

אינמיטען דעם געשריי האט זיך איינער פון די יושבים פלוצלונג זיך אויפגעשטעלט פון ארט און האט פערשטעהט דעם טיש פערלאזט.

האט איצט דער רבי ר' יוסעלע ניישטעדטער געהייסען, אז די קעכין קאן שוין צוריק געהען אין דער קיך אריין.

האט זיך ערשט דער עולם אויך געכאפט, אז שטראפענדיג די ארימע קעכין צוליעב די פערברענטע חלות אין א צווייט מאל צוליעב א פערטשאדעט טשאלענט, איז דער רבי דערמיט אויסען געווען צו טרעפען איינעם פון זיינע יושבים, וואס האט זיך אויך גע'רבי'ועט און זיך אונטערגענומען אויך מתקן צו זיין גלגולים. אבער די פערוואגלטע נשמות האבען געמוזט סוף־כל־סוף צו איהם, דעם ניישטעדטער גוטען יוד, קומען און

עס ווערט אויך דערצעהלט וועגען א גרויסען מופת, וואס דער רבי ר' יוסעלע נייַשטעדטער האט בעוויזען זייענדיג מחיה מתים א טויט קינד. די מעשה איז געווען אזוי:

אין דעם הויז, וואו דער רבי האט געוואוינט און געהאט זיין בית-מדרש, האבען זיך יונגלעך בעיאגט אויף די טרעפ. איז איין יונגעל אראבגעפאלען און דער'הרג'עט געווארען אויפ'ן ארט.

איז מען דאך אריינגעלאפען צום רבי'ן מיט א גרויס געוויין. האט דער גוטער יוד אראבגענומען פון זיין לייב דאס האנדטוך, מיט וועלכען ער איז געווען גראד ארומגעגארטעלט און פאכענדיג דערמיט איבער'ן קעפל פון טויטען יונגעל, האט דער רבי געשריגען אויפ'ן גאנצען קול: „פאפער'ל (לאבום) הויב דיך אויף". און דאס קינד איז צוריק לעבעדיג געווארען...

ג.

קומענדיג אין די יאהרען האט דער „גוטער יוד פון נייַשטאדט" בעשלאסען צו פאהרען קיין ארץ ישראל.

א לאנגע צייט האט ער זיך געגרייט צו דער דאזיגער הייליגער נסיעה און אין א געוויסען שבת איז ער מודיע דעם עולם, אז ער פאהרט שוין אב צומארגענס.

האט זיך דאך די גאנצע שטאדט מיט איהם אבגעזעגענט מיט גרויס שמערץ און מאסע איהם בעגלייט ביז צו דער גרעניץ מיט גרויס כבוד און פאראד.

און קומענדיג קיין קראקא איז ער בעגאנגען זיך געזעגענען מיט זיין פאטער, דעם „מאור ושמש". שטעהענדיג שטארק פערטראכט ביים קבר האט ער זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צום עולם, וואס האט איהם בעגלייט, זאגענדיג צו זיי: „שוין בענוג". און האט צוריק געקערעוועט דעם דישעל קיין נייַשטאדט.

אין א געוויסער צייט ארום — האט מען זיך ערשט דער-

וואוכס. אז די שיף, מיט וועלכער דער רבי ר' יוסעלע האָט געזאָלט פאָהרען, איז אונטערגעגאַנגען און ס'האָט נישט בעווי־זען צו ראטעווען איינעם פון די פּאסאזשירען ארויסצוראטעווען. דעם גרויסען סקובל איז זכות אבות בייגעשטאַנען. אז ער זאָל ניצול ווערען פון די ים ־ פיש...

נישט לאנג דערנאָך איז דער סודות'פולער רבי ר' יוסעלע נייטשטעדטער נפטר געוואָרען י' אדר תרכ"ז (1867) אין עלטער פון 75 יאָהר.

זיין ממלא מקום איז געוואָרען זיין אייניקעל ר' חיים שמואל פון כענטשין, וועמענס ווייב, די אזוי־גערופענע „כענטשינער רבי'צין", שרה'לע די זקנה, פראַוועט רבי'שקייט אין קיעלץ.

# דער אמשינאווער

I

ביי דעם אמשינאווער רבי ר׳ יעקב דוד האט זיך שוין בחייו פון זיין גרויסען פאטער, ר׳ יצחק׳ל ווארקער, א גרויסער עולם מכיר געווען. מען האט איהם געהאלטען פאר א גרויסען חכם און אויסטהויער.

דער רבי ר׳ יעקב דוד איז אויך נעגאנגען אין די דרכים פון זיין פאטער. ער האט זיך שטארק אבגעגעבען מיט כללי־ענינים, נישט קוקענדיג אויף זיין שוואכען געזונד־צושטאנד און נישט אבשטעלענדיג זיך דערביי אפילו פאר מסירת־הנפש, און שטענדיג האט ער אויס׳געפועל׳ט פאר יודען גרויסע זאכען און טובות.

און כאטש דער אמשינאווער צדיק האט נישט געקאנט רעדען קיין רוסיש און קיין פויליש, האט ער אומעטום אנגע־קלאפט אין די הויכע פענסטער און שטארק נושא־חן געווען מיט זיין אריסטאקראטיש הדרת־פנים.

מען דערציילט, אז ווען ס׳איז ארויס די ביטערע גזרה, דאס מען זאל די יודען שניידען די בערד און פאות, איז דער אמשינאווער נעלאפען תיכף צום פירשט קיין ווארשא בעטען גנאד, אז ער זאל מעביר זיין די דאזיגע שווערע גזרה.

ארייןקומענדיג און דער שטוב פון פירשט, האט דער רבי

ר׳ יעקב דוד דארט גראד געטראָפען א צווייטען פירשט פון דער פרעמד. פארשטעלענדיג זיין בקשה האָט דער רבי בעמערקט, ווי דער פרעמדער פירשט האָט געזאָגט צום ווארשאָווער פירשט אויף פראנצויזיש, אז ס׳וואָלט כדאי געווען איהם אליין זיין פאטריארכאלישע באָרד אבצושערען פאר׳ן מוזעאום.

איז דער אמשינאָווער פאר גרויס שרעק געפאלען אין פירשט׳ם שטוב אין חלשות, אז מען האָט איהם קוים געקאָנט דערמינטערען...

דער דאָזיגער אינצידענט האָט שטארק געווירקט אויף דעם ווארשאָווער פירשט און האָט זאָל אויך איהם האָבען בעוואוי־גען, אז ער זאָל די גזרה מבטל מאַכען, זייענדיג דעם רבי מפיים מיט א „פאפיר״, מיט וועלכען ער, דער פירשט, האָט שטרענג פערבאָטען דעם רבי ר׳ יעקב דוד פון אמשינאָוו צו פערמשעפען צוליעב זיין באָרד און פאות און הלבשה, „כדי צו שאנעווען זיין פאטריארכאליש אויסזעהן״.

האָט זיך באלד דערנאָך געמאַכט א מעשה, אז אין אָפּאָטש־נא איז אויסגעבראָכען א גרויסע מחלוקה צווישען די בעלי־בתים און שוחטים, האָבען די בעלי־בתים אראָבגעבראַכט דעם אמשינאָווער צו האַלטען פאר איהם א דין־תורה מיט די שוחטים.

האָט אָבער די שוחטים שטארק פערדראָסען דאָס, וואָס דער אמשינאָווער מישט זיך אין זייערם אנ׳ענין, האָבען זיי איהם גע׳מסר׳ט פאר דעם נאטשעלניק פון די זשאנדארען, אז ס׳איז אהערגעקומען עפּיס א ראַבין בונטשוען די יודען נעגען דער רעגירונג צוליב דער „הלבשה״ און בערד.

און טאָקע שבת צו שחרית, ווען דער „אמשינאָווער״ האָט זיך געפונען ביים דאַווענען אין דער שוהל, איז געקומען דער זשאנדארען־נאטשאלניק אין דער שוהל אריין דעם רבי׳ן צו ארעסטירען.

האָט דער רבי געשיקט זיין גבאי ר׳ הערשעל אין דער

אכסניא אריין, וואו דער רבי האט זיך אויפגעהאלטען, אז ער זאל ברענגען דאס „פאפיר" פון פירשט, און ווען דער נאך־טשאלניק האט עס דערזעהן, איז איהם פינסטער געווארען פאר די אויגען און, ענטשולדיגענדיג זיך פאר דעם רבי'ן עטליכע מאל מיט גרויס הכנעה, האט ער זיך באלד אבגעטראגען.

דער זכות פון דעם דאזיגען פירשטליכען „פאפיר" איז דעם „אמשינאווער" אומעטום בייגעשטאנען. ער איז נעגאנגען פאר יודען אין „פייער און אין וואסער". האט מען געברויכט יודען אויסלעזען פון מיליטער, איז ער אוועק אויף דער וועלט צונויפגעהמען געלד ביי די גבירים אויף פדיון שבוים און מען האט איהם אומעטום נעגעבען מיט אנ'אפענער האנד.

ווען ער איז איין מאל געקומען צום ווארשאווער רב ר' יוקעל געזונדהיים, אז ער זאל זיך מטריח זיין מיט איהם צו געהן צו א געוויסען ווארשאווער גביר וועגען פדיון שבוים, האט זיך ר' יוקעל געזונדהייט אבגעזאגט מיט דעם תירוץ, אז ער זיצט שוין עטליכע טעג כסדר איבער א שווערען תוספות און קאן איהם נישט פערענטפערן, וויל ער זיך נישט פון דעם תוספות אוועקרייסען.

הייבט זיך דער אמשינאווער ווייזען דעם שווערען תוספות און געהייסען זיין גבאי'ל הערשעל, אז ער זאל ארויסנעהמען פון דער בוזעם־טאש אין אויבער־מלבוש דאס קליינע ספר'ל, וואו ס'געפינט זיך דער תירוץ אויף דעם רב'ס קשיא...

דאס דאזיגע ספר'ל איז געווען א פרק'ל, וואס דער אמשינאווער פלעגט מיט זיך מיטפיהרען אויף דעם וועג, און ער מישט אויף דעם ווארשאווער רב דעם מאמר: ר' טרפון אומר... לא עליך המלאכה לגמור ולא אתה בן חורין להבטל ממנה (פרק שני כ"א), ד.ה. נישט דו מוזט גראד דעם סוף פון דעם תוספות דערגעהן און נישט דו דארפסט דיך בעפרייען פון דער מצוה. איז געווארען דערמיט דער ווארשאווער רב געפלעפט און באלד די גמרא פארמאכט און מיט דעם אמשינאווער מיטגעגאנגען

צו יענעם גביר און אויסגע'פועל'ט דאס, וואס ער האט בעד־
לאנגט.

נישט שווענדיג זיך דאס געזוגד איז דער רבי ר' יעקב
דוד פון אמשינאוו געפעהרליך קראנק געווארען. הימעל און ערד
האבען אירם נישט געוואלט העלפען און פאהרענדיג ראטעווען
זיך דאס געזונד קיין מעראן, איז ער דארט נפטר געווארען ד'
כסלו תל"ח (1877) און אין אמשינאוו איז ער געקומען צו
קבורה...

II

דער רבי ר' מנחם, איינער פון זיינע דריי זוהן, איז גע־
ווארען דער ממלא מקומו, זייענדיג קוים 16—17 יאהר אלט.
ער האט אויך נישט דורכגעלאזט קיין יודיש ענין, אין
וועלכען ער האט זיך נישט געוואלט אקטיוו בעטייליגען.

ער איז געווען אזוי אריינגעטהון אין כלל־ ארבייט, אז
ס'איז איהם אויסגעקומען יעדען טאג ערשט אוונטצייט צו
דאווענען און צו איבערבייסען.

מען דערצעהלט וועגען אג'אינצידענט, וואס ער האט גע־
האט מיט דעם אין ווארשא שטארק פאפולערען שניידער־מאגא־
זינער כאזאנאוו.

אין ווארשא האט זיך דאמאלס שטארק פערשפרייט דער
חלול־שבת בפרהסיא דורכ'ן האלטען פריי און פראנק אפען
אין שבת די געשעפטען.

האט דער רבי ר' מנחם מרעיש עולם געווען, ער איז גע־
גאנגען בכבודו ובעצמו פון געשעפט צו געשעפט, וואס זענען
אפען געווען שבת, און די בעלי־בתים שטארק גע'מוסר'ט, אז זיי
זאלען שבת האלטען די געשעפטען פערמאכט.

אבער מש־קווידיג, די אלע האבען איהם געגעבען איין
ענטפער, אז קוים כאזאנאוו וועט האלטען זיינע געשעפטען פער־
מאכט, וועלען זיי עס אויך באלד נאכטהון,

איז זיך דער אמשינאווער נישט פויל און אהיימגעגאנגען צו כאזאנאוו'ן אין דער וואוינונג.

גראד האט דער אמשינאווער געטראפען דעם שניידער־מאנאזינער מיט זיין בנ־ביתו ביי א שבת'דיג טיטאג.

האט די דיענסט, וואס האט געעפענט דעם רבי'ן די טהיר, געבעטען דעם „ראבין" א ביסעל צו ווארטען און געמאלדען דעם בעל־הבית, אז עפיס א „ראבין" פרעגט זיך אויף איהם.

א שפאר ביסעל צייט איז אויסגעקומען דעם אמשינאווער צו ווארטען אין פארער־הויז און ערשט נאך דעם ענדיגען דעם מיטאג, איז כאזאנאוו צו איהם ארויסגעקומען אין פארער־הויז, פרעגענדיג איהם, וואס איז זיין בעגעהר.

האט דער אמשינאווער איהם דערקלערט, אז ער איז געקומען בעטען, דאס ער זאל האלטען שבת דאס געשעפט געשלאסען, ווארום אלע סוחרים פערקוקען זיך אויף איהם.

כאזאנאוו האט זיך שטארק אנגעבלאזען און קורץ און שארף געזאגט, אז דאס וועט מען ביי איהם נישט פועל'ן, זיין קונדשאפט בעשטעהט פון בלויז קריסטען און הויכע בעאמטע. דעריבער מוז ער האבען דאס געשעפט אפען אפילו אין שבת.

יעהענדיג, אז אלע זיינע רייד זענען ארויסגעווארפען, האט דער אמשינאווער אויסגעהענדיג געזאלט זאגען, אויב אזוי זאל זיך נאט, וואס האט דעם שבת געגעבען, פון איהם צוריק אב־נעהמען. פערשטעהענדיג דעם טיין פון די ווערטער, איז שוין אונזער כאזאנאוו אביסעל ווייכער געווארען און געבעטען דעם רבי'ן א ביסעל נאך צו ווארטען, ווייל ער וויל זיך וועגען דעם איבערשמועסן מיט זיין ווייב.

נאך א קליינע ווייל קומט כאזאנאוו צוריק צום רבי'ן און זאגט איהם צו, שבת צו האלטען דאס געשעפט געשלאסען, וואס אלע האבען גלייך נאכגעטהון.

נאך עטליכע וואכען האט כאזאנאוו בעקומען חרטה

אויף זיין צוזאג און ווייטער געפענט זיין געשעפט אום שבת.

איז אבער כאזאנאוו שטארק כרוגז געווען אויף דעם אמ־שינאווער, וואס ער האט איהם געהאט א קללה געגעבען, אז גאט זאל זיך אבגעהמען ביי איהם זיין עולה צוליעב דעם חלול שבת. האט ער אין א צייט ארום די גאנצע מעשה דערצעהלט א הויכען רוסישען בעאמטען, וועלכער איז געווען ביי איהם א גאנצער יוצא ונכנס.

פלוצים בעקומט דער רבי ר' מנחם אנ'אויפפאדערונג, אז ער זאל זיך שטעלען אין דער קאנצעלאריע פון פירשט. ווען ער איז אהין געקומען, האט מען איהם געפרעגט, ווער און וואס ער איז. און מיט וועלכען רעכט ער דערלויבט זיך צו צווינגען די יודען, אז זיי זאלען כווען האלטען שבת די געשעפטען פער־מאכט...

האט דער אמשינאווער ארויסגענומען פון דער בוזעם־טאש דאס „פאפיר", וואס זיין גרויסער פאטער האט געהאט פון פאר־רינען ווארשאווער פירשט, און מ'האט זיך אויך פאר איהם ענטשולדיגט און געהייסען איהם אהיימפאהרען. אבער כאזא־נאוו האט דאן בעדויערט דעם גאנצען אינצידענט, דערצעהלט די לעגענדע, און האט געזאלט האבען א מיאוס'ען אבשניט.

פאר פדיון שבוים האט אויך דער רבי ר' מנחם געאפפערט, ווי זיין גרויסער פאטער, דאס לעבען.

און ווען די יודען האבען געמוזט עוואקואירען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה די שכנות־דינע שטעדט ארום ווארשא און מען האט זיך געגרייט די יודען אויך פון אמשינאוו ארויסצושיקען אין מיטען רוסלאנד, האט דער גרויסער צדיק מרעיש עולם געווען, געלאפען צו די כלל־טוערם, צו די שרים, אום'פועל'נדיג ביי זיי, אז מען זאל די עוואקואירטע יודען לא־זען פערבלייבען אין ווארשא א. א. וו.

אבער אליין איז ער געפאלען א קרבן פון דער מלחמה און

קוים עטליכע און פופציג יאָהר אַלט איז דער רבי ר׳ מנחם אמ־שינאָווער נסתר געוואָרען ט״ז כסלו תרע״ח (1917), קומענדיג צו קבורה אין ווארשא.

דער היינטיגער רבי ר׳ יוסף קאַליש איז שוין דער דריטער דור פון דער אמשינאָווער דינאַסטיע.

פאר דעם טויט פון זיין גרויסען זיידע׳איז ער געבוירן גע־וואָרן: דער זיידע האָט געהייסען איהם א נאָמען־געבען „יוסף״, זאָגענדיג ווי יעקב אבינו האָט געזאָגט: „יוסף ד׳ לי בן אחר״, אז ער וועט זיין נאָכפאָלגער זיין. ר׳ יוסף איז אַן אייניקעל פון קאַלישער רב: ר׳ חיים אליעזר וואקס, דעם גרויסען חובבי־ציון און דער מחבר פון שו״ת: „נפש חיה״ און גע׳ רב אין אסטראָוו.

# ר׳ מאיר אפּטער

**א.**

דאָס אַלטע היסטאָרישע יודישע שטעדטעל אַפּט איז געווען איינע פון די ערשטע דריי שטעדט אין פּוילען, וואָס האָט גע־שמ׳ט אַלס צענטער פון חסידות.

לובלין האָט געהאַט דעם „חוזה״ (זעהער), קאָזשעניץ — דעם „מגיד״ און אַפּט — דעם „אוהב ישראל״.

און ווען ער, דער „אוהב ישראל״ האָט פערלאָזט, צוליעב ביז היינט נאָך נישט אויפגעקלערטע סיבות, זיין געליבט שטעד־טעל אַפּט, איבערטראַגענדיג זיך קיין קאָלבישאָוו, האָט ר׳ מאיר׳ל, וועלכער איז געווען רב אין סטאָבניץ, איבערגענומען דאָס כסא־דרבנות אין אַפּט און ווייטער דאָ געשפּונען די קאָנ־טינוזע פון דער רבי׳שער טראַדיציע.

ר׳ מאיר׳ל אַפּטער איז געווען איינער פון די פינף „מאיר׳ס״, וואָס זענען געווען דעם „חוזה׳ס״ מקורבים און נושאי כלים.

איינמאָל פרעגט דער „חוזה״ ביי ר׳ מאיר׳ל אַפּטער: זאָג מיר, מאיר׳ל, ווער זענען דיינע אבות? האָט ער איהם געענט־פערט: „מיין זיידע איז געווען אַ שניידער, מיין פאָטער אויך אַ שניידער. „נייעס״ האָבען זיי קיינמאָל נישט קאַליע געמאַכט און „אַלטעס״ פערריכט...

האָט דער „חוזה" געשאָסעלט מיט דעם קאָפּ: — זועלכע טייערע עלטערען צו האָבען, וואָס האָבען נייעס נישט קאַליע געמאַכט און אַלטעס פעררינכט, ביזטו אמת ראוי, אז דו זאָלסט מיין הבה זיין, און דערביי אָראָבגענומען פון זיך דאָס העמד און ר' מאיר'לען דערלאַנגט עס אַנצוטהון.

דאָס איז שוין געווען אַ סימן מובהק, אַז דער „חוזה" האָט ר' מאיר'לען אַפּטער גיוואָלבט אַלס רבי.

און טאַקע באַלד נאָך דער פּטירה פון „חוזה", ווען עס האָבען זיך אַלע זיינע מקורבים איינגעטיילט מיט דער גייס-טיגער ירושה, האָט זיך אַ גרויסער עולם בעהאַפטען צו ר' מאיר'ל אַפּטער, קרוינענדיג איהם אַלס רבי.

ר' מאיר'ל אַפּטער איז געווען אַ גרויסער מנגן. אין אַלע רבי'שע הויפען האָט מען געזונגען זיינע ערהאַבענע נגונים. דער בעריהמטער מוזיקער יאַנקעל פון לובלין האָט אויך געשפּיעלט ר' מאיר'ל אַפּטערס זאַכען אויף יודישע התונות.

אפילו אויף פּריצישע בעלער האָט יאַנקעל מיט זיין גרויסער קאַפּעליע געמוזט שפּיעלען דעם „ראַבינ'ס געזאַנג".

האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז ר' מאיר'ל אַפּטער האָט, דאַ-ווענענדיג מיטן יום־כפור, נישט געזונגען דאָס, וואָס ער האָט געהאַט איינגעשטימט מיט זיינע משוררים. זענען זיי אין גאַנ-צען צומישווינען געוואָרען. נאָכ'ן דאַווענען האָט ערשט ר' מאיר'ל זיי ענטפּלעקט דעם סוד, אַז עס איז זיי, דאָס הייסט די משוררים, אַ גליק געשעהן, וואָס זיי האָבען איהם נישט אראָב-געפיהרט פון ווינג, ווארום מלאכים פון הימעל האָבען אַ גאַנצע נאַכט מיט איהם איינגעזונגען דעם נייעם זמר, און זיי, די משוררים, וואָלטען געקאָנט דערמאַלט, חלילה, נכשל ווערען...

האָט אָבער דער רבי ר' מאיר'ל אַפּטער אויך געהאַט געגען זיך גרויסע מתנגדים, ווי אַלע רביים אין זיין צייט און דער עפּילאַג פון די מחלוקות צווישען די חסידים און מתנגדים האָט

זיך אפגעשפיעלט ביים ווארשאווער גלח סטאניסלאוו סטאשיץ, וועלכער איז דאמאלס געווען דער בילדונגס־מיניסטער.

ב.

דעם קאמף געגען די רביים און חסידים בכלל, וואס איז תחילת געווארן אנגעפיהרט אין דער ליטע דורכ'ן ווילנער גאון און אין פוילען דורכ'ן „אייזערנעם קאפ" אין לובלין, האבען שפעטער איבערגענומען און פארטגעזעצט די ווארשאווער אסי־מילירטע משכילים, וואס האבען דערביי געהאט אנדערע כוונות, ווי חיזוק הדת, וואס די ערשטע מתנגדים האבען געהאט.

די דאזיגע מחלוקות האבען אנגעשפארט ביז צו דער צענ־טראל־רעגירונג, און היות דא האט מען נישט געקאנט זיך פונאנ־דערקלויבען אין עצם פון דער זאך, איז אדווים אין 24־טען פע־ברואר 1824 א דעקרעט פון דער אוורי־גערופענער „רעגירונגס־קאמיסיע פאר בילדונג און רעליגיעזע ענינים" אין ווארשא, לויט וועלכען עס איז שטרענג פערבאטען געווארען די עקזיס־טענץ פון חסידישע קרייזלעך, און מען האט מאקי באלד אנגע־הויבען פאליציייאיש צו פערפאלגען די רביים מיט די חסידים צוזאמען.

זענען זיך צונויפגעקומען די דאמאלדיגע פיהרער פון פוי־לישען חסידיזם, דער רבי ר' בונם פון פשיסכע, ר' מאיר'ל אפטער, ר' יצחק'ל ווארקער און אנדערע קיין ווארשא צו דער רבי'שער פראטעקטארין, די בעריהמטע תמר'ל, ר' שמואל זבימקאווער'ס א שנור, און מען האט אנגעהויבען צו קלערן אנ'עצה ווי אזוי מבטל מאכען די דאזיגע שווערע גזרה.

דער ראמאלדיקער נאמיעסטניק אין פוילען, דער גענע־ראל זאיאנטשיק, האט נישט געוואלט זיך מישען אין די אינער־ליכע יודישע רעליגיעזע ענינים, אבער וועלענדיג דערנעהן דעם תמצית פון דער מחלוקת האט ער פעראדענט אנ'עפנטליכען וויכוח פון ביידע צדדים, — פון די מתנגדים און חסידים, —

וואָס זאָל פּאַרקומען אין דער אַנוועזנהייט פון גלח סטאַ־שיץ, וועלכער איז געווען אַ בעקאַנטער שונא ישראל.

דער וויכוח איז דורך איהם בעשטימט געוואָרען אויף דעם 13־טען יולי 1824.

האָבען דאָך די רביים שטאַרק מורא געהאַט פאַר די שלעכ־טע פאָלגען, וואָס אַזאַ וויכוח איז עלול צו ברענגען אויף דעם יוה״עמים. האָט תמר׳ל אנגעהויבען איינצוּרייסען ביי די הויכע פּענסטער, אַז די דאָזיגע פעראָרדנונג זאָל בטל ווערען. אָבער אויך דאָס מאָל האָט איהר זיך איינשטעלען גאַרנישט געהאָלפען און דער דיספּוט האָט געמוזט פאַרקומען. אַזוי האָט געוואָלט דער גלח.

האָט זיך דאָס מאָל ר׳ מאיר׳ל אַפּטער אָנגענומען די לענדען און אין בעגלייטונג פון דער חסידישער „מטרונא״ תמר׳ל גע־גאַנגען צום מיניסטער סטאַשיץ, אַ היים אין דער וואוינונג, כדי אַליין אויף איהם משפיע צו זיין, אַז ער זאָל נעמען זיין צו זיין צד.

סטאַשיץ איז שטאַרק איבערראַשט געוואָרען פון ר׳ מאיר׳לס פּקחות; פריהערדיג מיט איהם אַ לאַנגען שמועס וועגען יודיש־קייט בכלל און חסידות בפרט, האָט ר׳ מאיר׳ל איהם אויפ־געקלערט, אַז חסידים זענען נישט קיין רעליגיעזע כעקטע, ווי עס בעשולדיגען זיי די געגנערס אא״וו.

אַלס פאַרטיידיגער פון די חסידים ביים וויכוח האָט מען בעשטימט נישט קיין אַנדערן, ווי דעם בעקאַנטען קוומירער משומד להכעיס, סטאַניכלאַוו (יחזקאל) האָאַגע, אַ געוועזענער הייסער חסיד פון „חוזה״ און איצט איז ער געווען סעקרעטאַר פון סטאַשיץ׳ן — ר׳ מאיר׳ל אַפּטער איז דאָך געווען אַ רואה את הנולד...

דאָס האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען שטורם צווישען די וואַרשאַווער משכילים, אַז אַ משומד זאָל זיין דער פאַרטיידיגער אין אַ ריין יודישען ענין. האָבען זיי ווייטער אַרויסגעשטעלט

אלס זייער מוען דעם עקססען אסימילאטאר אנטאני אייזענ־בוים, דער דירעקטאר פון דער ראבינער־שול, א״אסימילאטאר, אבער דאך א יוד.

צו דער בעשטימטער שעה איז פארגעקומען דער דאזיגער וויכוח אין דער וואוינונג און אונטער דעם פארזיץ פון גלה סטאשיץ. אנוועזנד זענען געווען אויך ה׳ מאיר׳ל אפטער, אין בעגלייטונג פון חסידים. אויך פיל משכילים און א סך בעאמטע.

דער משומד האט פארטיידיגט דעם מהות פון חסידיזם, אז ס׳איז נישט קיין רעליגיעזע סעקטע אא״וו. דער זעלבער, וואס פלעגט אויבלאכען און שפאטען פון חסידים, האט איצט עס געהויבען ביז׳ן הימעל. אייזענבוים׳ס טענות זענען ווייניג גע־נומען געווארען אין אכט.

דער דא, נער היסטארישער וויכוח האט געדויערט עטליכע מעג כסדר און געהאלטען דאס גאנצע יודישע וועלטעל אין גרויס שפאנונג. תמר׳ל, פערשטעהט זיך, האט „געשטיצט״ און די חסידים זענען ארויס פון וויכוח מיט א גרויסען נצחון.

אין 30־טען אויגוסט 1824 איז ארויס א דעקרעט, נישט מעהר צו שטערען די חסידים צו דאווענען אין בעזונדערע בתי תפילות אא״וו.

אבער די רדיפות צווישען ביידע פארטייען זענען ווייטער געפיהרט געווארען מיט נאך א גרעסערען שטורם, ווי פריהער.

**ג.**

איצט, נאך דעם זיג, וואס ר׳ מאיר׳ל אפטער האט אבגע־האלטען בייב גלה סטאשיץ, איז זיין פרעסטיזש געוואקסען פון טאג צו טאג אין די חסידישע קרייזען.

אבער ער איז געווען צו בעשיידען, אז ער זאל דאס אויס־נוצען פאר זיין קעשענע און כבוד וועגען.

ער איז געווען כל ימיו א שומח בחלקו, נישט געריסען די טאשען פון פריוואטע און ווען ער האט געברויכט פאר יודען עפעס אויסצופיהרען, האט ער געשפריינגט מיילען וויט צו פוס.

און ווען ס'איז געקומען זיין יום־הפקורה, האָט ער צו דעם עולם, וואָס איז געשטאַנען אַרום זיין טויטן בעט און געוויינט, געזאָגט: „המאיר לארץ, מאיר'ל מוז געהן אין דער ערד אַריין, ולדרים עליה ברחמים, און פאַר די, וואָס בלייבן אויף דער ערד, וועט ער בעטן רחמים".

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט זיך דער גרויסער צדיק געזעגנט מיט דעם ערדישן לעבן און איז אַוועק צו דער ערד י"ח טבת תרי"ח (1858).

חוץ אַ חיבור „אור לשמים" אויף תורה (ערשינען אין לעמבערג תרי"א), האָט ר' מאיר'ל אָפּטער אויך איבערגעלאָזט אַ תפילה „רבון העולמים", וועלכע דער תפארת שלמה", זיין מקורב, פלעגט זאָגן יעדן טאָג אין דער פריה, אַלס סגולה צו פרנסה.

דער משומד האָגע האָט אונז אויך מוכח געווען נאָך דעם וויכוח מיט אַ פּאַסקוויל אויף יודען, „תאַ־ חוו", דאָ זעהט, הייסט עס, אין פאָרם פון אַ געשפּרעך וועגן יודען איז עס געשריבען.

ד.

צום סוף מוז אויך דערמאָנט ווערען דער אַנעקדאָט וועגען דעם בעזוך פון ר' מאיר'ל אָפּטער בווּם גלח, וואָס שטאַמט פון משכילישע קרייזען. נעמליך: ביים געזעגענען זיך נאָך דעם וויכוח מיט דעם גלח, האָט דער לעצטער געוואָלט פרעגען דעם רבי'ן, ווען וועט שוין קומען די צייט, אַז מיר ביידע וועלען עסען פון איין שיסעל; האָט געוואָלט ר' מאיר'ל ענטפערען, אַז דאָס וועט זיין אויף זיין, דעם גלח'ס חתונה...

# די טריסקער

## א

די „טריסקער" זענען א שם־דבר אין דער חסידישער וועלט, זיי ציהען זייער יחוס פון דער בעריהמטער „טשערנאָבילער דינאַסטיע".

דער רבי ר' מרדכי'ניו טשערנאָבילער איז געווען זייער גרויסער זיידע, פון וועלכען אלע רבי'שע הויפען האָבען זיך גע־טרייכט און מתחתן געווען.

דער רבי ר' מרדכי'ניו האָט געהאט אכט זיהן; דער פינפ־טער פון זיי, דער רבי ר' אברהם'ניו, האָט זיך בעזעצט אין טריסק, אנרופענדיג זיך דער „טריסקער מגיד".

דער „טריסקער מגיד" איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקס"ו (1806) און שוין אלס יונגעל האָט ער גע'שם'ט אלס גרויסער חכם און צדיק, אויסגעצייכנעטער שטאַרק אין די חסידישע אריסטאָקראַטישע הייזער אין גאַנץ וואָלין.

א גאַנצע וועלט איז דאָן צו איהם, אלס רבי, געפאָהרען און מיט איהם זיך געצאצקעוועט.

אזעלכע גדולים, ווי דער פאָרימאָווער (ר' יעקב צבי), דער גראַדזיסקער (ר' אלימלך), דער אָזשיכאָווער (ר' יחיאל חיים), דער ראַדאָמסקער (דער „חסד־אברהם"), דער בענטשינער (ר' חיים שמואל), דער אלעקסאנדרער (ר' יחיאל), דער גאָסטינינער (ר' יחיאל מאיר), דער ראַדאָשיצער (ר' הלל), ר' צמח

שירלאָוועצער און נאָך אַ סך אַנדערע ווייערס גלייכען ווענען געפאָהרען צום „בריסקער מגיד".

זיין התפעלות איז געווען, אז אלע חסידים און רביים, פון קליין ביז גרויס, וואס זענען עולה רגל געווען קיין טריסק, האט מען מאכל ומשקה געווען אין „הויף" כיד המלך, צוליב וואס דער טריסקער מגיד האט געמאכט גרויסע חובות, וואס די רייכע חסידים האבען דאן געדעקט פון זייער קעשענע.

דאס דאָזיגע „הכנסת אורחים" האט ער גע'ירשנ'ט פון זיינע גרויסע אבות און אזוי זענען זיך נאָך נוהג ביים הייב־טיגען טאָג זיינע זיהן און אייניקלעך.

געהאט האט דער טריסקער מגיד דריי זיהן, וואס האבען אויך אבגעגעבען די וועלט.

דער עלטסטער ר' נחומ'טשע איז נאָך בחייו פון זיין פאָטער נפטר געוואָרען אין בריסק (תרמ"ז).

דער צווייטער איז געווען ר' מאָטעלע קוזמירער און דער דריטער, דער רבי ר' יעקב לייבעניו (ר' יעקב אריה).

און היות זיי זענען גראָד נישט געווען אין דער היים, ווען זייער פאָטער, דער טריסקער מגיד, איז נסתלק געוואָרען (ב' תמוז תרמ"ם), האט דער עולם זיך צוטעאיילט און דעם יונגס־טען זוהן, ר' יעקב לייבעניו, געקרוינט אלס ממלא מקומו.

* * *

דער רבי ר' מאָטעלע קוזמיר האט קיינמאָל נישט געקאָנט אייניזיצען אויף איין אָרט, ווילענדיג נישט ווילענדיג איז ער געווען אין זיין גאַנץ לעבען נע־ונד, נישט האָבענדיג קיין שטאָדט, וואו ער זאָל בסדר וואוינען.

ער האט געהאט אויסצושטעהן גרויסע רדיפות. צוליב פיהרען רבי'שקייט אין וואָלאַדאָווקע, האט איהם די רוסישע מאכט געגעבען א „וויסילקע".

. האט ער זיך בעזעצט אין דאָמבראָוויץ (גאַליציען), דאָ האבען איהם ווייטער פערפאָלגט רבי'שע „קאָנקורענטען", מסר'נ־דיג איהם, אז ער איז א רוסישער אונטערטאַן, וואס האלט זיך

דאָרט אומלעגאַל אויף און פֿערפֿיהרט די ױדישע מאַסען; האָט איהם װײַטער די עסטרײַכישע מאַכט אַרױסגעשיקט.

האָט זיך ר׳ מאָטעלע קוזמיר דאַן בעזעצט אין כעלם. אָבער אױך דאָ האָט איהם דאָס שלים־מזל פֿערפֿאָלגט און ער האָט זיך איבערגעטראָגען קיין לובלין. פֿון דאַנען װײַטער קיין קוזמיר, װאו ער האָט געהאַט אַ סך אָנהענגערס און זיך געקאָנט שוין דאָ זיצען במנוחה.

אין װײַטער אויסגעבראָכען די מלחמה און ער האָט גע־מוזט אויך קוזמיר פֿערלאָזען צוליב דער פֿייער־ליניע בײַ דער װײַסעל און זיך איבערגעטראָגען קיין קיעלץ, װאָס איז געװען אין דער מלחמה־צײַט אַנ׳עיר מקלט פֿאַר די פּראָװינץ־רביים. דאָ האָט זיך שוין ר׳ מאָטעלע געזעגענט מיט דער זינדיגער װעלט. ער איז נפֿטר געװאָרען בײַם דאַװענען, געהענדיג אין טלית און תפֿילין, פֿרײַטאָג ח׳ תמוז תרע״ז (19,7), אין עלטער פֿון עטליכע און זיבעציג יאָהר, נישט איבערלאָזענדיג קיין קינד.

ב.

דער רבי ר׳ מאָטעלע קוזמיר פֿלעגט זיך פֿון צײַט צו צײַט שטאַרק צעװײנען, װי אַ קליין קינד, אָבגעבענדיג זיך אַ דין וחשבון צוליב די פּריװנות, װאָס ער נעהמט בײַ מענשען, װעל־כע גלױבען דערבײַ, אַז ער קאָן; און מהוט זײ העלפֿען; ער פֿלעגט אויך טענה׳ן, מיט װאָס װעט ער זיך פֿערטיידיגען, װען ער װעט יבוא יומו פֿאַר דעם בית־דין של מעלה גערופֿען װערען.

אפֿילו זײַן האַרטער משמש בקודש, ר׳ מיכל שטאָקהאַמער, װעלכער איז פֿאַר קיין זאַך נישט נתפּעל געװאָרען, פֿלעגט יעדעס מאָל, װען דער רבי האָט זיך אַזױ שטאַרק צעװײנט, געװישט זיך די טרערען פֿון זײַנע אױגען.

האָט זיך אָבער באַלד דער רבי ר׳ מאָטעלע געטרייסט דערמיט, װאָס ער זאָגט קײנעם גאָרנישט צו און מהוט קײנעם אויך נישט אָבנאַרען.

זײַן עבֿדא איז גאָר, װאָס ער מהוט יעדען מבטיח זײַן,

אז ער איז מתפלל און איז מעורר רחמים, ביז נאָך פאַר די יודען, אז זייערע תפילות זאָלען ווערען געהערט אין הימעל און אז „זכות אבות" זאָל איהם ביישטעהן.

אז זכות אבות איז איהם בײגעשטאַנען, פלעגט מען אַ סך רעדען ביי חסידים.

ער האָט אַ סך פאַראויסגעזעהן און פאַראויסגעזאָגט. ווען ער איז איינמאָל, פאַר דער מלחמה, געווען אין ווארשא ביי דעם גביר בנציון קאָסטעלאַנז, איז געקומען צום רבי'ן ר' מאָטעלע אַ יונג ווייבעל מיט אַ טעלעגראַמע, אין וועלכער מען האָט דרינגענד ארויסגעפאָדערט איהר מאַן צו קומען צו דער לויה פון זיין פאָטער. דערביי האָט זי געפרעגט דעם רבי'ן, צי זי זאָל איבערגעבען דעם מאַן די טעלעגראַמע, ווארום ער איז אַנ'אָנגעשטעלטער און קאָן נישט אויף קיין איין טאָג פערלאָזען זיין פאָסטען אין ווארשא.

האָט דער רבי ר' מאָטעלע איהר געענטפערט קורץ און שארף, אז ניטש.

דער דאָזיגער ענטפער האָט שטאַרק איבערראַשט די מסור־בים זייערע, וואָס זענען גראָד דערביי געווען, ווארום לויט דעם דין מוז מען דאָך זאָגען אַ זוהן וועגען דעם פאָטערס טויט.

— אָבער וואָס זאָל איך טהון — האָט זיך דער רבי פאַר זיי פערענטפערט — אז איך גלויב גאָרנישט, אז יענער זאָל זיין געשטאָרבען.

און טאַקע אין עטליכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ בריף פון דעם בלומר'שטען מת, אז ער איז געזונד און שטאַרק און ווייסט גאָרנישט צו זאָגען פון קיין חלום און פון קיין פתרון.

ג'

אַ גרויסער בעל־מופת — דערצעהלט מען — איז אויך געווען דער רבי ר' יעקב ליובעניו, דער ממלא מקומו פון טרים־פער מניד.

אלס יונגערמאַן האָט ער שוין געשטרעבט צו גלוי אליהו

דורך פייגינען זיין לייב את ר. גל.

ער האָט זיך פאַרגענומען גאַנצע טוועלער נעכט נישט צו שלאָפן און תפילה צו טהון, אז ער זאָל דערגרייכען צו דער דאָזיגער העכער מדרגה.

איז ר' יעקב לייבעניו אָבער נאָך 300 שלאָפלאָזע נעכט און פייגיגען זיך געפעהרליך קראַנק געוואָרען.

די גרעסטע דאָקטוירים האָבען זיך פון איהם מיאש געווען, קוים ער ווערט נישט אויפהערען זיך צו פייגינען.

איז דעמאָלט דער טריסקער מגיד אריין צו איהם אין שטוב און אזוי איהם גוזר געווען, אז ער זאָל זיך נישט מעהר מאַטערען ווענען גלוי אליהו, וואָרום בעשיינפערליך איז מען אין הימעל דערויף נישט מסכים.

און מאַקע אויפהערענדיג צו האַלטען תגופים און וואַכט־נעכט, האָט דער רבי ר' יעקב לייבעניו אָנגעהויבען בהדרגה געזונד צו ווערען.

דאָס געזונד ווערען פון רבי ר' יעקב לייבעניו פון דער שווערער קראַנקהייט איז אויסגעפאַלען אין חודש מרחשון. האָט מען אין טריסק מתקן געווען, אז ביים בענטשען ראש־חודש מרחשון זאָל מען נישט זאָגען „מרחשון", וואָס בעדייט א ביי־טערער חודש, נאָר „רם־חשון", א דערהויבענער חודש.

דער דאָזיגער מנהג ווערט ביז דעם היינטיגען טאָג אָבגעהיטען ביי די „טריסקער".

אָבער אויך די ביטערע וועלט־מלחמה האָט דעם רבי ר' יעקב לייבעניו פעריאָגט פון קאָוועל. אַרומשלעפענדיג זיך מיט זיין בני בית פון שטאָדט צו שטאָדט האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין ראַוונע איבער די ימים נוראים.

האָט זיך פאַסירט, אז זיין „נשמה־ליכט", וואָס ער האָט אָנגעצונדען לכבוד יום כפור, איז פלוצלונג, אָהן שום אויסער־ליכער סיבה, פערלאָשען געוואָרען. דער רבי האָט אייגנעזעהן אין דעם פערלאָשענעם ליכט א שלעכטען סימן, אז זיין לעב

בענס־גורל איז שוין געוואָרען אין הימעל אָבגע׳חתמ׳עכט צום טויט. אָבער דער גרויסער צדיק. האָט דאָס קיינעם נישט גע־וואָלט מגלה זיין, ער האָט דרייסט געקוקט דעם ביטערען טויט אין די אויגען אריין, נישט צולאָזענדיג זיך קיין עצבות און יאוש.

נאָך דעם שווערען ווינטער, וואָס ס׳איז איהם אויסגעקו־מען יענעם יאָהר צו איבערלעבען, האָט זיך דער רבי ר׳ יעקב לייבעניו געלאָזט, ווי תמיד, אין בעגלייטונג פון זיינע משמשים, אין וועג אריין צו זיינע חסידים.

און פערענדיגענדיג זיין נסיעה בסודש, האָט ער זיך אָב־געשטעלט אין הרוביעשאָוו, וואו מען האָט איהם געמאכט א פייערליכען קבלת־פנים.

דאָ האָט זיך דער רבי ר׳ יעקב לייבעניו אָבגעשלאָסען אין זיין יחוד־שטיבעל אין דער אכסניא, וואו ער איז איינגע־שמאָנען און קיינעם צו זיך נישט צוגעלאָזט, קיין קווימעל און קיין פדיון אויך נישט געוואָלט פון קיינעם צונעהמען.

דריי גאַנצע טעג און נעכט איז ער געזעסען אזוי אָבגע־שלאָסען פון דער וועלט און געלערענט און מתפלל געווען. נאָכדעם איז ער געגאַנגען גאַנץ פריה אין דער מקוה אריין און נאָך ש״י (310) טבילות האָט ער דאָרט אויסגעהויכט זיין נשמה (כ״ח אייר תרע״ה).

ד.

מיט דער גייסטיגער ירושה האָבען זיך נאָך דער פטירה איינגעטיילט די זיהן.

דער רבי ר׳ משה מרדכי (טווערסקי) אין לובלין, ר׳ זאב וואָלף אין קאָוועל און ר׳ דוד אהרן אין זשארקי (היינט אין טשענסטאָכאָוו) אא״וו.

פון טריסקער מגיד איז ערשינען א ספר אויף תורה „מגן אברהם״, פון ר׳ מאָטעלע קוזמיר „מאמר מרדכי״ און ר׳ אהרן דוד טווערסקי „ספר היחוס משרנוביל״.

# דער שידלאָווצער

### א.

דער שטעטער פון דער „שידלאָווצער דינאַסטיע" איז געווען דער רבי ר' נתן דוד ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט נע'שמ'ט אין דער חסידישער וועלט אַלס אַ גרויסער צדיק און מקובל און איז אויך געווען פון גרויסען יחוס.

זייענדיג אַנ'אייניקעל פון „יוד הקדוש", האָט ר' נתן דוד ערשט גענומען זיך צו פראַוועון רבי'סטווע נאָך זיין פאָטערס פטירה, דעם רבי'ן ר' ירחמיאל פשיסכער.

און נישט סוקעסדיג, וואָס ער איז געווען אַ שוואָגער פון גראָדזיסקער רבי'ן ר' אלימלך שפירא, איז דער פאָטער געפאָהרען צום „גוטען יוד" פון נייי־שטאָדט, פון קוזמיר א. אנד.

זיינע רביים האָבען זיך מיט איהם שטאַרק געגרויסט, פערדעבענעדיג איהם פאַר זייערס נאָר אַ נאָהנטען, אַ מקורב.

דער „שידלאָווצער" איז געווען דער איינציגער „גוטער יוד" אין פוילען, וואָס איז דעמאָלט געווען פערמעגליך.

ער האָט געהאַט הינטער שידלאָווצע אַ שעהן איינגעאָרדענט פאַלוואַרקעל, סמאַרא וויעש האָט עס געהייסען, וואָס ער האָט בעקומען איינגעשאַצט אַלס נדן פון זיין שווער.

די רבי'צין, דבורה פּערלע, האָט זיך בעשעפטיגט מיט דעם פאַלוואַרק, געהאַלטען פאַראַבקעס, בעאַרבייט און פער־

זייהט די פעלדער, געפלאָנצט און געהיט דעם גאָרטען. האָט אויך געהאַלטען בהמות און „צוגאָווקעס", מיט וועלכע דער רבי פלעגט אָפט אַרויספאָהרען אייגגעשפּאַנט אין אַנ'עלעגאַנטער בריטשקע מעשה פריץ.

אין דער שטאָדט גופא האָט דער רבי אויך געהאַט זיין מויער מיט אַ גרויסען אויבסט־גאָרטען און אַנדערע בעקוועמ־ליכקייטען.

און ווען די גרויסע שרפה איז געווען און פון דער גאַנצער שטאָדט איז געוואָרען אַש, האָט דעם רבי'נס הויף גאָרנישט געשאַדט.

וועגען דער דאָזיגער שרפה דערצעהלט מען, אַז די שטאָדט האָט געפיהרט אַ גרויסע מחלוקה מיט זייערן אַ רב, ר' אימשע יודעל. מען האָט איהם שטאַרק גע'רודפ'ט און גרויסע צרות אָנגעטהאָן, נישט אויסצאָהלענדיג איהם קיין פענסיע אא"וו. האָט דער רב פערביטערט פערלאָזט שידלאָווצע און זייענדיג היכ־טעד דער שטאָדט האָט דער רב געפּאָטעט מיט זיין רויטע פאַ־טשיילע, שילטענדיג דערביי, אַז די גאַנצע שטאָדט זאָל פער־ברענט ווערען.

אין דעם מאָמענט איז אויסגעבראָכען אין שידלאָווצע אַ געוואַלדיגע שרפה, פון וועלכער די מענשען זענען קוים אַרויס מיט דעם נאַקעטען לעבען, פערלירענדיג זייער גאַנץ פערמעגען.

האָט אָבער דאָן דער גרויסער צריק אויף דער זינדיגער שטאָדט מכין געווען און זי האָט זיך צוריק אויפגעבויט און אַלע נשרפים זענען צוריק עשירים געוואָרען.

דער רבי ר' נתן דוד האָט נישט געפיהרט קיין מחלוקת מיט די אַנדערע רבי'שע הויפען, ווי ס'האָט זיך געפיהרט אין יענער צייט. צוליב דעם טאַקע איז ער בעליבט געווען אין אַלע חסידישע קרייזען אָהן אויסנאַהם.

זייענדיג אַ גרויסער נתבא אל הכלים האָט ער גאָרנישט אויפגעשריבען און נישט געלאָזט אויפשרייבען פון זיינע גייסט־

דייכע „תורות", וואָס ער פלעגט מחדש זיין און זאָגן ביים טיש־פירערן.

האָט איהם אָבער דער פריהצייטיגער טויט (ז' חשון תרכ"ה) אין די בעסטע יאָהרען, אין עלטער פון 55 יאָהר, אוועקגענומען, איבערלאָזענדיג 4 זיהן: ר' צמח, ר' יאיר, ר' פנחס'ל און ר' יענקעלע.

נאָך דער פטירה האָבען זיי זיך איינגעטיילט מיט דער גייסטיגער און מאַטעריעלער ירושה.

דאָס פּאָלקווארק האָבען זיי איינציגווייז פערקויפט צו פּויע־רים.

געבליבען זענען זיי נאָר ביי דעם הויז אין דער שטאָדט, וואָס איז היינט די רעזידענץ פון די אייניקלעך.

ב.

דער עלטסטער זוהן פון דעם רבי ר' נתן דוד איז געוואָרן דער אָפיציעלער ממלא מקומו, אָבער קיין גרויס נחת האָט ער נישט געהאַט פון זיין רבי'שקייט.

ס'האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז זייענדיג נאָך א בחור איז געקומען צום רבי'ן ר' נתן דוד א יורענע ועגען א סגולה אויף א מיחוש. איז דער רבי גראָד אין דער שטוב נישט געווען. האָט זיך ר' צמח דערלויבט צוצונעהמען דאָס קוויטעל און דעם פּדיון פון דער פרוי און איהר געגעבען א סגולה. האָט זיך דערנאָך דער רבי, דער פאָטער הייסט עס, דערפון דערוואוסט, האָט דאָס איהם אויסטערליש פערדראָסען און זיך טאַקע שטארק אַנגעבייזערט אויפ'ן זוהן, פאַרוואָס ער איז שוין אַזוי פריה אַרויסגעשפּרונגען און זיך דערביי, נישט ווילענדיג, אַרויסגע־באַפט מיט די ווערטער, אַז דער קאָפּ מעג איהם שוין איינמאָל פערדרעהט ווערען.

האָט דאָס ר' צמח געהאַלטען פאַר א קללה און זיין גאַנץ לעבען האָבען איהם די ווערטער פערפאָלגט.

און ווען ר' צמח האָט אָנגעהויבען פּרובען רבי'שקייט,

האָט זיך מאַטע די דאָזיגע קללה ביי איהם אָבגערופען, ער האָט בעקומען קאָפּדרעהעניש. מען האָט איהם געהאַלטען אין שטעדטעל פאַר אַ גאַנץ אונגאָרמאַלען מענש.

אַ לאַנגע צייט האָט מען עס געהאַלטען אין הויף פאַר אַ סוד, אַז ס׳זאָל זיך קיינער, חלילה, דערפון נישט דערוויסען. אָבער די ווענט האָבען דאָך אויערען און זיין „התנהגות״ האָט איהם פּערראַטען פאַר דער עפענטליכקייט. מען האָט אפילו דעם עולם איינגערעדט, אַז זיין אויסטערליש פיהרען זיך איז נסתרות, „פערבאָרגעניש״, אָבער, מען האָט געזעהן בעשיינ־פּערליך, ווען ער האָט אָבגענומען סוויטלעך און פּדיונות, אַז ס׳זענען געווען מאָמענטען, ווען ר׳ צמח איז נישט געווען ביים פולען זין אָך אַז ער טהוט אַזעלכע מעשים, פון וועלכע ער האָט זיך נישט אָבגעגעבען קיין רעכנונג, וואָס ער טהוט.

ס׳האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג האָט זיך ר׳ צמח (נישט דער רבי ר׳ נתן דוד, ווי מאַנכע ווילען עס בעהויפּטען) אומבעמערקטערהייד זיך ארויסגע׳גנב׳עט פון זיין יחוד־שטיבעל און איז ארוים אויף דער גאַס. אריינכאַפּענדיג זיך אין דער קיך פון אַ שכן, אין וועלכער ס׳האָט זיך גראָד קיינער נישט געפונען, האָט ער אויפגעגעסען די גאַנצע פיש, וואָס זענען שוין געווען לכבוד שבת אָבגעקאָכט.

ביים אָנטקעגען האָט ער געזאָגט צו דעם קליינוואַרג, וואָס איז אריינגעקומען צו לויפען, הערענדיג, אַז עמיצער רודערט ארום אין דער קיך, אַז זיי זאָלען זאָגען דער מוטער, אַז ר׳ צמח האָט אויפגעגעסען די פיש לכבוד שבת.

און זאָגענדיג אַ „גוטען שבת״ איז דאן ר׳ צמח ווייטער אומבעמערקטערהייד אריין אין זיין שטיבעל, ווי קיינמאָל גאָר־נישט.

אַזעלכע עהנליכע שטיקלעך פלעגט דער רבי ר׳ צמח אָפט מאַכען. האָט מען דאָך איינגעזעהן, אַז דאָס התנהגות פון ר׳ צמח איז נישט אַזוי גלאַטיג, האָט מען צוגענומען פאַר איהם

ספעציעל א שומר. מאקע א יונג פון ביינער, ועלכען דער רבי האט אנגערופען „משוגע'נער משה".

ער האט איהם נזהאלטען אונטער א שטרענגער השגחה. מען זאגט, אז ער האט אפילו דעם רבי'ן געשלאגען. דער רבי אליין פלעגט זאגען צו זיינע מקורבים וועגען דעם דאזיגען „שומר", אז אויף איהם איז מקוים געווארען די קללה פון דער תורה: הכה ה' איתך בשגעון", נאט האט דיך געשלאגען מיט א „משוגענעם" (!).

און ווען דער סוד איז ארויס אויף דער גאס, האט מען ר' צמח'ן געפיהרט קיין זוארשא און ער איז דארט נפטר געווארען.

א צווייטע ווערסיע דערצעהלט, אז די קראנקהייט איז ר' צמח'ן געקומען פון א זאומגליקליכען צופאל, וואס ס'האט איהם געטראפען.

די מעשה איז געווען, אז נאכ'ן טויט פון זיין גרויסען פאטער האט זיך פלוצלונג איינגעבראכען אין זיין וואוינונג, וואו ער איז געזעסען און געלערענט מיט זיינע קינדערלעך, א בעל־הע פון סופים און עטליכע קינדער זענען אויף טויט דער'הרג'עט געווארען.

פון דער דאזיגער שרעקליכער קאטאסטראפע האט דער רבי ר' צמח בעקומען א מהדערשיטערונג און איז דערפון ארויס פון זינען.

דער עולם דערצעהלט אויך, אז עס זענען אפט געווען ביי ר' צמח'ן מאמענטען, ווען ער האט צוריקבעקומען דעם געדאנק און די וואס האבען גראד מכוון געווען די שעה און איהם א קוויטעל געגעבען, זענען ביי איהם באלד געהאלפען געווארען.

מען דערצעהלט אויך, אז ר' צמח האט קיינמאל נישט געגלויבט אין די רפואות פון די דאקטוירים. ביי דער קראנקהייט האט ער אויך נישט צוגעלאזט צו זיך קיין דאקטאר. דעריבער האבען אויך די דאקטוירים, וואס האבען איהם געהיילט קיין שליטה אויף דער קראנקהייט נישט געהאט.

דער רבי ר׳ צמח האָט געהאַט עטליכע זיהן: ר׳ איטשעלע, ר׳ מאיר׳ל, ר׳ נתן דוד און ר׳ משה חיים (חיים׳ל).

ר׳ מאיר׳ל איז דער היינטינער „פיאַסעצנער", ר׳ נתן דוד איז געווען דער אָפיציעלער ממלא מקום נאָך זיין פאָטער אין שידלאָווצע. ער איז נפטר געוואָרען י״ד אדר תרצ״ב (1932).

ר׳ משה חיים, אָדער חיים׳ל, איז דער לעגענדאַרער „יאָשע קאַלב", מיט וועלכען ס׳האָט זיך אין זיין צייט געקאָכט די רבי׳שע וועלט, וועגען וועלכען זינגער האָט אויך אָנגעשריבען זיין ראָמאַן. צו ר׳ צמח׳ס אייניקלעך געהערען אויך דער סוכע־דנישטער און ראַקאָווער רביים, וועלכע וואוינען אין קיעלץ און שמ׳ן אַלס גרויסע צדיקים...

# ר' מענדעלע ווארקער

א.

דער רבי ר' מענדעלע ווארקער איז געווען דער ממלא מקומו נאך זיין פאטער ר' יצחק'ל ווארקערס פטירה (כ"ב ניסן תר"ח), כמעט ער איז געווען דער יונגסטער זוהן.

אלס קינד שוין איז רבי ר' מענדעלע שטארק האפערדיג און ווילד געווען און קיין גרוים חשק צו לערנען האט ער נישט געהאט.

ער פלעגט גאנצע טעג ארומלויפען אין די גאסען מיט פראסטע גאסען־יונגלעך און מיט זיי זיך חבר'ן.

אויף אלע וואגענס האט מען איהם געזעהען זיצען, האל־טענדיג די לייצעס און די בייטש אין די הענד. דערפאר פלעגט ער די בעל־עגלה'ס אוועקגעבען דאס גאנצע טאשען־געלד, וואס די רבי'צין, די מוטער זיינע, פלעגט איהם געבען יעדען טאג.

ער פלעגט אויך מיט דער בייטש ווילדעווען אויף דער גאס. שלאגען יעדען, ווער ס'איז איהם געקומען אונטער דער האנד א. אז. וו.

האט מען איהם געמאכט פריה פאר א חתן, כדי ער זאל זיך שעהמען ארומצודרעהען פוסל בטל, אבער אתדער ר' מענ־דעלע האט ווייטער געווילדעוועט און געפילדערט מיט דער בייטש און אנגעטריבען מיט פערד און וואגען...

האט זיך דערפון אויך דערוואוסט דער מחותן זיינער און

איז געקומען צום רבי'ן ר' איציק'ל זיך בעקלאגען אויף דעם „קליינעם", אז ער האט פון איהם תרפות און בושות. האט דער רבי דעם מחותן בערוהיגט און געטרייסט, אז עס וועט נאך פאר מען א צייט, ווען ער וועט האבען פון איהם א סך נחת און פרייד...

מען האט נארישע געטאנט דעם „קליינעם" איס'מוסר'ן, וועגען זיין צולאזענקייט. ער פלעגט באלד יערען אריינזאגען: „גנה צו אלדע רוחות"...

אבער די „ווארקער" פלעגען זיין ווילדקייט אויסטייטשען, אז ר' מענדעלע מהוט מענר אויף מיט דער בוימש, ווי אנ'אנ־דערער מיט זיין תורה און תפילה...

פון דעם דאזיגען תענת האט זיך ר' מענדעלע אויך גישט אבגעשטעהגט אפילו, ווען ער איז שוין געווען א מנהיג פון חסי־דים. ער האט געהאט זיין אייגען געשפאן, וואס איז בעשטאנען פון די בעסטע צוגאווע פערד, וועלכע ער האט אליין אייגעקויפט און אויסגעפרובט, און אויך האט ער געהאלטען א שניצלם שמייסער...

געהייסען האט דער שמייסער יאשון. די חסידים אבער האבען איהם גערופען יאשיקעל, און די, וואס האבען נישט געוואוסט, וואס און ווער ער איז, האבען איהם גערופען ר' יאשיקעל, האלטענדיג, אז ער מוז זיין עפעס א חשובער מקורב פון רבי'ן להבדיל.

יאשיקעל איז זיך טאקע געווען א גאנצער חשוב ביי די „ווארקער", ווי אלעקסיי ביים בעל שם טוב, כאמשעס דער פאר־דאבעס, ביים ראדאשיצער רבי ר' בער און וואיטעק ביים ניי־שטעדטער.

און ווען דער רבי ר' מענדעלע פלעגט ארויספאהרען מיט זיין צוגאווען געשפאן הינטער דער שטאדט, האט ער אליין, זר־צענדיג אויף די קאזלעס, אנגעטריבען מיט די פערד און יאשי־קעל דער שמייסער איז זיך געזעסען בנעימות ווי א פריץ אויף

דעם הינטערשטען נעזעס. אבער ביי געוויסע מאמענטען האט דער רבי איהם נעהייסען זיצען פערדרעהט מיט דעם פנים אויף דער צווייטער זייט ריקווערטס.

פאהרענדיג אזוי, האט צייטענווייז דער רבי ר' מענדעלע געגעבען א שווערען קרעכץ, אדער א ניגונדעל צום טאקט אונ־טער דער נאז זיך געזונגען און יאשיקעל איז שוין געווען אזוי בעהאווענט אין רבי'נס התנהגות, אז ער האט פערשטאנען, וואס דאס אלץ האט צו בעדייטען.

נאך אזא נסיעה פלעגען איהם דעם שמייסער, די חסידים שטארק דולען דעם קאפ און איהם געבען א גרויסע כוסה, אז ער זאל זיי עפעס דערצעהלען וועגען די מופתים, וואס דער רבי בעווייזט אויף'ן וועג, אדער ווען ער טהוט אבטרעטען האלב־וועגס אין דער קרעטשמע, וואס האט זיך געפונען אין באקרא־וואליע.

ב.

יאשיקעל שמייסער האט געערדט א גוט יודיש מיט אלע חסידישע שפייטען און מנגיות און פאר איהם איז קיין סוד נישט געווען, וואס ס'קומט פאר אין רבי'נס הויף. מען האט זיך דארט איבערהויפט פאר איהם מיט גארנישט געהיט.

אבער יאשיקעל איז געווען א פערה'הוצפה'טער ברודיגער שגץ, ארומגעגאנגען אבגעריסען און אבגעפליסען, איינגעהילט אין שמאטעס. דער קאפ האר צושויבערט, מיט היי און שטרוי דורכ־געפלאכטען, קיינמאל נישט ארומגעוואשען און שטענדיג שיכור...

ביי דעם אלעם פלעגען איהם די חסידים שטארק חנפ'ענען און פאר איהם זיין בורעים ומשתחוים.

יאשיקעל דאגעגען האט זיך געגען די חסידים איפגעפיהרט מיט גרויס עזות. יעדען איינציגען פלעגט ער געבען דאס שלעכטע און וואדעסטע און יעדען אגרופען און אנשרייען „דו עזות פנים", אייב נאר מען האט זיך נישט צו איהם געווענדעט בההבנעה'דיג און נישט געגעבען גוט אנצושרינקען.

מייסטענס האט ער דערקוויקט דעם עולם פרייטאג צו נאכט ביים טיש־פּיה־ען, ווען די ליכט האבן שוין געהאלטען ביים אויסגעהן, איז זיך יאשיקעל נעקראכען איבער די קעפּ פון די טיש־זיצערס, ארויפקריכענדיג מיט די פּאַ־בלאַטיגע זיך אויף דעם טיש אנצוגדען פרישע ליכט.

זענען אבער די חסידים געווען איינגעשפּארט און נישט געמאכט פאר איהם קיין ווארט, פלעגט יאשיקעל זיך צוכעס'ן מיט דער גאנצער פארע און שרייען: „שנצים, ס'וועט היינט נישט זיין קיין טיש" און ווען יאשיקעל האט געזאגט, איז טאקע קיין „טיש" נישט געווען.

ער איז אריין צום רבי'ן ר' מענדעלע און געשריגען אויף א שנצ'ישען אופן: „רבי, ס'איז נישטא היינט פאר וועמען צו פיהרען טיש, א ביסעל שנארערס, א פאר עזות־פּנים'ער און שוין"... און טאמער האט איהם דער רבי ר' מענדעלע נישט געוואלט הארכען און געפיהרט טיש, האט יאשיקעל קיין גרויס שהיות נישט געמאכט און פערלאשען איינגאנצען די ליכט, אדער קיין פרישע נישט אנצונדען, ווען די ערשטע האבען זיך געהאט אויסגעברענט. ער האט געהייסען דעם עולם אהיימגעהן שלאפען און ער אליין האט זיך טאקע באלד צולעגט אויף דער באנק אין בית־המדרש און געכראפּעט.

און דער הייליגער רבי ר' מענדעלע, דער „אייביג שווייגענדיגער" האט זיך וועגען דעם אלעם גארנישט אָנגערופען.

אין א גוטער שעה, אבער, האט מען אויך ביי יאשיקלען געתאנט עפּעס געוואויר ווערען פון רבי'נס „חדר". האט ער דאך בעגלייט דעם רבי'ן אויף אלע נסיעות, אויסגעהארכט און צוגעכראַפּט דעם „היוף" אלע מעשיות פון די חסידים, פון דער שטאָדט אא"וו.

נאטירליך האט יאשיקעל ענטפּלעקט זיינע סודות נאר פאר יחידי סגולה, וואס האבען איהם א סך בראנפען געגעבען צו טרינקען, און דעמאלט פלעגען אלע אויפשטעלען אויגען און אויר־

ערען.

פון יאַשיקלען האָט מען זיך אויך דערוואוסט ווי דער רבי איז מתקן אויפ'ן וועג פאַרוואַגלטע נשמות, וואָס בלאָנדזשען אַרום אין די וויסטע פעלדער און וועלדער.

ער אַליין, האָט אַמאָל איבערגעגעבן יאַשיקעל די חסידים זיינע, האָט אַמאָל דערקענט אַ געשטאָרבענעם וואַרקער חסיד, וועלכער האָט דעם רבי'ן פאַרשטעלט דעם וועג, בעטענדיג זיך צוזאָגן אַ תיקון און דער רבי האָט איהם געשיקט אין זיין רוה אַריין.

און נאָך וועגען אַנדערע מופתים, וואָס דער רבי בעוויזט אין דער צייט, ווען ער פאָהרט אונטערוועגס קנאַלענדיג מיט דער בייטש, האָט יאַשיקעל דערצעהלט.

האָט זיך דער עולם געכאַפּט, וואָס פאַר אַ כוחות זייער רבי האָט מיט זיין פאָהרען שפּאַצירען הינטער דער שטאָדט און אַליין שפּאַנען מיט די פערדלעך זיינע.

ג.

דער רבי ר' מענדעלע איז בכלל געווען אַ גאַנץ אָריגינעלער טיפּ אין דער רבנישער וועלט, אין דער עפּאָכע פון רבי'שער „חרי־פות און פקחות".

ער איז געווען אַ גרויסער שותק, פלעגט צייטען נישט אַרויס־רעדען צו קיינעם קיין וואָרט און צייטען ווידער גאָר לעבעדיג און לוסטיג זיין.

איז וואַרקע האָט מען ביי ר' מענדעלע'ן נאָט געדינט במת־שבה, עוסק געווען אין חסידות און אויך זיך משמח געווען ביי אַ ביסעל משקה, להיפך פון אַנדערע רביים, וואו מען פלעגט אַ סך דאַווענען און לערנען.

דער אַמשינאָווער, זיין ברודער, פלעגט זאָגען: „דאָ דאַווענט מען און דאָרט הוליעט מען"...

דערויף פלעגט דער וואַרקער ענטפערען: „נישט געדאַווענט, נישט געלערענט, אבי דעם אויבערשטען נישט דערצערענט"...

און ווען מען האָט זיך אין וואַרקע משמח געווען, האָט מען

זיך דורכגעפלאכטען אין א רעדעל און טאנצענדיג, האט דער רבי, ר׳ מענדעלע דבקות׳דיג געזונגען ספּאלא:

„גאט מוז מען דינען, און מען וועט איהם דינען —

„נאר מיט שמחה און נחת — הגואל ממות ופודה משחת".

האבען די חסידים אין כאָר געענטפערט:

„דינען מוז מען גאט און מען וועט איהם דינען, דערפאר נאר. ווייל ער האט אונז אויסגעוועהלט צו דינען"....

און דער רבי זינגט דאן ווייטער:

„מען מוז איהם דינען און מען וועט איהם דינען — אבער גישט ווי א גולם — הדן יחידי לבאי עולם"...

דערויף ענטפערען די חסידים ווידער:

„דינען מוז מען גאט" אא"וו.

יעדע סטראפע פון דעם זמר׳ל האט זיך געענדיגט מיט א פסוק פון פזמון „האוחז ביד" פון די ימים-נוראים.

אין ווארקע האט מען דאס לידעל געזונגען לויט דעם פשיס-כער נוסח, מיט דער מעלאדיע פון „נכנס אדר, מרבים בשמחה", אבער אין א גאנץ אנדערען נוסח און וואריאציע האט מען עס געזונגען ביים רבי ר׳ מרדכי׳לע טשערנאבילער. אבער אויך מיט די פסוקים פון „האוחז ביד".

אין א פראסטען מיטוואך פלעגט מען ביי ר׳ מענדעלען זיך נעהמען אין רעדעל און זינגען:

„וואס האבען מיר צו זארגען, וואס וועט זיך טהון מאר-גען; לאמער ליבערשט בעטראכטען, וואס מ׳מיר געטהון נעכטען, טאמער וועט מען עס קענען פעררעכטען"...

די ווארקער האבען געזעהן אין זייער רבי׳נס שיטה פון זארגלאזיגקייט און פרעהליכקייט (חדוה) גרויסע פערבארגענע סודות, אמת׳ע עבודת הבורא.

אבער אויך די ווארקער פרעהליכקייט איז מיט אמאל פער-שטומט געווארען מיט דער פטירה פון דעם רבי ר׳ מענדעלע. ער איז נפטר געווארען ט"ו סיון תרכ"ח (1868).

# ר׳ לייב שרהס

א.

ר׳ לײב שרה׳ס איז נאָך ביז׳ן הײנטיגען טאָג, א סודות׳פול־לע ערשײנונג בײ יודען. ער האָט פון זיך אין יודישען װעלט א סך געלאָזט הערען און רעדען. אויך די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט איהם געקרוינט מיט אַהן א שיעור פאַנטאַסטישע מעשיות.

ר׳ ליב שרה׳ם האָט — אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע — מלכים און שרים אראָבגעװאָרפען פון זײער טראָהן און אַנדערע אויפגעזעצט; ער האָט געפיהרט א זיבענױעהריגע מלחמה מיט דעם עסטרײכישען אלמעכטיגען קײזער יאָזעף דעם צװײטען צוליעב זײן גזרה אויף די יודען, אז זײ זאָלען שיקען די קינדער אין די שולען אריין; ער איז געװען דעם פױלישען מלך סטאַניסלאַװ אױגוסט׳ס אינטימער פרײנד, העלפענדיג איהם אין זײן קאַמף מיט די קאָנפעדעראַטען, זײנע שונאים, װאָס האָבען איהם געװאָלט אראָבװאַרפען פון טראָהן א. אז. װ. א. אז. װ.

מען פלעגט ר׳ ליב שרה׳ם אָפט זעהען און טרעפען אויף אלע יארידים אין פריצישע צוזאַמענפאָהרען, אַמאָל פערקלײדעט אלס פױער, אַנדער אלס בעטלער, א צװײט מאָל װײטער אלס הױזירער, ארומבעהענדיג אין די הײזער און אין די דערפער מיט א נישטיג ביסעל סחורה, פאַר װעלכע ער האָט זיך געטױסען טײער בעצאָהלען.

און ארומפאָהרענדיג אזוי טאָג און נאכט איבער גאנץ פוילען, איז ר' ליב שרה'ס אויך אמט געקומען אויף די יארידים קיין לובלין.

ער האט זיך אין דער צייט פון די יארידים דא געזעצט א קלייזעל אויף דעם „געסעל", אבער חוץ לעדיגע פאליצעס האט ער אין קלייזעל קיין גראשען סחורה נישט געהאט; ער פלעגט אבזיצען אין דעם אפענעם קלייזעל גאנצע טעג און נעכט הינטער די „סאשעוואניעס" און אריינקוקען אין א ספר.

נאר ווען ס'איז געווען א מארק־טאָג האט ער זיך איבער־געטהון אין פוירישע מלבושים און האלטענדיג א לעדיגען זאק אין דער האנד, האט ער זיך ארומגעדרעהט צווישען די פויערים און געפיהרט מיט זיי פערשיעדענע שמועסען.

ס'איז אויך געווען צייטען, ווען ר' לייב שרה'ס האט פער־מאכט דאס קלייזעל און איז אין גאנצען פערשוואונדען געוואָרן פון לובלין אויף א געוויסע צייט, און קיינער האט נישט גע־וואוסט, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען.

אבער ווי נאר דער גראמיניצער יאריד האט זיך אנגעהויב־בען זעהט מען איהם ווייטער אויף דעם לובלינער ברוק אין זיי־נע באראקטעריסטישע מלבושים אלס פויער, אדער אלס בעט־לער, מיט א טארבע אנגעהאנגען אויף זיך, און פיהרען שמועסען מיט די פויערים אדער קלויבען נדבות אין די הייזער.

אין ביי די לובלינער יודען דאס גאנצע ווילדע התנהגות שטארק געוואָרען פערדעכטיג, א סך האבען איהם געהאלטען, אז ער איז נישט ביים קלארען פערשטאנד, אנדערע ווידער עפעס פאר א בייזן אנשיקעניש.

האבען איהם איינמאל לובלינער „וואוילע יונגען" אריינ־גענאַרט אין מהר"של'ס שוהל און אנגעהויבען אויספרעגען, ווער און וואס ער איז און וואס ער טהוט דא אין דער שטאָט. אויף אלע פראגען האט ר' ליב שרה'ס געהאט נאר איין ענטפער, אז ער ווייסט אליין נישט, וואס צו זאגען און וואס ער ווייסט יא—

נאר ער נישט אויסזאגען.

זעהענדיג, אז זיי וועלען מיט איהם אין גוטען גארנישט אויפטהון, האבען די וואוילע יונגען זיך גענומען איהם מיט כוח אבשערען די באָרד און פיאות.

האט זיך ר' ליב שרה'ס מיט געוואלד ארויסגעריסען פון זייערע הענד און אנטלויפענדיג צום ארון הקודש ווילד געשריגען: רבונו של עולם, זעה, וואס פאר א הייליג פאלק די האסט, זיי נעהמען זיך אן דיין עוולה; און דערביי האט ער זיך שטארק צעוויינט. האט זיך חברה שטארק דערשראקען פאר זיין אונגעהויער געשריי. ממש נישט מענשליך קול, פון וואס אפילו די פענסטער אין דער שוהל האבען געציטערט, און זיי האבען איהם אבגעלאזט.

ב.

טויזענדער אויגען האבען געקוקט אין לובלין אויף דעם משונה'דיגען מענש; קינד און קייט האט געטייטעלט אויף איהם מיט די פינגער. אבער ר' ליב שרה'ס איז גארנישט געווארען דערפון נתפעל. ער האט זיך ווייטער געדרעהט אין די מארק־טעג צווישען די פויערים אויף דעם שטרוי־מארק און אויף די גאסען, טראגענדיג א פויערישע טראכט. ער פלעגט זיך דרעהען אויך אויף אלע פריצישע פערזאמלונגען, זיך בעוויזען אויף התונות, וואו ער איז אבער נאר משמח חתן כלה און נעהם זיך ראן ווייטער זיין וועג. טייל מאל נאר איז ער אויך געקומען אין בית־המדרש אריין און זיך ברייט אויסגעלעגט אויף דער גאלער באנק, אריינקוקענדיג אין א ספר.

דער לובלינער בית־דין האט עפעס ספיקות בנוגע ר' ליב שרה'ס. שיקט דער בית־דין דעם שמש נאך איהם, אבער ער קומט נישט. שיקט מען איהם איצט אנ'התראה, אז קוים וועט ער זיך נישט שטעלען צום בית־דין, וועט ער ווערען פון דער שטאדט ארויסגעשיקט. (די לובלינער קהלה האט געהאט דאס דעכט, ווען זי האט נאר געוואלט, ארויסצוטרייבען פון דער

שטאָדט, האָט זי דאָך אויך נישט אַריינגעלאָזט אין דער שטאָדט דעם „חוזה“, וועלכער האָט געטוזט דעריבער אַ לאַנגע צייט וואוינען אין טשעבאָוו, אַ פאָרשטאָדט).

אָבער ר׳ ליב שרה׳ס לאָזט פון אַלעמען אין די פויסטען. ער גייט זיך ווייטער אַרום פראַנק און פריי אין די גאַסען.

פלוצים אָבער ווערט אומזיסט ר׳ ליב שרה׳ס ווייטער פאַרשוואונדען פון לובלין און קיינער ווייסט נישט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

אָבער נאָך אַ געוויסער צייט בעווייזט ער זיך צוריק אין דער שטאָדט שוין גאַנץ לייטיש אָנגעטהון, ווי אַ סוחר׳ל פון אַ קליין שטעדטעל, און ברענגט מיט זיך מיט אַ בריעף פון דעם רבי ר׳ בער פון מעזריטש, דעם בעל־שם טוב׳ס אַ תלמיד צום לובלינער בית־דין. ווי דערשטוינט זענען די דייגים געוואָרען, לעזענדיג אין בריעף, אַז ר׳ יהודה ליב בן יוסף, בעקאַנט מיט דעם נאָמען ר׳ ליב שרה׳ס פון דאָוונע, פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע גאָט־געפעליגע זאַכען, וואָס גרעסער פון זיי קאָן נישט זיין, וועגען וואָס מען קאָן גישט שרייבען, נאָר ער אַליין קאָן אייך פערזענליך מיטטיילען...

דער רבי ר׳ בער בעט גלייבצייטיג אין דעם דאָזיגען בריעף אַלע קהילות און יודען נישט צו שטערען ר׳ ליב שרה׳ס אין זיין אַרבייט, און געגענטייל איהם צו העלפען געלד צונויפצונעהמען, מיט וואָס ער האָט אויס נויטבעדערפטיגע תלמידי־חכמים א. אז. וו. א. אז. וו. (זעה ספר „דרכי ישרים“ פון ר׳ מאיר׳ל פרושעמישליאַנער, זשיטאָמיר 1803).

האָט מען איצט פאַר ר׳ ליב שרה׳ס גרויס דרך־ארץ אין לובלין. מען בעשיט איהם מיט געלד און חסידים האַלטען זיך פאַר אַ גרויסע זכיה איהם ביי זיך אין דער שטוב צו זעהען און מיט איהם אַ וואָרט צו רעדען.

אָבער ר׳ ליב שרה׳ס פיהרט ווייטער זיין פריהערדיגען אַרט לעבען.

אזוי פערגעהען לאַנגע צייטען און קיינער ווייסט ניטט, וואס ער טהוט. ערשט דורך א צופאַל האט זיך פאר דעם עולם ענטפלעקט דער סוד פון זיין נע ונד זיין. אז ר' ליב שרה'ס איז א אינפאַרמאַטאר פון לעצטע פוילישען קעניג סטאַניסלאוו אוי־גוסט, וועלכער האט געקיניגט אין פוילען פון 1764 ביז 1795.

ג.

סטאַניסלאוו אויגוסט, דער לעצטער פוילישער קעניג, איז געווען ארומגערינגעלט מיט א גרויסער צאהל הייםישע שונאים צוליעב זיין רוסישע אָריענטאַציע. האט ער דאך געהאט צו פער־דאנקען דעם פוילישען טראָהן דער רוסישער צארין יעקאַטע־רינא דער צווייטער, ביי וועלכער ער איז געווען א פאַוואָריט. די אזוי גערופענע „ראַדאָמער גענעראַל קאָנפעדעראַציע" האט געשטרעבט איהם, דעם קעניג, אַראָבצוווערפען פון טראָהן צוזאמען מיט זיינע מקורבים, די טשאַרטאָריסקים א. א. וו. און די „באַרסקא קאָנפעדעראַציע" האט זיך טאַקע גענומען צום גע־וועהר, פיהרענדיג געגען דעם קעניג א בעוואַפענטען אויפ־שטאַנד. אינמיטען דערין האט זיך יעקאַטערינא גענומען צו פערכאַפּען פוילען.

און היות סטאַניסלאוו אויגוסט איז געווען א גרויסער אוהב ישראל, האט זיך אונזער גרויסער ר' ליב שרה'ס פרייוויליג געשטעלט לטובת הכלל אין דינסט אלס אינפאָרמאַטאָר, ווענען אליין, וואס ער האט זיך דערוואוסט און ס'האט געהאט א שייכות מיט דעם מלכות, האט ער צוגעטראָגען דעם קעניג און זיינע יועצים.

און מעהר ווי איינמאל האט ער דעם קעניג אָבגעראַטע־וועט מיט זיין חכמה פון א דורכפאל און דערפאר טאַקע אויס־געפועלט ביי איהם און זיינע שרים גרויסע טובות את הנחות פאר יודען.

איינמאל האט ר' ליב ש"ה'ס געזאָלט דעם קעניג זאָגען, אז זיינע טעג זענען שוין געצעהלטע, אָבער ער זאל מיט שטאַלץ

טראגען די פוילישע קרוין אויף זיין קאָפּ ביז צו דער לעצטער מינוט און פרייוויליג זיך נישט אונטערגעבען.

דער קעניג האט טאקע נעהאַרכט ר׳ ליב שרה׳ס עצה: יע־קאטערינא האט איהם מיט כח ענטראָהנט אין גראָדנע אין יאהר 1795 און ער איז אויף דער פערשיקונג דאָן געשטאָרבען. א יאהר פריהער פון איהם (ד׳ אדר, תקנ״ו) איז נפטר געוואָרען דער לעגענדארישער ר׳ ליב שרה׳ס מיטנעהמענדיג מיט זיך אין קבר אריין דעם גרויסען סוד פון זיין נע־ונד זיין.

# לאדזער רב מייזעל

א.

דער לאָדזער פּאָגראָם אויף יודען אין מאַי 1892 איז מיט בלוטיגע אותיות פערשריבען געוואָרען אויף די געשיכטע־בלעטער פון די יודען אין לאָדז.

דער פּראָלאָג פון דעם דאָזיגען פּאָגראָם איז געווען אַ שטרייק פון די ארבייטער, וועלכער איז פּלוצלונג אויסגעבראָכען אין עטליכע פאבריקען צוליב אַ פאָדערונג וועגען העכערען דעם לוין און פערקלענערען די ארבייטס־צייט — דעמאָלט 15 שעה אַ מעת־לעת.

באַלד זענען אויסגעוואַקסען, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגען, שטרייק־ברעכער, וואָס זענען געגאַנגען צו דער ארבייט אונטער פּאָליציייאישער וואך. אויף דעם באָדען איז ענטשטאנען צווישען די צדדים אַ געשלעגעריי, וואָס האָט זיך אויך פערשפּרייט אויף די גאַסען. האָבען די פאבריקאַנטען אַראָבגעבראַכט קיין לאָדז דעם פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר קאָנסטאַנטין מילער, און ער האָט זיך גענומען מיט דער הילף פון לאָדזער מיליטער פונאַנדער־צויאָגען די ארבייטער אויף די גאַסען און פון פאַר די פאבריקען. דערביי זענען צעהנדליגער מענשען פערוואונדעט געוואָרען.

זענען איצט געקומען פּרוּיען און טעכטער צו־הילף זייערע מענער און פאָטערס און זיך געוואָרפען אויף דעם מיליטער און

פּאָליציי מיט שטיינער, וואָס האָבן זיך גראָד געפונען ז.ויף די גאַסן צוליב׳ן רעמאָנט פון ברוק.

האָט דער וואַרשאַווער גענעראַל־גובערנאַטאָר הורקאָ געגע־בען אַ בעפעהל קיין לאָדז: ״נישט צו קאַרגן קיין קוילען״. און פאַר יערען פּרייז צו אונטערדריקן דעם ״אַרבייטער־בונט״. די קוילן האָבן געווירקט. אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער האָ־בן בעצאָהלט מיט׳ן לעבן און דער ״בונט״ איז געוואָרען תיכף אונטערדריקט.

און וועלענדיג איצט אָבווענדען די פערביטערונג פון די אַרבייטער פון דער צאַרישער מאַכט, האָט זיך די לאָדזער פּאָ־ליציי אויך גענומען צום אַלט אויסגעפּרובטען מיטעל און אָר־גאַניזירט אַ בלוטיגען פּאָגראָם אויף יודען אין אַ גרויסען מאַס־שטאַב, לויט דעם בעוואוסטען צאַרישען נוסח, כדי אין איין ווענס אויך צו קאָמפּראָמיטירען די אַרבייטער אַלס פּאָגראָמ־שטשיקעס. און דאָס איז איהר טאַקע געלונגען.

ב.

דאָנערשטאָג אין אָווענד, דעם 5־טען מאַי 1892, האָט זיך די פערברעכערישע וועלט, וועלכע האָט זיך פון כמה שנים אויפ־געהאַלטען אָפּיציעל אין כאַלוט, אַלס ״פּאַביטניקעס״, און איז איצט אונטערגעהעצט געוואָרען פון דער פּאָליציי, ארויסגעלאָפען אויף דעם אַלטען מאַרק און זיך גענומען שלאָגען יודען, ברעכען די טישלעך און בודקעס, ראַבירענדיג דערביי דאָס ביסע־ל אַרימקייט, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען; אָבפּאַרטיגענדיג זיך מיט דעם, האָבן זיי זיך דאַן געוואָרפען אויף די דערבייאיגע פּליישהאַלעס. דאָ האָבן אָבער די אָנפאַלערס געכאַפּט פון די קצבים אַ מיאוס׳ן פּסק און האָבן זיך פון דאַנען אָבגעטראָגען. דערביי איז פערוואונדעט געוואָרען אויך אַ קריסטליכע פרוי, וואָס האָט נאָך מעהר צורייצט דעם המון.

די בוליגאַנעס האָבן זיך גענומען, פאַר די אויגען פון דער־פּאָליציי, אויסברעכען די טויערען און די לאָדענס פון די הייזער

און געוועלבער פון אלט־שטאָדט און וואו עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנד האָבען זיי געבראָכען און געבראַכען, ראַבירט ווערט־זאַכען און סחורות, אונטערגעצונדען א יודישע שענק, גע־שלאָגען מכות רצח די יודען אא״וו, אא״וו.

און ווען די געליטענע האָבען זיך געווענדעט צו דער פּאָ־ליציי וועגען שוץ, האָבען זיי בעקומען בלויז א ציניש׳ען ענטפער.

אז עס איז צוגעפאַלען די נאַכט, האָט די פּאָליציי געגעבען א וואונק די פּאָגראָמטשיקעס, אז פאַרלויפיג איז שוין גענוג — און דער פּאָגראָם האָט זיך אָבגעשטעלט.

דערזעהענדיג, אז זיי זענען הפקר און שוצלאָז, האָבען די יודען אויף אַלט־שטאָדט געשאַפען אויף גיך א „זעלבסטשוץ״, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט קצבים, דראָזשקאָזשעס און אַנדערע געזונדע יונגען; ווי נאָר עס איז טאָג געוואָרען, האָבען זיך ווייטער בעוויזען כתות פּויערים און פּויערטעס מיט ווידלעס, קאָסעס און קליניצעס, מיטברענגענדיג אויך זעק, צו פּאַקען דאָרט דעם רויב.

מען האָט צווישען די פּויערים אין די שבנות׳דיגע דערפער פערשפּרייט קלאַנגען, אז די יודען אין לאָדז האָבען געשענדעט די קירכען, אויסגע׳הרג׳עט די גלחים — זענען זיי געקומען זיך אָבדערכאַנען מיט די יודען. אַזוי ווי זיי האָבען זיך אָבער אויפ׳ן אָרט איבערצייגט, אז די גאַנצע מעשה איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען, האָבען די פּויערים זיך גלייך אָבגעטראָגען א היים, נישט מיטנעמענדיג קיינעם.

האָבען אָבער די שטאַדטישע כוליגאַנעס צוזאַמען מיט די „באַלומוטער״ קרימינאַליסטען זיך איצט געלאָזט אין „מקום״ אריין און אויפ׳ן רוסיש׳ען שפּיגעל אָנגעהויבען צו פּאָגראָמירען די יודישע הייזער און די וואוינונגען אויף דער שרעדניע, ווידזעווער (היינט קילינסקיעגאָ), קאָבייענגאַ, סקווערנאָוע, מאַרגאַווע א. אַנד. נאָכען, נישט שוינענדיג אפילו די פּויש־האַלעס.

די יודישע „זעלבסטשוץ״ איז ביים בעסטען ווילען נישט

געווען בכוח זיך אנטקעגנצושטעלן געגען דער צאַהלרייכער צר־יושעטע בעסטיע, וואָס איז געווען בעוואָפענט מיט שאַרפע כלים און אונטערגעשטיצט דורך דער פּאָליציי, אָבער דערביי האָט נישט איין בוליגאַן געכאַפּט דעם געהעריגען אָבשנים.

דער גובערנאַטאָר מילער, ארומגענומען פון זיין סוויטע און ושאַנדארען, האָט זיך גאַנץ גלייכגילטיג צוגעקוקט צו דעם בלוט־באָד און ווען עס האָבען זיך צובלוטיגטע און צוקיילטע יודען אויף דער גאַס צו איהם געוואָנדען, אַז ער זאָל בעשיצען זייער לעבען. האָט ער בלויז געצווינגען מיט די פּלייצעס און גאָר־נישט געטהון.

דאַן האָט זיך איינגעשטעלט ממש דאָס לעבען דער רב ר׳ אלי׳ חיים מייזעל ז״ל און געלאָפען צו „זיין" גובערנאַטאָר, מילער, ביי וועמען ער פלעגט זיין אַ גאַנצער יש, אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען און איינשטילען דעם פּאָגראָם. יענער האָט איהם וויימער געענטפערט, אַז ער האָט נישט גענוג מיליטער דעם פּאָגראָם צו ליקווידירען.

די יורישע פאַבריקאַנטען, מיט וועלכע דער גובערנאַטאָר איז געווען שטאַרק בעפריינדעט, האָבען זיך אויך נישט גענומען די יורישע צרות צום הארצען, נישט וועלענדיג זיך ווידער איינ־רייסען מיט זייער גובערנאַטאָר, וועלכער טהוט זיי שיצען געגען די שטרייקענדע...

די ארבייטער זענען געווען די איינציגע, וואָס האָבען גענו־מען בשעת דעם פּאָגראָם די יודען אין שוץ, פאַר זיי זיך איינ־געשטעלט, אָבראַטעווענדיג מעהר ווי איין יוד פון די בוליגאַנישע הענד.

ג.

די ארבייטער האָבען דערקלערט אַנ׳אַלגעמיינעם שטרייק אין אַלע פאַבריקען אין לאָדז און אומגעגענד. זיי האָבען געוואָר־פען די ארבייט, לאָזענדיג זיך אין דער גאַס אריין.

האָט דער גובערנאַטאָר, אונטער דער אָנפיהרונג פון פּול־

קאָווניס באַלקין, אַרומגערינגעלט די גאַנצע שטאָדט אין דער לענג און אין דער ברייט. דער גובערנאַטאָר אַליין האָט אָנגע־פיהרט מיט אַ מיליטערישער אַבטיילונג.

אַ פּראָוואָקאַטאָרישער שאָס פון אַ הויז אויף דער קאָנסטאַנ־טינער גאַס צו אַ פּאַטרול, איז געווען אַ סיגנאַל צו דער שחיטה אויף די אַרבייטער.

דער גובערנאַטאָר האָט געהייסען שיסען צו זיי אָפּען, אָהן שום רחמנות און עס זענען געפאַלען מענשען, ווי פליגען.

די אַרבייטער, וואָס זענען נישט געווען צוגעגרייט צו אַ בּעַ־וואָפענטען קאַמף, האָבען געמוזט פאַר די קוילען קאַפּיטולירען און מען האָט מיט זיי אויסגעפילט אַלע תפיסות און קאַזאַר־מעס, מען האָט זיי דאָרט געקאַטעוועט צום טויט. און מיט דעם ליקווידירען דעם „אַרבייטער־בונט" איז כמעט שוין געווען דער פּאָגראָם אַנ'איבעריגע זאַך און ער האָט זיך טאַקע אויך אָבגע־שטעלט.

כאָטשאָג, דעם 9־טען מאַי, האָבען אין דער פריה די סירע־נעס פון די פאַבריקען גערופען צו דער אַרבייט, צו וועלכער אַלע אַרבייטער האָבען זיך צוגעשטעלט, ווי קיינמאָל נאָרנישט. האָט מען זיי דאַן אַרומגענומען און אויף ווען עס איז געפאַלען דער קלענסטער חשד, אז ער האָט געשטרייקט, האָט מען ווייטער אַרעסטירט אא"וו.

צוליב דעם גרויסען „נצחון", וואָס דער גובערנאַטאָר האָט אָבגעהאַלטען, האָבען די פאַבריקאַנטען, וועלכע זענען שוין כמעט אַלע איצט אויפ'ן עולם האמת, איינגעאָרדענט אַ באַנקעט אין האָטעל „מאַנטייפעל" פאַר איהם און זיינע בלוטיגע משרתים.

זיי האָבען דאַן אויך דעם רב מייזעל פערבעטען אויף דעם באַנקעט. ער האָט אָבער פון דעם דאָזיגען „כבוד" זיך אָבגעזאָגט, זייענדיג שטאַרק דערשיטערט פון דער גרויסער צאָהל הרוגים (איבער הונדערט מאַן, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען

א צוויי־דריי מנינים יודען) און פון דעם חורבן פון דער יודישער בעפעלקערונג.

אין דער צייט פון באנסעט האט מען פון דער גאס געשאָסען צום גובערנאטאָר, אָבער נישט געטראָפען. דאָס איז שוין געווען דער עפּילאָג פון פּאָגראָם.

די יודען האָבען איהם פערטרייבינגם מיט דעם לידעל, וואָס מען פלעגט זינגען אין די לאָדזער גאסען און אויף די הויפען:

הערט נאָר יודען די גרויסע קלאָג,
וואָס האָט זיך אין לאָדז פּאַסירט,
ראש חודש אייר דעם נײַנטען טאָג,
האָט מען אונז יודעלעך רעבירט...

אא"וו.

(דאָס לידעל איז דאַן ערשינען אין ניו־יאָרק, 1893).

# פּראָפּעסאָר רב ר׳ משה׳ל חריף

א.

אין דעם שטעדטעל פּאָדעמבּיץ ביי לענטשיץ האָט זיך די סצענע אָבגעשפּילט.

די שטאָדט איז געווען פערנומען פון סיבירישע קאָזאַקען, וואָס מען האָט ספּעציעל געבראַכט קיין פּוילען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד, וועלכער איז אויסגעבראָכען אין נאָוועמבער (ליסטאָפּאַד) 1830.

דער פּחד פון די יודען איז געווען אויסטערליש גרויס. א ליאַדע מינוט האָט מען זיך געריכט אויף א צוזאַמענשטויס צווישען די צאַרישע ווילדע חיילות און די פּוילישע פּאָווסטאַנצעס, וואָס האָבען זיך געפונען אין די שכנות׳דיגע וועלדער.

די דאָזיגע גרופּע פּאָווסטאַנצעס איז מייסטענס בעשטאַנען פון פּריציטשע קינדער פון דער אומגעגענד און פון דער שטאָדטישער אינטעליגענץ אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם יונגען זאַקשעווסקין, דעם זוהן פון דעם פּאָדעמביצער פּריץ. פּלוצלונג ווערט אין דער שטאָדט א מהומה, די קאָזאַקען לויפען זיך צונויף אויף דעם מאַרק, מען קלאַפּט צו די געוועלבער, דער עולם בעהאַלט זיך. מען זאָגט, אז די פּאָוסטאַנצעס געהען אויף פּאָדעמביץ.

די שרעק האָט אָבער גרויסע אויגען, באַלד דערוויסט מען

זיך, אַז נישט די פּאַוּסטאַנצעס טרייטען זיך צו אַנ'אָנפאַל אויף פּאָדעמביע, נאָר די סיביִרישע חילות נעהען אָנפאַלען אויף די פּאַוּסטאַנצעס. אַ פּויער, אַ רוסישער שפּיאָן, איז געקומען אין שטאָדט אַריין און האָט געמאָלדען דעם גענעראַל סיוועדס, אַז אין דער מיהל אין דאָרף באָלדושעבאָוו האַלטען אָב אַ בעראַטונג די פּריצים, אָנפיהרערס פון דער פּאַוּסטאַניע.

דער גענעראַל הייסט מיטנעהמען די שטאָדט־שפּריץ און די וואַסער־טונדלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין מאַרק, אָנפּיהלען זיי מיט נאַפט, זיך לאָזען אין יענעם דאָרף אַריין, בעשפּריצען דאָרט די מיהל מיט נאַפט און דערנאָך זי אונטערצינדען, כדי עס זאָל נישט בלייבען קיין שריד ופּלים פון קיינעם...

די קאָזאַקען לאָזען זיך אויף זייערע סיביִרישע פערדלעך גאַלאָפּ קיין באָלדושעבאָוו, דער גענעראַל סיוועדס הינטער זיי, אָבער ווי דערשטוינט ווערט דער צאַרנדיקער סאַטראַפּ, ווען קור־מענדיג אַהין, טרעפט ער שוין נישט קיין לעבעדיגען נפש אין דער מיהל... דאָרט ווערט דער גענעראַל סיוועדס געוואָהר, אַז עטליכע מינוט פאַר זיין קומען האָבען די פּאַוּסטאַנצעס פערלאָזט די מיהל און אַנטלאָפען אויף פערד קיין לענטשיץ אָדער אַנדערש־וואָו.

עפּעס אַנ'איינגעהויקערטער יוד — האָבען די פּויערים דעם גענעראַל דערצעהלט — איז געקומען צו לויפען מיט'ן גאַנצען אימפּעט און זיי געגעבען אַ סיגנאַל, אַז די קאָזאַקען קומען, שרייי־ענדיג אויפ'ן גאַנצען קול: „שדי, שדי!" און די פּאַוּסטאַנצעס, דערהערענדיג דאָס, האָבען באַלד געמאַכט „ויברח".

נישט האָבענדיג קיין „שמאַך אַרבייט", האָט דער גענעראַל, מיט אַ מיאוסער רוסישער קללה אין מויל, פערלאָזט דאָס דאָרף, לאָזענדיג פריהער אונטערצינדען די מיהל; ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין זוכען די פּאַוּסטאַנצעס און דעם „פערשאָלטע־נעם" יוד, וואָס האָט זיי צו וויסען געגעבען וועגען זיין קומען...

ב.

אין פאָרעמביץ איז דעמאָלט געווען רב ר' משה'ל חריף, וועלכער האָט געשטאַמט פון ביאַליסטאָק און איז פריהער געווען רב אין שווינטס. דער עולם פלעגט איהם רופען אויך: משה'ל לימוואַק.

ער האָט גע'שמ'ט מיט זיין גרויס פקחות און גאונות אין דער גאַנצער געגענד. ער איז געשטאַנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט די שכניש'ע בריצים און גלחים, בעזונדערס מיט'ן הויף פון פאָרעמביצער פריץ. די פריצים פלעגען אָפט צו איהם קומען און זיך מיט איהם שואל־עצה זיין אין פערשידענע פריוואַטע ענינים. דערפאַר פלעגען זיי איהם אויך שיקען לכבוד יום־טוב פיש פון זייערע סטאַווען, אָדער עופות און אויך קאָרטאָפעלעס און האָלץ אויף ווינטער.

ווען עס איז אויסגעבראָכען די פאָוסטאַניע, האָבען זיך יענע פריצים שטארק גע'עצה'ט מיט'ן רב, איהם אויסגעגעבען אלע זייערע סודות, געהייסען פאר זיי גאָט בעטען אא"וו. נאַטירליך איז דאָס אַלץ געווען אַ גרויסער סוד אפילו פאר זיין בני־בית, אַ פשיטא שוין פאר דער שטאָדט.

דערוויסענדיג זיך פון זיין בית־דין־שמש, ר' מאיר זאב, אז דאָס רוסיש'ע חייל גרייט זיך צו מאַכען אַנ'אָנפאַל אויף די פריצים אין באָלדזשעכאָוו, האָט ר' משה'ל חריף זיך צונעאיילט און געהייסען זיין שמש הענדום־פענדום לויפען מיט אַ בריף צו ר' חיים אורבאַך, וועלכער איז געווען דעמאָלט רב אין לענטשיץ. עס האָט זיך געהאַנדעלט ווענען אַ וויכטיגער שאלה־תשובה מכח חמצ'דיגען שפירט, וואָס מען האָט געפונען ערשט נאָך יום־טוב ביי דעם פאָרעמביצער פראָפּינאַטאָר, ר' אהרן שיקער און עס איז נישט געווען דערמאָהנט אין שטר־מכירה. ער האָט דערביי אָנגעזאָגט דעם שמש, אז קוים וועט ער זעהן אוים'ן וועג פאָור סטאַנצעס, זאָל ער שרייען: „שרי, שרי!" און אַזוי אַרום, ווען ער וועט, הייסט עס, רופען צו גאָט — וועט ער ניצול ווערען פון אַ סכנת־נפשות, וואָס קאָן איהם טרעפען אויפ'ן וועג.

נאטירליך האט ער נישט אויסגעזאגט דעם שמש, וואס ער, דער רב, איז עדרמיט אויסען. האט זיך דער שמש זיין שליחות געטוהן בתמימות און קומענדיג פאר דער מיהל אין באדושעכאוו און זעהענדיג דארט עטליכע געזאטעלטע פערד, ביי וועלכע עס זענען געשטאנען א סך בעוואפענטע פריצים, האט ער אויפ׳ן גאנצען קול געשריגען „שדי, שרין״.

די פריצים, דערהערענדיג, ווי א יודעל שרייט אזוי הויך: „שדי, שדי!״, האבען די דאזיגע ווערטער אויסגעטייטשט אויף זייער לשון, ד.ה., אז טיט׳ן „שאדיי״, וואס דער יוד שרייט, מיינט ער אודאי, אז זיי זאלען זיך אויפזעצען אויף די פערד און אנטלויפען, ווארום דער שונא איז נאהנט. און טאקע אין דעם מאמענט האבען זיי אלע אין גאלאפ פערלאזט דאס דארף און זענען מאקי ניצול געווארען פון די הענד פון די קאזאקען.

די קאזאקען האבען דערוויייל געזוכט דעם יוד, וועלכער האט צו וויכען געגעבען די פאווסטאנצעס ווענען זייער קומען און האבען איהם מעהר אין ערגעץ נישט געטראפען. דער שמש האט זיך דאך צוגעאיילט, וואס ניכער צו קומען קיין לענטשיץ מיט׳ן בריף.

אין דער גאנצער געגענד האט מען זיך תיכף דערוואוסט, אז דעם פריץ זאכשעוסקי׳ס קינדער זענען געראטעוועט געווא־רען פון די קאזאקען׳ס הענד דורך עפעס א יודעל, וואס האט זיי בעצייטענס צו וויכען געגעבען וועגען דעם אנקומען פון שונא, אבער וואס און ווען האט נאך אלץ קיין שום ילוד־אשה נישט געוואוסט...

ג.

אין זיין שטאדט האט ר׳ משה׳ל הריף געהאט גרויסע שונ־אים, וועלכע האבען איהם שטארק גע׳רודפ׳ט און פערביטערט דאס לעבען. די שנאה האט זיך גענומען הויפטזעכליך פון דעם, וואס ער איז געווען א לובלינער חסיד און די בעלי־בתים פון שטעדטעל זענען געווען מתנגדים. זיינע הויפט־געגנערס זענען געווען: א געוויסער אהרן וואלמאן, אנ׳איידעם פון פראפינא־

מאַר אהרן שיקער, דער אַזוי גערופענער קליינער אברהמ'ל, בעריש מעקלער א. אגד.

די דאָזיגע פאַרשוינען האָבן זיך גישט אָבגעשטעלט פאַר קיין זאַך, כדי דעם רב צו פער'מיאוס'ען דאָס לעבען אין פאַרעכביץ, ביז ער וועט מוזען די שטאָדט פערלאָזען. מען האָט גע'מסר'ט, אז דער רב האלט ביי זיך נישט צענזורירטע ספרים, פאַרוואָס עס האָט צו יענער צייט געדראָהט מיט א גרויסער שטראָף. און טאַקי: מאַכענדיג אַנוּמעלט ביים רב א רעווייזיע, האָט מען געפונען ביי איהם פיל ספרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרען אין פרייסען און האָבען נישט געהאט דעם רוסישען צענזור־הטעמפעל. דאן ווידער האָט מען איהם פער'מסר'ט, אז זיינע זיהן ר' פישעל און ר' בונם מיידען אוים ביירזווילינ דאָס מיליטער־דינסט א. ד. גל.

אָבער יעדעס מאָל איז געלונגען דעם קלוגען רב זיך דורכצוואשען פון זיינע שונאים'ס מסירות...

ס'איז געווען נאָך דער פּאָוסטאַניע. דערוויסענדיג זיך הינטען־ארום, אז דער רב האָט געהאט אָבגעראַטעוועט די פּוילישע פּאָוסטאַנצעס פון די צארישע הענד דורך א „שפּיצעל", האָבען זיינע שונאים אויסגענוצט די געלעגענהייט און איהם פער'מסר'ט פאַר פּאָסקעוויטשען אליין. פּאַסקעוויטש איז געווען נאָך דער פּאָוסטאַניע דער צארישער בעל־הבית פון דעם דערדריקטען פוילען.

אין איין שעהנעם פרימאָרגען, ווען דער אלטיטשקער רב איז געזעסען אין זיין בית־המדרש ביי דער אָפענער גמרא, פערטיפט אין א שווערער סוגיא (דאָס בית־מדרש'ל האָט זיך געפונען אין דער גאָרבער־גאַס, נעבען דער שוהל) — איז אָנגעקומען צו רייטען אין שטאָדט אריין א שטאַפעט מיט א בעפעהל פון דעם מיליטערישען קאָמענדאַנט פון לענטשיץ, אז ער, דער רב, זאָל זיך תיכף־ומיד שטעלען אין דער קאַנצעלאַריע פון קאָמענדאַנט אין א זעהר וויכטיגען ענין.

ווי נאר דער שטאַפּעט האָט פערלאָזט דעם רב'ס בית־המדרש, איז שוין געשטאַנען גרייט אַ „פּאָדוואָדע" (אַ וועגעלע מיט אַ פערד), מיט וועלכער מען האָט דעם רב אָבגעפיהרט קיין לענטשיץ. דער רב איז בעגלייט געוואָרען פון די חשובי העיר. מיט גרויס יאָמער און געוויין האָבען איהם אויך בעגלייט די ווייבער פון שטאָדט, וועלכע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ הייליגען...

דער בייזער רוסישער קאָמענדאַנט, דערזעהענדיג פאַר זיך אַ יוד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, האָט דעם רב געבעטען זעצען. אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער רב קען גוט רוסיש און פּויליש, האָט דער קאָמענדאַנט פאַר איהם פאָרגעלעזען די גאַנצע מסירה, וועלכע איז, אגב, געווען אונטערגעשריבען מיט פאַלשע נעמען. אַז ער, דער רב, האָט צוגעהאָלפען און געשטיצט אַקטיוו די „מיאַטעזשניקעס" און זיי געגעבען סיגנאַלען דורך זיינעם אַ מענשען, ווען זיי האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין דער מיהל אין באָלרושעכאָוו, צוליב וואָס די מורדים איז געלונגען זיך אַרויסצודרעהען פון די רוסישע הענד.

דער רב האָט ביי די דאָזיגע ווערטער דרייסט און מוטיג געקוקט דעם רוסישען קאָמענדאַנט אין די אויגען אַריין און האָט איהם דערצעהלט די מעשה מיט דער „שאלה־ותשובה" וועגען אַ מכשול מיט חמץ, וואָס האָט זיך געטראָפען ביי דעם פאָדעמ־ביצער פּראָפּינאַטאָר. ער האָט נע'אסר'ט פון דעם דאָזיגען חמץ צו האָבען הנאה, צוליב וואָס דער פּראָפּינאַטאָר האָט געהאַט אַ גרויסען היזק. און ווייל דער לענטשיצער רב ר' חיים אורבאַך, האָט מתיר געווען די שאלה, האָט ער געשיקט צו איהם אַ ספּעצ־יעלען שליח מיט אַנ'ענטפער. דעם דאָזיגען שליח האָט ער אָנגעזאָגט, אַז קוים וועט ער בעגעגענען פּאָוסטאַנצעס אָדער מיליטער, פון וועלכען צד עס זאָל נישט זיין, זאָל ער אָנרופען דעם אַלמעכטיג הייליגען נאָמען: שדי — אלס סגולה, אַז ס'זאָל

איהם קיין שום בייז נישט געשעהן. דאָס דאָזיגע וואָרט שטעהט אויך אָנגעשריבען אין דער „מזוזה״ אד״גל. פֿרעפענדיג גראָד אוים׳ן יוער פּאָוסטאַנצעס, האָט דער שמש טאַקי אַזוי געטהון און איז ניצול געוואָרען, נישט האָבענדיג דערביי, קיין שום אַנדערע, שלעכטע כוונה...

די מוכרים, די שונאים זיינע — האָט ווייטער ערקלעהרט ר׳ משה׳ל חריף דעם רוסישען נאַטשעלניק — זענען טאַקי קרובים פון פּראָפּינאַטאָר, וועלכען ער האָט גורם געווען אַ היזק פון עט־ליכע הונדערט רובל דורך זיין אסר׳ן דעם חמצ׳דיגען שפּירט, אַז מען זאָל איהם נישט טאָרען נוצען אויך נאָך פּסח. חוץ דעם זענען די מוכרים בייז אויף איהם, וואָס ער געהערט צו אַ׳אַנדער ״אַנער, וואָרום ער איז אַ חסיד און פאָהרט צו אַ רבי׳ן...

דער נאַטשעלניק האָט אָנגענומען דעם דאָזיגען קלוגען תירוץ פאַר גום געלד און האָט צוריקגעשיקט די פּאַפּירען צום גענעראַל פּאַסקעוויטש קיין וואַרשא.

דערווייל האָט מען פערהאַלטען דעם רב אין לענטשיצער מאַגיסטראַט־טורעם, אין וועלכען מען פּלעגט אין די אַלטע „גוטע״ צייטען אָנטהון יודען שטאַרקע ענויים צוליב פאַרשידענע בלבו־לים. און כאָטש דער לענטשיצער רב ר׳ חיים אורבאַך, זייענדיג זיין געגנער און האָט מכשיר געווען דעם שפּירט, האָט ער זיך דאָך שטאַרק משתדל געווען וועגען בעפרייען ר׳ משה׳ל חריף פון אַרעסט, איבערגעהמענדיג דעם גאַנצען ענין אויף זיין פערזענ־ליכער פעראַנטוואָרטליכקייט. און אַ דאַנק דער דאָזיגער השתד־לות איז ער טאַקי דערווייל בעפרייט געוואָרען. ר׳ משה׳ל חריף האָט אָבער נישט געשוויגען און איז אוועק קיין וואַרשא און האָט אָנגעקלאַפּט אין די הויכע פענסטער, ווי זיין שטייגער איז גע־ווען. און פּאַסקעוויטש, דער רשע, האָט עס טאַקע צוליב געטהון דעם וואַקער צדיק און בעפרייט דעם פּאַרעמביצער רב פון דער שטראָף, וואָס האָט איהם געדראָהט און בעסטען פאַל: פערשיקונג קיין סיביר.

אָבער די שונאים פון ר' משה'ל חריף האָבען איהם ווייטער נע'רודפ'ט ביז צום סוף פון זיין לעבען. דאָס האָט איהם אזוי פערביטערט, אז ער האָט איבערגעלאָזט א צוואה זיינע 2 זיהן, אז קיינער פון זיי זאָל נישט זיין קיין רב.

ר' משה'ל חריף (פינקעלשטיין) איז נפטר געוואָרען אסרו־חג שבועות תרי"ב, נײַנציג יאָהר אַלט, איבערלאָזענדיג 3 זיהן און 3 טעכטער און פון זיין טאָכטער שרה לאה שטאַמט אויך אָב דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות.

# ר׳ אברהם סבא

א.

פאר הונדערטער יאהרען איז דאס פארנעקומען. אין שפאניען האט געלעבט א פרינצעסין, וועלכע האט גע׳שם׳ט אין דער גאנצער וועלט מיט איהר שעהנקייט און גרויס רייכקייט.

האבען זיך צו איהר גע׳שדכנ׳ט די גרעסטע מלכים און פירשטען. צום הארצען איז איהר אבער געווען דער בוילישער קעניג, וועלכער איז אויך אויסטערליש שעהן און רייך געווען.

האט זי זיך אבער אויסגערעדט מיט איהם א תנאי, אז ער מוז פריהער אלע יודען פון קראקא פערטרייבען, אויב דער קעניג וויל זי האבען פאר א ווייב.

זי האט נישט געוואלט, אז די קעניגליכע רעזידענץ זאל זיין פול מיט יודען.

האט דער קעניג שוין געהאלטען דערויף מסכים צו זיין. עס איז איהם דאך געגאנגען אין גאנצען לעבען די דאזיגע פרינצעסין צו בעקומען פאר א ווייב.

דעם דאזיגען בעשלוס האט דער קעניג געהאלטען שטרענג בסוד. ער האט נישט געוואלט, אז די גאס זאל זיך דערפון דערוויסען, וועלענדיג שטעלען די יודען פאר א געשעהענעם פאקט.

האבען דאך אבער די ווענד אויך אויערען און די קראקאווער יודען האבען זיך דערפון, דורך א צופאל, בעצייטענס דער-

וואוסט און האָבן אָנגעהויבן באַלד וועלטען איינצולעגען.
מען איז געלאָפען צום רב פון דער שטאָדט זוכען אַן׳עצה.
האָט דער רב גוזר תענית געווען און געהייסען אין אַלע פּראָסאָ־
ווער שוהלען זאָגען תהלים גאַנצע דריי טעג און דריי נעכט.

די פּני העיר זענען אויך נישט געזעסען מיט פערלעגטע
הענד און צונויפגעהמענדיג געלד, האָבען זיי אָנגעקלאַפּט אין די
הויכע פענסטער און געוואָלט טייער בעצאָהלען, אַז די ביטערע
גזירה זאָל בטל ווערען.

אָבער אומעטום האָבען די יודען אָנגעטראָפען אויף פער־
מאַכטע טהירען.

אין קול ואין עונה. נישט דער קעניג און נישט די מינים־
טאָרען האָבען זיך געוואָלט צוהערען צו די בקשות און די געוויי־
נען פון די יודען.

האָט טאַקע די שטאָדט געלעבט אין גרוים שרעק, נישט ווי־
סענדיג, וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג וועט זיי ברענגען.

האָט זיך דעם רב גע׳חלום׳ט א חלום, אַז דער איינציגער,
וואָס קאָן די יודען אָבראַטעווען פון דער גזירה, איז אברהם דער
שניידער און צו איהם זאָל דער רב תיכף זיך ווענדען ווענען אַן־
עצה.

האָט זיך דער רב, א שטאַרק דערשראָקענער, אויפגעכאַפּט
פון שלאָף און אויפגעקענדיג אויף דעם בית־דין שמש, האָבען
זיך ביידע געלאָזט הענדום־פּענדום אין דער פינסטערניש פון
דער נאַכט, מיט א לאַמטער אין דער האַנד, אויפזוכען דעם דאָזי־
גען אומבעקאַנטען שניידער.

ב.

הינטער דער שטאָדט, אין א קליין, האַלב־איינגעזונקען הויי־
זעל האָט געוואוינט אין א פינסטער דאַכשטיבעל אַן׳אָרים שניי־
דער׳ל, וועלכער איז געווען בעקאַנט אין יענער געגענד אַלס א
פּראָסטער יוד און עם־הארץ.

גערופען האָט מען איהם לאַמטאָוש און געאַרבייט האָט ער מייםטענס פאַר קריסטען.

האָט זיך דער רב פאַר דעם דאָזיגען הייזעל אָבגעשטעלט און געהייסען דעם משמש בלייבען דאָ שטעהן און ער, דער אַלטיטשקער רב, האָט זיך בכבודו ועצמו געלאָזט אויף די פינ־סטער׳ע טרעפ, וואָס האָבען געפיהרט צום דאַכשטיבעל, וואו דאָס שניידער׳ל האָט געוואוינט.

אָבער ווי ערשטוינט איז דער רב געוואָרען, דערזעהענדיג פאַר זיינע אויגען, ווי דאָס שניידער׳ל, אָנגעטהון איבער׳ן קאָפּ אַ זאַק, זיצט אויף דער ערד אין די זאָקען און ביים שיין פון אַ קליין חלב־ליכטעל טהוט ער אָבריכטען תצות מיט גרויסע, אין זיך דערשטיקטע בכיות, פערגיסענדיג ביי יעדען וואָרט באַ־כען מיט טרעהרען.

מיטגעריסען מיט די הייליגע מענער פון שניידער׳לס תפי־לות, איז דער רב געבליבען שטיין אויף דער שוועל פון דער מהיר און זיך נישט געוואגט פון אָרט צו ריהרען.

ערשט ווען דאָס שניידער׳ל האָט זיך אויפגעהויבען פון בענקעל און זיך גלייך געמאַכט די ביינער, האָט ער צו זיין גרוים פערוואונדערונג דערזעהן, אַז פאַר איהם שטעהט דער גרויז־גרויער קראָקאָווער רב, ווישענדיג זיך די טרעהרען פון זיינע אויס־געוויינטע אויגען.

און ווען דאָס שניידער׳ל האָט דעם רב געפרעגט, צו וואָס ער איז צו איהם געקומען אַזוי שפּעט ביינאַכט, האָט דער רב איהם ערשט דערצעהלט די גאַנצע מעשה מיט דער שפּאַנישער פרינצעסין, וואָס וויל יודען אַרויםטרייבען פון קראָקאָ, ווערענ־דיג דאָס ווייב פון פוילישען קעניג און ווענן דעם חלום, וואָס ער האָט געהאַט די היינטיגע נאַכט און דערביי זיך ווייטער שטאַרק צעוויינט.

האָט דער „למד־וואָווניס" קיין גרוים שהיות נישט געמאַכט און איז באַלד אַוועק צו דער שפּאַנישער פּרינצעסין. דער רב

ווידער האָט געהייסען דעם משמש קלאַפען גאַנץ פריה אין דער שוהל אַריין, רופען דעם עולם תהלים זאָגען.

ג.

ר' אברהם שניידער'ל האָט זיך געלאָזט מיט א קוישעל אין דער האַנד אין ווייטען וועג אַריין. ער איז געלאָפען איבער שטאָק און שטיין, איבער בערג און טהאָלען, ווי פון א שטאַרקען ווינד געטראָגען.

צו עלות השחר, ווען די קראָקאָווער יודען זענען שוין געווען צונויפגעקומען אין די שוהלען און מיט גרוים געוויין תהלים געזאָגט, איז דאָס שניידער'ל שוין געשטאַנען אויף דעם בעשטימטען אָרט, אַבעשטעלענדיג זיך פאַר א פּראַכטפולען פּאַלאַץ.

האָט ער זיך באַלד געמאָלדען ביי די דינער, וואָס היטען די טויערען פון דעם פּאַלאַץ און נאָך א קליינער ווייל, איז די שפּאַנישע פּרינצעסין, אַנ'אויסגעפּוצטע, אריינגעקומען צו איהם אין וואַרטע־זאַל און מיט איהם זיך בעגריסט.

דאָ האָט דער „למד־וואָווניק" איהר דערקלערט, אַז אַזוי ווי זי דאַרף ווערען א כלה מיט דעם פּוילישען קעניג, וועלבען די יודען ליבען און שעצען זעהר, האָבען זיי, די יודען, פאַר איהר געשיקט טייערע מתנות, דערלאַנגענדיג דערביי דאָס קוישעל דער פּרינצעסין, אַז זי זאָל זיך אויסוועהלען און נעהמען זיך, וואָס נאָר איהר האַרץ גלוסט.

די פּרינצעסין איז געווען שטאַרק ענטציקט פון די שעהנע און קאָסטבאַרע זאַכען, וואָס די יודען האָבען איהר געשיקט.

אין אַרויסנעהמענדיג זיך פון קוישעל א טייערען האַלזבאַנד, אויסגעזעצט מיט ברילאַנטען און אַנדערע טייערע שטיינער, האָט זי זיך דעם האַלזבאַנד גלייך אָנגעטהון אויף זיך און אַריינקוקענדיג אין דעם שפּיגעל ווי ער קליידט איהר, איז דער דאָזיגער האַלזבאַנד אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין א שלאַנג, וועלענדיג די פּרינצעסין דערווערגען.

האָט זי, די פּרינצעסין, אָנגעהויבען שטאַרק צו שרייען פאַר

יסורים און נערופֿען הילה. אָבער קיינער האָט נישט געהערט איהר שרייען און ס'איז אויך קיינער צו איהר נישט אריינגעקומען.

האָט דאָס שניידער'ל זי בערוהיגט, אז די שלאַנג וועט איהר נאָר קיין בייז נישט טהון, אויב זי וועט זיך אָבזאָגען פון איהר פערלאַנג, אז דער פוילישער קעניג זאָל ארויסטרייבען די יודען פון קראָקא.

באין ברירה האָט געביך די שפּאַנישע פּרינצעסין געמוזט. פערבייבענדיג די ליפּען, נאָכקומען דאָס, וואָס דער יוד האָט פון איהר געפאָדערט, צושווערענדיג איהם דאָס ביי איהר קרוין. האָט זיך די שלאַנג באַלד פון איהר האַלז אָבגעטהון און דאָס ארימע שניידער'ל האָט דאַן אונבעמערקט פון די הויכדינער פער־לאָזט דעם פּאַלאַץ מיט זיין קוישעל און איז בשלום צוריקגעקו־מען קיין קראָקא, אָנזאָגענדיג די גוטע בשורה די יודען.

איצט איז ר' אברהם שניידער נתגלה געוואָרען אַלס „לכט־וואָווניק" און מען האָט שוין איהם גערופֿען נישט אנדערש, ווי ר' אברהם סבא (זיידע).

ד.

ר' אברהם סבא האָט וויטער זיך געוואוינט הינטער דער שטאָדט אין יענעם האַלב־איינגעזונקענעם הייזעל, אין דעם זעל־בען בוידעם־שטיבעל, וויטער געפיהרט זיין עהרליכע מלאכה און איז אויך געבליבען דער זעלבער אָרימער לאַטשאַזש, ווי ביז איצט, נישט ווילענדיג נהנה זיין פון קיינעמ'ס גאָב אפילו אויף די אַלטע יאָהרען נישט, נאָר פון יגיעת כפיו, פון זיינע אייגענע הענד.

און ווען דער פוילישער קעניג האָט התונה געהאַט מיט דער לאָזיגער פּרינצעסין, בעפרייענדיג די יודען פון גירוש און איז דאַן געקומען קיין קראָקע, האָט שוין ר' אברהם סבא נישט גע־לעבט. א קורצע צייט נאָך זיין נתגלה ווערען איז ער נפטר געוואָרען.

און אזוי ווי ער איז געווען א גרויסער נסתר ביים לעבען, איז ער אויך געבליבען א נסתר נאך זיין טויט.

צווישען די גאונים און צדיקים אויפ'ן בית־עלמין, נעבען דעם רמ"א'ס שוהל, איז ער געקומען צו קבורה, אבער געניי דאס ארט, ווייסט היינט קיינער נישט, אפילו די מצבה איז אויך פער־לוירען געגאנגען פון ר' אברהם סבא דעם „למד־וואוויניק".

ד.

אין קראקא איז ביז היינט א מנהג צו זאגען אין דער נאכט פון הושענא רבה סליחות אין די שוהלען און צומארגענס אין דער פריה פלעגט דער עולם אויך געהן אויפ'ן פעלד זאגען א פאר קאפיטלעך תהלים ביים קבר פון „למד־וואוויניק", וועלכער זאל זיין, לויט א געוויסער מסורה, געשטארבען אין הושענא רבה, אויסבעטענדיג זיך דורך איהם א גוט קוויטעל ביי גאט, אזוי ווי ער האט אויסגעבעטען א גוט „קוויטעל" פאר די קראקאווער יודען ביי דער שפאנישער פרינצעסין.

# ר' ירחמיאל פשיסכער

א.

אין פשיסכע איז געווען א שניידערל; ר' גדליה האט מען איהם גערופען.

ער האט שטארק שטאלצירט מיט דער מלאכה און פון זיך געבלאזען, ווי ער וואלט מאקע עפעס א יש געווען.

ער איז באמת געווען אין שטעדטעל דער בעסטער שניידער. מיט א גוט שטיקעל ארבייט איז מען דווקא צו איהם געגאנגען. האט ער זיך נאכי געהייסען פאר זיינ'ס א שטיקעל ארבייט גוט בעצאהלען...

ווער עס ברויכט ר' גדליה שניידער — פלעגט ער זאגען — דער מוז צו איהם קומען, זאל ער כאטש בעצאהלען, ווי אין פסוק שטעהט...

האט איינמאל פאסירט, אז דער פריץ פון דער שטאדט האט זיך געבראכט אויך פון פאריז סחורה אויף א מלבוש און וויסענדיג, אז ר' גדליה איז א גוטער בעל־מלאכה, האט ער נאך איהם געשיקט דעם לאקאי, ער זאל קומען צו איהם אויפנייהען א גארניטור.

האט מאקע אונזער ר' גדליה פערקעמט די צעשויבערטע האר פון קאפ, זיך גלייך געמאכט דאס בערדעל און געלאזט זיך הענדום־פענדום, מיט דער מאס אין דער האנד, צום פריץ אין דער וואוינונג אריין.

מיט א צופרידענעם שמייכעל אויף די ליפען האט דער פריץ דערלאנגט ר׳ גדליה׳ן די האגד, געוויזען איהם די סחורה, וואס ער האט געבראכט פון פאריז און געהייסען זיך אויפנייהען דער־פון א גארניטור.

דערביי האט דער פריץ זעהר שטארק ביי דעם פשיסכער שניידער׳ל געבעטען, אז ער זאל זיך בעמיהען, אז דאס גארני־טור זאל שען אויסגעניההט זיין, ווייל די סחורה איז נישט דא בנמצא פאר קיין הון שבעלמא.

ס׳האט אפילו ר׳ גדליה׳ן שטארק פערדראסען, וואס דער פריץ מהוט זיך מיט איהם אזוי פיל אויסרעדען. ער זאל אין א גומער שעה אויסרעדען, האט ער נאך קיין שטיקעל ארבייט נישט פערפאסט, ער ארבייט שוין צעהנדליגער יאהרען פאר אלע פריצים אין פשיסכע און קיינמאל נישט געפרובט דעם טעם פון קאליע מאכען א שטיקעל ארבייט — און דא קומט דער דאזיגער פריץ און מאכט פון זיין גארניטור א גאנץ וועזען.

אבער, טראכט זיך אונזער ר׳ גדליה, זאל דער פריץ זיך רעדען, וואס ער וויל, ווען ער וועט נאר זעהען דאס שטיקעל ארבייט פערטיג, וועט ער שוין גאנץ אנדערש מיט איהם רעדען.

און ר׳ גדליה נעמט דעם פריץ א מאס אין דער לענג און אין דער ברייט, אויסגעמאסטען די סחורה און דערזעהענדיג, אז עס בלייבט איהם נאך איבער א שען יתור, האט ער צונויפגעלעגט די סחורה און זיך אהיימגעאיילט, געהמענדיג זיך גלייך צו דער ארבייט.

ב.

ר׳ גדליה האט זיך זעהר געפלייסט ביים צושניידען און נאך מעהר ביים אויפנייהען דאס גארניטור פאר דעם פריץ: ער האט די ארבייט הונדערט מאהל איבערגעקוקט און איז שטארק פון זיך צופרידען געווען, וואס דאס שטיקעל ארבייט איז אזוי שעהן און עלעגאנט ארויסגעקומען.

אבער ווי זאגט מען: „דער מענש דענקט און גאט לאכט". ווען ער האט מיט גרויס־שניידערישער גאווה געבראכט צום זריז און אנגעמאסטן, האט זיך צו זיין גרויסער בושה און טאנד, ארויסגעוויזן, אז עס טויג אויף טויזנער שאָק כפרות: איין פאלע איז לענגער פון דער צווייטער; ביים קארק גרובעלט עס זיך, די קלאפעס שטעהען אב אא"וו, אא"וו.

ציגנדם זיך אן ביים פריץ דער ווילדער כעס און, אנגעהמעג־דיג דעם שניידער ביים קארק, האט ער איהם צוזאמען מיט דעם גארנימיר אראבגעוואָרפען פון אלע טרעפ, בעגלייטענדיג איהם נאך מיט די מיאוס'טע זלזולים און קללות.

האט זיך דאס גענומען דאס אָרימע שניידער'ל שטארק צום הארצען, נישט קאנענדיג זיך דאס שענקען, אז ער, דער אלטער און געניטער בעל־מלאכה, זאל פערפושען אזא עלעגאנט שטיקעל ארבייט. ער האט דאך אויך מורא געהאט, אז יענער פריץ זאל איהם נישט קאליע מאכען די מערבה ביי די אנדערע פריצים, וואס זענען געווען זיינע קונדען, ער זאל ווי נישט פערלירען און ווערען א חבור פרנסה.

און ער איז ארומגעגאנגען אזוי שטארק פערזארגט און פער־צוגט, נישט קאנענדיג עסען און נישט שלאפען. דאן האט איהם מחלה, זיין ווייב, געראטען, ער זאל אריבערגעהן צום הייליגען רבי'ן — א גאנצע וועלט פאהרט דאך צו איהם פון ווייט און ברייט און ווערט ביי איהם געהאלפען — און זיך מיט איהם שואל־עצה זיין.

פאר קיין ברירה האט אונזער שניידער'ל געפאלגט זיין ווייבעל און געגאנגען צום רבי'ן אבגעבען א קוויטעל.

ג.

אין דער „רבי'שער רעזידענץ" פישכבע, האט דעמאלט גע פראוועט רבי'שקייט דער רבי ר' ירחמיאל, איינער פון די דריי זיהן פון „יוד הקדוש".

ער האט געהאט אויף זיך גרויסע מתנגדים פון די חסידישע

סרייזען, וואָס האָבען געהערט צו אַנדערע לאַגערס, וועלכע האָבען איהם שטאַרק נע׳רודפ׳ט.

דער איינציגער רבי, וואָס האָט איהם שטאַרק מקרב געווען און זיך מיט איהם גע׳חבר׳ט, איז געווען דער רבי ר׳ בער פון ראַדאָשיץ.

זיי פלעגען צוזאַמען מחדש זיין די לבנה און יעדען ערב ראש־חודש צונויפקומען זיך ביי דער פיליצע, וועלכע געפינט זיך צווישען פּשערבאָוש און ראַדאָשיץ און בעשטימען, ווי די וועלט האָט זיך צו פיהרען אין פערלויף פון קומענדיגען חודש.

און אַזוי ווי זיי האָבען זיך אָבגעשמועסט, דערצעהלט מען, האָט זיך אַלץ טאַקי פערלאָפען.

אָבער דער רבי ר׳ ירחמיאל איז דערביי געווען כל ימיו אַ ג׳אַרימאַן און נישט געקאָנט מיט זיין עלטערער טאָכטער קיין שידוך מהון, נישט האָבענדיג צו סילוק׳ן קיין נדן, וואָס דעם התנ׳ס צד פלעגט פאָדערען.

האָט איהם טאַקי געגעבען דער „ראַדאָשיצער" צדיק אַ ברכה, אַז דער עולם זאָל זיך איהם מעהרען און ממילא וועט אויך אַריינפאַלען וואָס מעהר פדיונות און ער איז טאַקע געקומען באַלד צו אַ ביסעל געלד אויף אַ נדן פאַר דער טאָכטער.

מיט דער צייט איז דער רבי ר׳ ירחמיאל נתגלה געוואָרען אַלס אַ גרויסער בעל־מופת און דער עולם, וואָס האָט זיך ביי איהם געהאַלטען, פלעגט זאָגען, אַז דער רבי ר׳ ירחמיאל איז דער „גאַנצער פאָטער".

האָט טאַקע דאָס פּשיסכער שניידער׳ל אויך געהאָפּט ביי איהם פון דער צרה געהאָלפען צו ווערען.

און אָבגעבענדיג דעם רבי ר׳ ירחמיאל דאָס קוויטעל, האָט ר׳ גדליה שטאַרק געביטערט פאַר איהם, אַז דער שטאָדט־פּריץ איז אויף איהם שטאַרק אין דער רציחה צוליב דעם, וואָס ער האָט פאַליע געמאַכט אַ טייער שטיקעל ארבייט. ער הייסט זיך איצט בעצאָהלען פאַר דער סחורה אַ ממון מיט געלד, וואָס ער, דער

שניידער, פערמאָגט נישט. חוץ דעם שרעקט איהם דאָס הארץ. דורך איהם צו פערלירען די ארבייט ביי די איבריגע פריצים.

האָט איהם דער בעשיידענער רבי ר׳ ירחמיאל תיכף גע־הייסען אהיימגעהן, צוטרענען די גאנצע ארבייט און אויפפ־ביי אויפנייהען דאָס גארניטור און איצט וועט עס שוין גוט זיין.

האָט טאַקע דאָס פשיטער שניידער׳ל זיך גענומען צו דער ארבייט. צוטרענט און צולעגט דאָס גארניטור פון אָנהויב ביז צום סוף און עס נאָכאמאָל איבערגענייהט.

און איצט, ביים צווייטען מאָל, איז עס שוין ניט געלעגען אויף דעם פריץ. ביי וועמען די ארבייט האָט אויסגענומען.

פאר פרייד האָט איצט דער פריץ געקלאַפט ר׳ גדלית׳ן אין די פלייצעס אריין און בעצאָהלט איהם מלאכה־געלד כיד המלך.

איז דאָך דאָס שניידער׳ל באַלד געלאָפען מיט גרויס שמחה צום רבי׳ן און איהם דערצעהלט דעם מופת מיט דעם גארניטור און פאר פרייד זיך שטארק צעוויינט.

איז דאָך אָבער ר׳ גדליה א שניידער איז ער געווען א בעל׳ן צו וויסען, ווי אזוי דער מופת איז געשעהן.

האָט איהם דער רבי ר׳ ירחמיאל מסביר געווען, אז דער מופת איז גאָר קיין מופת נישט.

זיין גאוות האָט גורם געווען, אז ער זאָל ביים פריץ נכשל ווערען און די ארבייט זאָל נישט געראָטען; דער רבי האָט דער־ביי איהם גע׳עצה׳ט, אז פון היינט אָן זאָל ער זיך שוין אזוי שטארק נישט איבערנעהמען און שטאָלצירען מיט זיין מלאכה, וועט שוין ווייטער אלץ געהן בשורה און ער וועט מצליח זיין.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך שוין ר׳ גדליה, דער בעסטער שניידער אין פשיטבע, נישט מעהר אזוי געגרויסט מיט זיין מלאכה.

אבער פון יעדען שטיקעל ארבייט האט ער איצט אראבי־ געגעבען מעשר דעם רבי׳ן ר׳ ירחמיאל.

דער רבי ר׳ ירחמיאל איז נפטר געווארען ח׳ אייר תקצ״ו (1836) און איז געקומען צו קבורה אין דעם זעלבען אוהל, וואו די ביינער פון זיין גרויסען פאטער געפינען זיך.

# ר' דודל לעלעווערס א ברכה

א.

איידער ר' משה'ל לעלעווער, ר' דוד'ל לעלעווערס א זוהן, איז עולה לגדולה געווארען אויף דעם מאמערס ארט, איז ער גע־ווען ביי די יודען אין דארף שטשולקאוו, נעבען פלאווע, א הדדקי מלמד.

קיינער האט אין דארף נישט געוואוסט, אז דער דאזיגער ארימער מלמד איז א זוהן פון ר' דוד'ל לעלעווער און אנ'אייניקעל פון „יוד הקדוש" פון פשיסכע — אזא עניו איז ער געווען.

געזעסען איז ער זיך אין דארף על התורה ועל העבודה, אבגעטהון פון כל תאוות שבעולם, און דארט צוזאמען געהונגערט מיט זיין ווייב און קינדערלעך.

האט זיך איינמאל ר' דוד'ל לעלעווער פערגלוסט צו זעהן, וואס זיין זוהן מאכט, האט ער זיך ארויסגנב'נעט פון זיין שטוב פארטאג אין א ווינטער־פרייטאג, ווען דער פראסט האט בעקנאסט און איז הענדום־פענדום געלאפען קיין שטשולקאוו.

דער וועג האט געפיהרט אין דעם דאזיגען דארף אריין דורך פארדשוועדק. ווען ער איז אנגעקומען אהין, האט שוין אנגעהויבען טאגען. דערזעהענדיג נעבען פארדשוועדק א טייך, האט ר' דוד'ל אויפגעהאקט א שטיקעל אייז און זיך גע'טובל'ט לכבוד שבת, רעכענענדיג, אז ער וועט שוין נישט בעוויזען זיך

צו טובל'ען אין שטשולקאוו, וואו זיין זוהן וואוינט, ווייל אהין איז נאך געווען א מהלך רב פון פאדשוויערס. אבער גראד אין דער צייט, ווען ר' דוד'ל האט זיך גע'טובל'ט, איז פארביינגע־פאהרען מיט זיין פערד און וועגעלע דער פאדשוויערקער שוויינער (מילך פאכטער) ר' יענקל, פיהרענדיג זיך א היים א ביסעל האלץ פון א דערבייאיג וועלדעל.

דערזעהענדיג, ווי אנ'אלט יודעל מיט א גרייז־גרויער באָרד קריכט נאקעט ארויס פון דעם פערפרווירענעם טייך, ציטערענדיג פאר קעלט, איז דער שוויינער אראבגעשפרונגען פון זיין וועגעלע און אויף גיך פון זיך אראבגעווארפען זיין דובליאנען פעלץ און איינגעהילט אין איהם דאס פערציטערטע יודעל און, אראבווארפענדיג אויך דאס האלץ פון וואגען, האט ער איהם ווארים ארומ־געבעטט מיט שטרוי און היי און גציאגט די שקאפע, כדי וואס גיכער מיט דעם פער'חלש'טען צו קומען קיין פאדשוויערס.

אין דער שטוב ביי זיך האט דער שוויינער ר' דוד'ל לעלע־ווער'ן דערוואַרעמט מיט ווארעמפלאשען און הייסען טהיי און ווען ער איז געקומען צו זיך, האט ר' דוד'ל לעלעווער אויסגע־פרעגט ביים ארענדאר, ווי ס'גערט איהם מיט פרנסה אא"וו.

האט זיך דער שוויינער פאר ר' דוד'לען שטארק מתנצל געווען, אז פרנסה האט ער פיל־וועניג, אבער ער מוז זעהר שווער הארעווען, ער האט נישט קיין טאג און קיין נאכט. ער מוז אזוי ווי גאט גיט דעם טאג, פאהרען מיט די קאנען מילך אין שטאדט אריין, און ער קאן אויך נישט נאבקומען דאס אלץ, וואס דער פריץ פאדערט פון איהם.

האט ר' דוד'ל לעלעווער שווער אבגעזיפצט און ווי כלאחר־יד צום ארענדאר געזאגט: עס וואלט שוין די העכסטע צייט גע־ווען, אז דו זאלסט זיך דאס גוט קויפען און ווערען אויס שוויינער.

ר' יענקל, הערענדיג די דאזיגע ווערטער פון זקנ'ס מויל, האט זיך שטארק צולאכט, אבער געטראכט האט ער זיך: הלואי פון זיין מויל אין גאט'ס אויערען.

אבער ביי נאס איז אלץ מגליך, האט איהם געזאגט ר׳ דור׳ל לעלעווער. ער האט זיך אבגעזעגענט מיט דעם ארענדאר און זיין בני-בית און זיך געלאזט ווייטער אין וועג אריין, צו זיין זוהן קיין שטשולקאוו.

א שטיק פאר ליכט ציגרען האט ער נאך בעוויזען אריינצוקומען צו זיין זוהן אין שטוב אריין.

ב.

פארשוויערס האט דעמאלט געהערט צו א גרויסען פריץ, וועלכער האט כמעלע געוואוינט אין קראקא און אין גוט זיינעם האט ער געהאט זיצען אן אדמיניסטראטאר.

דער פריץ פלעגט נאר בעזוכען זיין גוט פון ציים צו ציים, כדי א קוק טהון, וואס מען הערט דא און אבערעכנען זיך מיט זיין אדמיניסטראטאר, דאן פלעגט ער צוריקפאהרען קיין קראקא.

מאכט זיך א מעשה, אז אין דעם זעלבינען פרייטאג צו נאכט, ווען ר׳ דור׳ל לעלעווער האט זיך געפונען ביי זיין זוהן ר׳ משה׳לע לעלעווער אין שטשולקאוו, איז גראד געקומען דער פריץ צו פאהרען אין זיין גוט אריין אין פארשוויערס און, קאנטראלירענדיג דעם צושטאנד פון גוט, איז ער געווארען שטארק איבגעערגערט צוליב דער שלעכטער ווירטשאפט פון דעם אדמיניסטראטאר און באלד אין דער פריה האט ער געהייסען צו זיך רופען דעם יודישען באכטער ר׳ יענקל.

איז דאך ר׳ יענקל געווארען פערציטערט, רעכענענדיג, אז דער פריץ וויל איהם בעזייטיגען פון דער פאכט. אבער ווי ער שטוינט און איבערראשט איז ער געווארען, אריינקומענדיג צום פריץ אין חדרען געכראפען מיט דעם היטעל אין דער האנד, ווען דער יאשניע פאן האט איהם פארגעלעגט, אז ער זאל זיך שאפען געלד און ביי איהם אבקויפען דאס גוט, אזוי ווי עס געהט און שטעהט.

מענה׳ט דאך ר׳ יענקל, איצט שוין א ביסעל דרייסטער: פריץ לעבען, איך האב דאך ניט אזוי פיל געלד, וואס דאס גוט

בדויכט צו טאַסטען. בערוהיגט איהם דער פריץ, אז ער זאָל זיך ניט אזוי שטאַרק איבערנעהמען, ווייל ער וועט איהם צולעגען אויף ראַטעס.

און דער פריץ קוקט ניט אויפ'ן יור'ס פערלעגענהייט און הייבט איהם זיין גרייט אויף מאָנטאָג צו קומען קיין פראַגא, וואו מען וועט מאַכען דעם פערקויפס־אַקט.

פערלאָזענדיג דעם פריץ, דערמאָהנט זיך ר' יענקל אין די רעד, וואָס דער „אַלטיטשקער" האָט איהם געזאָגט ערשט פריי־טאָג, ביים פערלאָזען זיין הויז. און טאַקע ווי נאָר ער האָט דער־זעהן די ערשטע דריי שטערען אויפ'ן הימעל, האָט ער געמאַכט הבדלה און זיך געלאָזט מיט זיין פערד און וועגעלע קיין שטשול־קאָוו צו שלוש־סעודות, פון ווי האָט ער זיך ערשט דערוואוסט, אז דער „אַלטיטשקער", וואָס ער האָט איהם געטראָפען ביים טייך זיך טובל'ען, איז דער גרויסער צדיק און עניו, דער רבי ר' דוד'ל לעלעוער. צו וועלבען א גאַנצע וועלט פאָהרט. האָט ר' יענקל איצט נאָך מעהר קוראַזש בעקומען און טאַקע צוגעזאָגט מיט דער בייטש זיין שקאַפע, וואָס גיבער אהינצוקומען.

ג.

אריינקומענדיג צו ר' דוד'ל לעלעווער, האָט ר' יענקל גראָד געטראָפען, ווי דער רבי האָט געזונגען „זרעינו וכספנו ירבה כחול", אונזערע קינדער און אונזער געלד זאָל זיך מעהרען ווי זאַמד.

איז דאָך ר' יענקל געבליבען שטעהן ביי דער טהיר, ניט וועלענדיג דעם רבי'ן איבערראַשען מיט זיין קומען. אָבער ווי נאָר ר' דוד'ל לעלעווער האָט געענדיקט דעם זמר, האָט ער צו־גערופען צו־זיך דעם פאָדשוויערקער אַרענדאַר, פרעגענדיג איהם: „נו, ווי האַלסטו מיט'ן פריץ, וויל ער דיר שוין אָוועקגעבען דאָס גוט?"

איז דאָך ר' יענקל געוואָרען שטאַרק צוטומעלט, זעהענדיג, אז דער רבי ווייסט שוין פריהער, וואָס ער וויל איהם זאָגען.

אבער ר׳ דוד׳ל לעלעוועד בעמערקענדיג די פערלעגענהייט פון ארענדאר, הייבט זיך אלץ דערצעהלען, ווי די זאך איז צוגעגאנ־גען. האט דאן דער פאכטער איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה און צום סוף צוגעגעבען:

— פון וואנען נעמט מען דערווייל געלד, הייליגער רבי, איך בין דאך אנ׳ארימער ארענדאר?

האט ר׳ דוד׳ל לעלעוועד דערוייל איהם גארניט געענטפערט און ווייטער זיך בנעימות געזונגען און צוגעבאמקעט מיט די הענד די „זמירות" פון דער פולער וואך. ווען ער האט געהאלטען ביי „אל תירא עבדי יעקב", האט ער א זאג געטהון:

— ווייסט יענקל, פאהר קיין קראקא, קויף מיט סול דאס גוט פון פריץ, זארג גארניט, גאט וועט העלפען, האסט דאך א יוד געראטעוועט פון טויט!...

קערעוועט ר׳ יענקל דעם דישעל צוריק אהיים. דערצעהלט דעם ווייב, וואס דער הייליגער רבי האט געזאגט. און מאנטאג ביי בעגינען פערפאהרט דער פריץ מיט זיין קארעטע איינגע־שפאנט אין 4 טייערע צוג־פערד, פאר ר׳ יענקל׳ס הויז און מיט־גענומען איהם קיין קראקא.

דא האט איהם דער פריץ אוועקגעגעבען דאס גוט פאר שוועדק אויסצוצאהלען עס אין ראטעס, כתוב והותם לויט אלע כללים פון געזעץ, ביי א נאטאר.

ווערט דאך א גרויסע בהלה צווישען די קרובים פון יענעם פריץ, וועלכע בעשולדיגען דעם יהד, אז ער האט אויסגענארט ביי איהם דאס גוט און האבען מאסע פערפיהרט געגען איהם א פראָ־צעס, אז דער בלומר׳שטער פערקויף זאל ווערען גע׳פסל׳ט.

לויפט דאך ווייטער דער ארענדאר צו ר׳ דוד׳ל לעלעוועד. איז ער איהם מבטיח, אז דער פראצעס וועט בטל ווערען און ר׳ יענקל האט איהם מאסע אין אלע אינסטאנצען געוואונען.

ווערט איצט ר׳ יענקל דער ארענדאר א גרויסער נגיד און איז אויך א גרויסער מכניס אורח. אלע זיינע קינדער זענען דאן

אויך צוליב דעם דאַזיגן גוט געוואָרען גרויסע גבירים און אדירים, צופאַנס ר' דוד'ל לעלעווער'ס ברכה, וואָס ער האָט געגעבן זייער פאָטער, דעם „אָרענדאַר".

# דער ראדזימינער און זיין משמש

א.

אין איין צייט מיט דעם „חידושי הרי״ם״ און אנדערע רביים פון דער פלעיאדע „גוטע יודען״ אין פוילען איז אויך געווען דער רבי ר׳ יעקעלע ראדזימינער, וועלכען דער עולם האט געהאלטען פאר א גרויסען קדוש ונורא.

פאר זיין הבל של פיו האט מען געציטערט, זיינס א קללה איז אויך באלד מקוים געווארען. דערביי איז ער געווען א קליין מענטשעלע און שטארק איינגעהויקערט, די ליולקע מיט׳ן ציבוך מאבאס, וואס ער האט כסדר געפיפקעט, האט דערגרייכט ביז צו דער ערד, אזוי קליין איז ער געווען.

האט ער אבער געהאט א שוואכקייט, אז יעדע קליינינקייט האט איהם אויפגערעגט און זייענדיג א קרענקליכער האט ער אויסגעלאזט זיין כעס צו זיין משמש בקודש, וועלכער איז אין זיין הויז געווען שוין א סך יאהרען.

די קאפריזען פון ראדזימינער האט דער ארימער שמש אנגענומען באהבה, הגם דער רבי ר׳ יעקעלע פלעגט איהם שטענדיג זידלען פאר די חסידים, אבער דער מענש איז דאך נישט פון אייזען, פלעגט אויך דער משמש ארויסגעפיהרט ווערען פון גלייכגעוויכט און עס פלעגען פארקומען צווישען דעם רבי׳ן און משמש מחלוקות אהן א סוף.

האט דער ראדזימינער איינמאל זיך שטארק צעבייזערט און

דעם משמש אינגאַנצן באַנייטיגט פון הויף און אויף זיין אָרט אַרײַנגענומען אַ צווייטן.

אין אָבער די משמש'טע (דעם משמש'ס ווייב) געבליבן ווייטער אין רבי'נס הויף. זי פלעגט פון ימים און שנים באַקן די געבעקס פאַר'ן רבי'ן. איהר לעקעך האָט שטאַרק דעם רבי'ן געשמעקט, האָט דער רבי ניט געלאָזט זי אויך צו בעזייטיגן פון הויף.

מיט איהרע קוכענס פלעגט זיך די משמש'טע שטאַרק גרויסן און די גרעסטע גבירים אין דער שטאָדט האָבן אויך געלאָזט אויף שמחות ביי איהר אַלץ באַקן, פון וואָס זי האָט זיך שעהן דערנעהרט.

האָט זיך געמאַכט, אַז דער ראַדזימינער האָט זיך דערכאַפּט זיין שוואַך האַרץ מיט אַ ביסעל וויין און לעקעך, ווי זיין דרך איז תמיד געווען. האָט ער בעקומען פּלוצלונג גרויסע מאַגען־קראַמפּען, אויף וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געליטען. האָט מען תיכף געשיקט נאָך די בעסטע דאָקטוירים פון דער שטאָדט און אויספּלומפּענדיג דאָס עסען פון מאָגען, האָבען די דאָקטוירים פעסטגעשטעלט, אַז דער רבי איז געווען פער'סמ'ט מיט אַרשע־ניק; ערשט נאָך גרויס מיה און אַרבייט איז די דאָקטוירים גע־לונגען דעם רבי ר' יעקעלע אָבצוראַטעווען פון אַ זיכערען טויט, און ערשט נאָך אַ געוויסער צייט איז דער רבי אינגאַנצען פון דער געפאַהר אויסגעהיילט געוואָרען.

ב.

באַלד אין ערשטען אויגענבליק איז געפאַלען דער חשד אויף דעם אָבגעזעצטען משמש, אַז ער האָט געמוזט אַריינטהון אַר־שעניק אין דעם טייג פון לעקעך, צוליב נקמה, ווייסענדיג גאַנץ גוט, אַז דער רבי ר' יעקעלע האָט דאָס געבעקס ליב און קיין אַנדערע קוכענס עסט ער ניט.

האָט אָבער דער רבי ר' יעקעלע ניט געוואָלט מאַכען דער־פון קיין געברויך צוליב חלול השם און אויך צוליב דעם, וואָס ער

האָט געוואוכט, וואָס פאַר אַ האַרבע שטראָף עס דראָהט דעם משומד דערפאַר.

האָבען אָבער די דאָקטוירים דאָך נישט געוואָלט פערשוויי־גען און עס געמעלדען דער פּאָליציי, וועלכע האָט תיכף דעם משומד מיט זיין ווייב אַרעסטירט און זיי אָבגעשיקט קיין וואַרשא אין דער תפיסה.

דער משומד האָט געלייקענט שטיין און ביין. דאָס זעלבע האָט אויך גע'טענה'ט די משומד'טע. זי האָט דערקלערט, אַז דאָס ביי איהר געפונענע אַרשעניק האַלט זי פאַר די מייז, וואָס מאַכען איהר אַ גרויסע שאָדענס אין דער בעקעריי און זי קען נישט וויסען, ווי אַזוי אַרשעניק האָט זיך אַריינבאַקומען אין לעקעך. האָט די געריכטס־כאָכם דעם משומד בעפרייט און די משומד'טע, זיין ווייב איז צוגעצווינגען געוואָרען צו דער פעראַנטוואָרטליכקייט, בלייבענדיג די גאַנצע צייט אין תפיסה.

אין יאָהר 1857 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס אין וואַר־שאווער קרימינאַל־געריכט.

דעם רבי ר' יעקל'ע האָט מען אויך אַרויסגערופען צום פּראָצעס אַלס עדות.

האָט ער זיך געזעגענט צו זיין פריינד, דעם „חידושי הרי"ם" וועגען אַן עצה'י וואָס ער זאָל טענה'ן, ער האָט נישט געוואָלט אַ יודיש קינד אַריינזעצען אין דער תפיסה און האָט אויך גוט געוואוסט, אַז דאָס איז נישט געווען איהר מלאכה, נאָר דער משומד האָט איהם געוואָלט אָב'כמ'ען. ער האָט אויך געבעטען דעם „חידושי הרי"ם", אַז ער זאָל זיך אין וואַרשא משתדל זיין ביי די ריכטערס, אַז די משומד'טע זאָל נישט בע־שטראָפט ווערען און פריי זיין.

דערויף האָט דער „חידושי הרי"ם" דעם רבי'ן ר' יעקעל'ע ראַדזימינער בריפליך גע'עצה'ט, אַז ער, דער רבי, זאָל אַלץ, וואָס ער ווייסט און וואָס ס'איז אמת, דערצעהלען די ריכטער, וואָרום ס'איז נישט זיך מרחם צו זיין אויף אכזרים, אַז מען

זאָל זיי אײַנגאַנצען בעפרייען פון אַ שטראָף, אָבער ער, דער „חי־דושי הרי"ם" וועט פון זיין זייט אַלץ אָנווענדן, וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין, אַז איהר שטראָף זאָל נישט זיין קיין שווערע.

האַרכענדיג דעם „חידושי הרי"מ'ס" עצה האָט זיך דער ראַ־דזימינער רבי געשטעלט צום פּראָצעס. די גרעסטע חשובים און גבירים פון וואַרשאַ זענען מיט איהם מיטגעגאַנגען אין גערי־כט. דאָס זענען אַלץ געווען דעם געווער רבי'נס חסידים, וואָס האָבן געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אפילו אויף די וואַרשאַווער ריכטער.

אָבער ווי דערשטוינט זענען די ריכטער געוואָרען, הערענדיג, ווי דער ראַדזימינער רבי בעמיהט זיך ריינצוואַשען די בע־שולדיגטע פרוי, בעהויפּטענדיג, אַז עס לעגט זיך איהם נישט אויף דעם געדאַנק, אַז זי זאָל האָבן מתכוון געווען איהם אָבצו־סמ'ען, וואָרום זי איז אַ פרומע פרוי און קיין פרומער מענש קאָן נישט טויטען דעם צווייטען, סיי־רען דורך אַ צופאַל, אָבער נישט מיט אַ ריינעם געוויסען.

האָבען אָבער די עדות — די הויזמענשען און דאָקטוירים פאַר'ן ריכטער־טיש ענטפּלעקט דעם סוד, אַז איינער פון זיי בייי־דע, אָדער דער שמש, אָדער זיין פרוי, האָבן געהאַט בדעה דעם רבי'ן אומצוברענגען צוליב נקמה.

ראַדזין, דער גרויסער וואַרשעווער אַדוואָקאַט, האָט אויפ'ן סמך פון רבי'נס טענות, די שמש'טע פערטיידיגט, אַז אין דעם פאַל האָט העכסטענס געקאָנט זיין אַ טעות מיט דעם סם און זייענדיג אויך שטאַרק געבעטען מצד דעם „חידושי הרי"ם", האָבען די ריכטער איהר פעראורטיילט נאָר מיט עטליכע חדשים אַרעסט.

אָבער אויך די דאָזיגע קליינע שטראָף איז די שמש'טע נישט אָבגעזעסען; דורכ'ן מאַניפעסט, וואָס ס'איז אַרוים צוליב דער קרוינונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, איז זי געוואָרען אײַנגאַנצען פריי.

די שטאָדט אָבער, וואָס איז געווען איבערציינט אין דער שולד פון משמש האָט ניט געהערט.

מען האָט אויפגעהערט צו האָבן א מנין ומשא מיט דעם משמש און זיין ווייב. ס'האָט מער קיינער ניט געגעבן זיי צו באַקן און ביי זיי אַליין קיין געבעקס ניט געקויפט. איז דאָך אויסגעקומען, אַז דאָס גאַנצע בני-בית פון משמש זאָל ליידן הונגער און נויט.

האָט דער רבי ר' יעקעלע איינגערעדט וועלטן, אַז מען זאָל ניט נעהמען קיין נקמה אין זיי, אָבער דער עולם, וואָס איז געפאַלען פאַר'ן רבי'נס וואָרט, האָט דאָס מאָל ווייטער דאָס זייניגע געטהון. איז דער משמש באַין-ברירה פלוצלונג געקומען אין רבי'נס בית-המדרש אריין אין קיטעל און זאָקען און זיך מודה ומתודה געווען, אַז ער האָט אַליין אַריינגעלעגט דעם סם אין דעם טייג פון לעקעך, ווייסענדיג, אַז פון דעם לעקעך עסט קיינער ניט, נאָר דער רבי אַליין... זיין ווייב אָבער האָט דערפון די מינדעסטע אהנונג ניט געהאַט. ער פאַלט דעם רבי'ן צו די פיס און איז, מיט גרויס געוויין, קלאַפּענדיג זיך אין האַרץ אריין „חטאתי, עויתי, ו פשעתי", דעם רבי'ן מפייס בפני קהל ועדה.

האָט דער רבי איהם ארויסגעגעבן א תשובה א גאַנץ יאָהר צו שלאָפען אויף דער נאַלער ערד, פאַסטען יעדען מאָנטאַג און דאָנערשטאָג או"וו.

דערביי האָט איהם דער ראדזימינער דערלויבט צו קומען אין זיין בית-המדרש אריין נעהמען נדבות ביי די צוגעפאָהרענע חסידים און די גרעסטע נדבה האָט איהם שטענדיג געגעבן דער רבי אַליין.

## ג.

דאָס, וואָס דער משמש האָט זיך מודה ומתודה געווען בפני קהל ועדה, אַז ער האָט אַריינגעטהון סם אין „לעקעך" צוליב נסמה-נעמילען פאַר בעוויזינען איהם פון הויף, האָט עמיצער ווייטער צוגעטראָגען דער פאָליציי. דעריבער האָט זיך דער משמש

אויסבעהאלטען פאר דער פאליציי און זייענדיג א לענגערע צייט נע־ונד אין דער וועלט, איז איהם דאס לעבען נמאס געווארען און ער האט זיך אליין צוגעשטעלט. מען האט איהם מאקע אריינ־געזעצט צוריק אין דער תפיסה.

האט דאך דאס ווייב מיט די קינדער געשטורעמט דעם רבי'נס הויף, און דער ראדזימינער האט ווייטער אנגעווענדעט א סך כוחות דעם משמש זיינעם צו בעפרייען, אבער דאס מאל איז די זאך שוין אנגעקומען א ביסעל שווערער. די ריכטער האבען זיך מעהר נישט געלאזט בעאיינפלוסען פון וועלכען צד עס זאל נישט זיין. אבער צוליב דעם, וואס קיינער פון די ערות, וואס זענען ארויסגערופען געווארען צו דער אויספארשונג, האט נישט בעשטעטיגט דעם פאקט פון מודה־זיין זיך, איז אויך דער משמש פריי געווארען פון דער בעשולדיגונג.

האט אבער איהם, דעם משמש, נאט'ס שטראף נישט אויס־געמיטען. ער איז אויסגעגאנגען, דערצעהלען הסידים, ווי א ליכט און ער איז אלס בעל־תשובה געשטארבען נאך ביים רבי'נס לע־בען. !

דער רבי ר' יעקעלע האט איהם מוחל געווען במחילה גמורה דאס, וואס ער האט געהאט ברעה איהם צו פער'סמ'ען און ווייטער טועם געווען פון דעם לעקעך, וואס די אלמנה האט פאר איהם געבאקען.

און אויך די גאנצע שטאדט האט ווייטער ביי איהר געבא־קען ארער געקויפט געבעקס, פון וואס זי האט זיך דערנעהרט און אויסגעהאלטען איהר ארים הויז

# דער ראדאשיצער רבי ר' בער

א.

דער רבי ר' בער פון ראדאשיץ האט געהערט צו דעם אלטן מיט רביים פון דעם „חוזה'ס" דור, וואס האבן עוסק געווען אין חסידות לשמה און זיך קונה שם געווען אין יידישע וועלט מיט די „מופתים", וואס זיי האבן בטוויזן.

דער פאטער זיינער, ר' יצחק, איז געווען שוין בחור'ווייז א משמש בקודש ביי דעם מעזריטשער מגיד, דעם רבי'ן ר' בער, דעם בעל שם טוב'ס א תלמיד.

ביים מעזריטשער האט געדינט א סך יאהרען א דינסט מרים האט זי געהייסן, וועלכע איז געווען שוין א בעיאהרט מיידעל און חוץ דעם א גרויסע מיאוס'קייט און א קראנקע, ווי נאר.

האט דער מגיד צוזאמענגעפארט זיין משמש מיט אט דער מרים. תחילת האט דער משמש זיך אנטקעגנגעשטעלט דעם שידוך, ער האט זי דאך נט געקענט, אבער ווי נאר דער מגיד האט איהם צוגעזאגט פון איהר א זוהן, וועלכער וועט אבגעהמען די וועלט און ער וועט בעקומען זיין נאמען, איז ער מיט איהר שוין געשטאנען אונטער דער חופה.

אבער דער לעבענס־וועג פון דעם דאזיגען ליכטיגען זוהן איז נישט געווען מיט רויזען אויסגעבעט. ער האט זיך אין די יונגע יאהרען ארומגעוואלגערט אין די ישיבות און צוגעהונגערט,

כדי צו קומען צו א תכלית. און ווען דער פּאַטער זיינער האָט איהם שוין מיט מזל געפיהרט אונטער דער חופּה, מיט א ישוב'־ניקס א טאָכטער, איז איהם איבערגעקומען אויפסניי צו הונגערן צוזאַמען מיט זיין צניעותדיג ווייבעל.

דער שווער זיינער, וועלכער האָט געהאַלטען די דאָרפּס־פּראַ־פּינאַציע, איז געוואָרען א גרויסער יורד, צוליב וואָס ער האָט געמוזט קוים א יאָהר נאָך דער חתונה אָבזאָגען די קינדער די צוגעזאָגטע קעסט. האָט זיך דאָס „קעסט־בחור'ל" גענומען צו האַנדלען. ער האָט ארומגעטראָגען א ביכעל צעלניק אין די דער־פער, אויף די יאַרידען, אָבער קיין גרויס חיונה האָט ער נישט געהאַט פון זיין מסחר, איז איהם דאָס האַנדלען אויך נמאס גע־וואָרען און ער האָט געזוכט ווייטער א תכלית.

איז זי, דאָס אָרימע ווייבעל, נעבעך, געוואָרען איצט די פּרנסה־געבערין. זי איז געוואָרען א דאָרף־געהערין. אָבער אויך איצט האָט דער רבי ר' בער געליטען דחקות און נויט און זיך געמוזט באַגנוגענען מיט א שטיקעל פערדאַרט ברויט אפילו אין די הייליגע שבתים און ימים־טובים. דערפון האָט קיין שום ילוד אשה נישט געטאָרט וויסען; אפילו ווען ער האָט זיך מזכיר געווען ביים „החזה" און ווען יענער האָט איהם געפרעגט, ווי ער האַלט מיט פּרנסה, האָט דער רבי ר' בער איהם געענטפערט, אז נישט וועגען דעם איז ער דאָ אהערגעקומען...

האָט אָבער דאָס ווייב לענגער נישט געקאָנט צוזעהן, ווי דאָס אויסגעווייקטע קליינוואַרג גייט פּשוט אויס פאַר הונגער, האָט זי זיך צו'כעס'ט אויפ'ן מאַן און געשריגען פאַר איהרע גרויסע צרות: „בערעל בטלן", וואָס וועט זיין אונזער שוואַרץ־פינסטערער סוף? נעהמט זיך ר' בערעל דאָס מלומאַס'ל אויף די פּלייצעס און לאָזט זיך אויף דעם ברייטען שליאַך אין דער גרויסער וועלט אריין. ער זיצט אָב גאַנצע צייטען ביים „חוזה", ביים „יוד הקדוש" און ביי אנדערע גדולים. וואָס אַרט איהם ווייב און קינדער, ער שטרעבט צו א תכלית.

זי דאָס ווייב, געהאַט וואַשען וועש אין די הייזער, בדי די קינדער ביים לעבען צו דערהאַלטען. ער ווייטער ווערט א דאָרפס־מלמד, אומזיסט האַלט מען איהם פאַר א בטלן, אָבער פאַר א גרויסען יראת־שמים. אָבער ביי דער מלמדות קען ער אויך זיך ניט דערהאַלטען.

און ווען דער „חוזה" דערזעהט איהם ווייטער ביי זיך אין לובלין, רופט ער איהם: „בערעל, קום, וועלען מיר דיך בענטשען", און געזאָגט, „דער השם יתברך יזמין לך, זאָל דיר געבען יורען, וואָס זאָלען דיך אָבריסען פון דער תורה און תפילה. דאָס איז געווען א בפירוש אָנצוהערעניש פון רבי'ן, ער זאָל רבי ווערען.

האָט דער עולם איצט גאַנץ אַנדערש אָנגעהויבען צו קוקען אויף דעם בלומר־שטען „בטלן". ער ווערט רב אין ראַדאָשיץ און א געוויסע צייט איז ער אויך רב אין בישטעדבאָזש.

קיין ברכה האָט שוין זיין בגיבית ניט געפעהלט. באַלד ווערט ער אויך נתגלה פאַר דער וועלט דורך זיינע מופתים, וואָס ער האָט בעוויזען. און נאָך דעם חוזה'ס טויט האָט זיך א גרוי־סער טייל חסידים מיט א הק' רבנים בראש צו איהם בעהאָפטען און מען קרוינט איהם אַלס רבי ר' בער פון ראַדאָשיץ.

ב

דעם רבי ר' בער'ס שווער האָט געהאַט א פאַראָבעק, מאַ־טשעק האָט ער געהייסען. עסענדיג „קעכט" ביים שווער, פלעגט זיך דער רבי ר' בער א סך מיט דעם משרת אויסטענה'ן און שמועסען.

איינמאָל האָט געהייסען דער שווער זיין איידעם מיטפאָהרען מיט דעם פאַראָבעק ביים איבערפיהרען א פאַס בראָנפען פון ברויז אין דער פראָפינאַציע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין דאָרף אין פאַכט ביים פריץ.

און אזוי ווי דער וועג איז געווען א שלעכטער, פול ליים־גריבער, איז דער וואָגען מיט דעם בראָנפען געבליבען שטעקען

אין א לײם־גרוב און מען האָט ניט געקאָנט פאַר קײן פאַל איהם אַרױסציען. זאָגט דער שױן פערשװיצטער און מידער פאַר־ראָבעט צום רבי ר' בער: „דזשװינגיטשע, בארען, ציהט אַרױס דעם װאָגען. האָט איהם דער רבי געענטפערט: „ניע מאָגען", איך קען ניט. ער אַלײן איז אױך שױן געװען שטאַרק אָבגעשװאַכט פון דער קעלט און דורכגענעצט פון דעם רעגען. װערט שױן מאַטשעק אין בעס און זאָגט װי בלאַטה־ריד: „מאָזשעש, אַלע ניע כצעש", דו קאָנסט, אָבער דו װילסט ניט. שטרענגט איצט אָן דער רבי ר' בער זײנע לעצטע כוחות און האָט טאַקע אַרױסגע־שלעפט דעם װאָגען פון לײם. פון דעמאָלט אָן האָט מאַטשעק באַקומען גרױס דרך־ארץ פאַר'ן רבי'ן ר' בער. און װען ער איז רבי געװאָרען האָט ער מאַטשעק'ן צו זיך אין הױז אַרײנגענומען אלס משרת און דערציילט זײנע חסידים, אַז ער האָט א סך פון איהם געלערנט.

איצט איז שױן מאַטשעק ניט דרײסט געװען צו רופען דעם רבי'ן, זײן האַר, פראָסט פשוט „בערקאָ", װי ער פלעגט עס טהון, װען ער איז געװען פאַראַבעק בײ זײן שװער, נאָר גערופען „פאַן ראַבין".

הײסט דער רבי איהם װײטער זיך רופען מיט דעם נאָמען „בערקאָ". ער האָט געהאַט דערפון א גרױסע הנאה. ער האָט איהם אפילו ניט דערלױבט, אַז מאַטשעק זאָל רעדען מיט איהם יודיש, װאָס ער האָט זיך אױסגעלערנט, װען ער האָט נאָך גע־דינט בײם שװער אין דאָרף, נאָר ער זאָל רעדען אױף זײן מאַמע־לשון.

און װען דער רבי האָט געהאַט פאַר זיך א שװערען ענין, אָדער ער האָט געװאָלט אױס'טובר'ן זײנע חסידים, אַז זײ זאָלען גוט און פרום זײן, פלעגט ער זיך בעגעגענען מיט מאַטשעק'ס װער־טעל, װאָס ער האָט אָנומעלט צו איהם געזאָגט, בשעת ער האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהם העלפען דעם װאָגען פון־דער בלאָטע אַרױסשלעפען: „דו קאָנסט, נאָר דו װילסט ניט".

מאכט זיך א מעשה, אז קיין ראדאשיץ איז געקומען צולוי־
פֿן א צעדודערטער א גרויסער וואלדסוחר ר' ישראל פון מאג־
דזשאו, וועלכן א קאנקורענט האט אבגע'מסר'ט פאר'ן מלכות
אין עפעס סיכסוכעו, צוואב עס קוסט צו איהם א קאנטרא־
קטער מאכען א קאנטראל אין די ביכער, וואס ער האט שטארק
מורא.

נאך ווען דער סוחר האט אבגעגעבען דאס קוויטעל דעם
רבי'ן, האט מאטשעק אויסגערוכט דעם רבי'נס שטוב און הערנ־
דיג לעזען דעם רבי'ן הויך און ציהענדיג די ווערטער „ישראל
בן אליה ממאגוזשעוו", האט מאטשעק נאכגעזערט מיט זיין
פויערישער אויסשפראך און לויט זיין אויספאסונג: „יסראעל
באגדז (בן) אלע (אליה) מאנדושי (מאנדזשעוו)". און דער
רבי ר' בער נבהל ונשתומם געווארען פון מאטשעק'ס אויסלייי־
גענען די דאזיגע ווערטער פון קוויטעל און דער רבי האט
טאקע איינגע'חזר'ט די דאזיגע ווערטער מיט דעם וואלד־סוחר
און איהם פערטייטשט דעם פשט פון „יסראעל באגדוס, אלע
מאנדרזי", ישראל זיי, נאר קלוג.

האט ר' ישראל מאדזשעווער זיך מער נעווען, אז ער בעד־
דארף דעם בעאמטען משחד זיין, און אלץ וועט שוין זיין אין
בעסטער אָרדנונג.

און ער האט אזוי געטהון און מצליח געווען...

אויסלערנענדיג זיך פון מאטשעק'ן אביסעל פויליש רעדען
און פערשטעהן, האט דער רבי ר' בער, ווי דער קאזשעניצער
צדיק, מיט פוילישע ווערטער מרמז געווען אויף א סך זאכען,
וואס זענען געווען ענטפערס אויף די קוויטלעך.

הויפטזעכליך האט ער זיך בעדיענט מיט פוילישע ענטפערס
צו די פריצים און די פויערים פון יענער געגענד, וואס האבען
איהם אנגערופען „נאש בערעס" און זענען געקומען צו איהם
ועגען אן עצה אדער מיט א בקשה.

מאטשעק האט שוין פערשטאנען אויף דעם וואונק דעם רבינ'ס ענטפער און אויף זיין לשון זיי, די קריסטען, עס צולעגט אויף טעלערלער.

און ווען דער רבי ר' בער איז געווען ביי א גוטער שטימונג און אויפגעהיימערט, האט ער מיט א זיסען, ליבליכען ניגון זיך געזונגען דעם פסוק פון „שיר השירים" (קאפ. ו, י"א): אל גנת אגוז ירדתי לראות באבי הנחל, לראות הפרחה הגפן הנצו הרמנים", ענדיגענדיג מיט דעם אנהויב פון צווייטען פסוק: „לא ידעתי נפשי", און איהם גלייכצייטיג פאראפראזירט און אינטערפרעטירט אויף פויליש: „קאזאלא מאטושקא אזשעשקי רוואטש, אלע וויסאטש ליכטשקי, א זא ניזקיע בלאטשיקי, טרודנא שען דאסטאטש, טרודנא שען דאסטאטש". און דאן אויף יודיש: „די מוטער האט געהייסען, ניסעלעך פון בוים אב־רייסען. צו הויך זענען די בוימעלעך, צו קליין זענען די יודעלעך, זיי קענען נישט דערגרייכען, זיי קענען נישט דערגרייכען"...

מאטשעק האט צוגעברומט מיט זיין פויעריש קול ווען דער רבי האט געזונגען זיך בנעימות דאס מיסטישע לידעל און ווען דער רבי האט געהאלטען ביי „טרודנא שען דאסטאטש", איז ער ארויס אויס'ן גאנצען קול „ווען בערקא וויל קען ער, נאר ער וויל נישט"... און דער רבי האט געשוויגען...

ג.

אין גרויס נחת און כבוד, כאטש דער רבי ר' בער איז דאס נישט אויסען געווען, האט ער אבגעלעבט זיינע שפעטערדיגע יאהרען מיט זיין צניעות'דיגער פרוי, וועלכע ער האט שטארק געשעצט. האט ער דאך, ווי ער האט שטענדיג זיינע חסידים דערצעהלט, איהם צו פערדאנקען זיין גאנצע גרויסקייט, מיט דעם, וואס זי האט מפרנס געווען די בני־בית און ער האט גע־קאנט במנוחה זיך זיצען על התורה והעבודה.

האט אבער דער אום'ברחמנות'דיגער טויט אויך איהם נישט בערשוינט און ער איז נסתלק געווארען י"ח סיון תר"ג (1843).

זיין טאטא מקום איז געווען דער עלטסטער זוהן ר' ישראל יצחק, אבער ער האט זיך גישט לאנג געהאלטען אויף דעם הבי'ן ר' בערים ארט, ער איז נפטר געווארען אין ווארשא כ' כסליו תרי"ח (1858).

אבער די ראדאשיצער דינאסטיע דערהאלט זיך נאך ביז הײַנטיגען טאג.

אויך דאס טראדיציאנעלע בעטעל, אין וועלכען דער קדוש האט געדרימעלט, דאס בית־המדרש'ל, אין וועלכען ער איז געזעסען טאג און נאכט און תפילות געטהון, ווי אויך דער שאנטעל, אויף וועלכען ער פלעגט זיצען און אויסהערען די צרות פון זיינע ברידער און אפילו דער היסטארישער ברונעם, פון וועלכען ר' נחמן, זיין משמש בקודש, האט געשעפט וואסער און געגע־בען די חולאים צו טרינקען אלס רפואה — קאן מען נאך ביים הײַנטיגען טאג זעהן אין ראדאשיץ.

# דראָשיצער רבי און פראַנץ יאָזעף

א.

אין דער צייט ווען דער בעקאַנטער פּאָליטיקער, מעטערניך, איז געווען רייכס־קאַנצלער אין עסטרייך, איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישען רוסלאַנד און דעם עסטרייכישען קייזער, פערדינאַנד דעם ערשטען, וועלכער האָט געקיניגט פון יאָהר 1835 ביז 1848.

רוסלאַנד האָט געדראָהט עסטרייך מיט מיליטערישע סאַנקציעס, אויב זי וועט נישט נאָכקומען, וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער פאָדערט פון איהר.

אין דער אַרימער קייזער פערדינאַנד צוליב די דאָזיגע דראָהונגען שטאַרק בעאומרוהיגט געוואָרען און האָט באַלד צונויפגערופען אַלע זיינע שרים און יועצים אויף אַ געהיימע בעראַטונג, אָבער צוליב די גרויסע חילוקי־דעות, וואָס האָט געהערשט דאָרט צווישען די טיש־זיצערס, איז מען צו קיין בעשלוס נישט געקומען.

רוסלאַנד, דערזעהענדיג דאָס וואַקלעניש פון עסטרייך, איז נאָך מעהר חוצפה'דיג און שטרענג געוואָרען און נישט בעקומענדיג אזוי גיך קיין ענטפער, האָט זי אַרויסגעשיקט אַן אַרמעע צו דער עסטרייכישער גרעניץ.

איז דאָך איצט די לאַגע אין עסטרייך געוואָרען נאָך מעהר

אנגעשטרענגט און שווער, האָט דער קייזער ווייטער צוגעפּנט־רופען זיינע יועצים, אָבער מען האָט ווייטער נישט געפונען קיין אויסוועג, ווי אַזוי זיך צרויסצודרעהען פון דעם פּלאָנטער.

פון איין זייט האָט מען נישט געוואָלט צוליב פּרעס־טיזש קאפיטולירען פאַר רוסלאַנד און איהר נאָכגעבען אַזעלכעס, וואָס איז געווען אונטער דעם כבוד פון עסטרייך. פון דער צווייטער זייט ווידער האָט מען געציטערט פאַר אַ מלחמה מיט רוס־לאַנד, וואָס איז געווען פיל מעכטיגער און שטאַרקער פון עסטרייך.

האָט זיך איינער פון די יועצים ארויסגעבאַפּט מיט אַ פּאָר־שלאָג, אַז מען זאָל שיקען אַרויסשיקען צום ראַדאָשיצער רבי ר׳ בער און זיך מיט איהם שואל־עצה זיין. ער אַליין — האָט דער פּאָרשלאָג־געבער געטענה׳ט — איז מיט אַ צייט צוריק ביי אַ שווערען ענין געהאָלפען געוואָרען דורכ׳ן רבי׳ן.

בלית ברירה האָבען אַלע מסכים געווען אויף דעם דאָזיגען פאָרשלאָג.

און דער קייזער פערדינאַנד האָט תיכף ארויסגעשיקט קיין ראַדאָשיץ זיין זוהן פּרינץ יאָזעף, דעם יורש עצר.

ב.

אין אַ געוויסען פריהמאָרגען איז גאַנץ ראַדאָשיץ געשטאַנען אויף די פיס.

פאַר׳ן רבי׳נס בעשיידען האָלצערן הייזעל זענען פאָרפאָהרען עטליכע קעניגליכע קאַרעטען מיט טייער געשפּאַן און פון דאָרט האָבען ארויסגעקוקט גרויסע לייט, אויסגעפּוצט מיט „גאָלדענע טרעסען״ און מיט זילבער־ווייסע שטרויס־פעדערען אויף די היט.

ארום דעם נידריגען הייזעל, וואו דער רבי האָט געוואוינט, זענען שוין פון האַלבער נאַכט געשטאַנען צעהנדליגער מאַנסלייט און פרויען מיט פערביטערטע הערצער, וואָס האָבען שוין געוואַרט עטליכע טעג כסדר, אַז זיי זאָלען קאָנען אַנקומען צום רבי׳ן

דערזעהענדיג דעם עולם, איז איינער פון די אנגעפאַהרענע „גרויסע לייט" ארויס פון דער קאַטש און זיך נעפרעגט, צי דאַ וואוינט דער „הייליגער מאַן".

און ווען מען האָט איהם געזאָגט: יאָ, האָט דער זעלבער קיין גרויסע שהיות נישט געמאַכט און איז גלייך אריין אין רבי'נס בית־מדרש'ל זיך צו זעהן מיט דעם רבי'ן.

האָט איהם געבעטען ר' נחמן דעם רבי'נס קאַמערהער", ווי די דאָזיגע געסט האָבען איהם גערופען, אז ער זאָל א ביסעל צו־וואַרטען, ביז ער וועט זיך פערשטענדיגען מיט'ן רבי'ן.

און בעקומענדיג פון דעם זעלבען דויטש א שעהנעם מתנת־יד אין דער האַנד אריין, האָט זיך ר' נחמן, דער משמש בקודש, נישט געפוילט און גלייך אריין צום רבי'ן אין זיין התבודדות־שטיבעל און איהם געמאָלדען, אז ס'זענען געקומען גרויסע לייט פון מלכות, אנגעטהון אין „גאָלדענע טרעסען", און האָבען א וויכטיגען ענין מיט דעם רבי'ן צו איבעררעדען.

האָט דער רבי ר' בער זיי צו זיך באַלד אויפ'ן אָרט אריינ־געבעטען און מיט א צופרידענעם שמייכעל זיי מקבל פנים געווען, זייענדיג אנגעטהון אין זיין בעליבטען טערקישען, פיל־פאַרבי־געבלימעלטען זיידענעם שלאַפראָק, אין וועלכען ער פלעגט תמיד געהן אין דער פריה פאַר'ן דאַווענען. נאָכ'ן פאָרשטעלען זיך פאַר איהם פון דער דעלעגאַציע פון אלמעכטיגען עסטרייכישען קייזער, פערדינאַנד דעם ערשטען, מיט דעם קרוין־פּרינץ פראַנץ יאָזעף בראש, האָט זיך דער רבי ר' בער באַלד אויפגעשטעלט פון פאָטעל און, ארויפלעגענדיג דעם סויבעל־שטריימעל אויפ'ן קאָפּ, האָט ער געמאַכט מיט א געהויבענער שטימע און שטאַרק בעגייסטערט, די ברכה „שנתן מכבודו לבשר ודם", וואָס מען מוז מאַכען, ווען מען זעהט א קייזער און פראַנץ יאָזעף האָט צוזאַמען מיט דער מאַנשאַפט, וואָס האָט איהם בעגלייט, זיך פערבויגען דריי מאָל פאַר'ן רבי'ן און געגומען „שלום".

און בעטענדיג די הויכע געסט זיצען, האָט דער רבי ר' בער־

מיט זיי זיך פערשלאָגען און אויסגעפרעגט זיך ביי זיי, וואָס ס'איז זייער בקשה.

האָט פראַנץ יאָזעף שטאַרק פאַר'ן רבי'ן געבימערט, אַז רוסלאַנד מאַכט זיך גאַנץ פוילע פּרעטענזיעס צו עסטרייך, דראָ־הענדיג זאָגאר מיט מלחמה, סוים מען וועט נישט נאָכקומען איהר וואונש, וואָס עסטרייך קאָן אפילו ביים בעסטען ווילען נישט נאָכגעבען.

צו אַ מלחמה איז וויטער עסטרייך אויך נישט צוגעגריים, ווייל זי איז נאָך ערשעפּט פון די מלחמות, וואָס ס'איז איהר אויסגעקומען צו פיהרען אין דער לעצטער צייט.

און הערענדיג, אַז דער „הייליגער מאַן" איז אַ גרויסער בעל־מופת, האָט וויטער דערקלערט דער קרוין־פּרינץ, האָט איהם דער קייזער ספּעציעל אהערגעשיקט, אַז דער רבי זאָל בעווייזען אַ מופת, אַז צווישען עסטרייך און רוסלאַנד זאָל וויטער הערשען שלום, ווי פריהער.

ענדיגענדיג זיין בקשה האָט דער קרוין־פּרינץ אַנידערגעלעגט אויף דעם טיש אַ גרויסען פּדיון בגויז גאָלדשטיקלעך.

דער רבי ר' בער האָט דאָן אַ שווערען קרעכץ געגעבען, ווי ער וואָלט גרויס רחמנות האָבען מיט דעם, אַזוי שטאַרק בעזאָרגטען, קייזער פערדינאַנד, אָבער ער האָט גלייכצייטיג דעם נידערגעשלאָגענעם קרוין־פּרינץ בערוהיגט, אַז ער זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק איבערנעהמען מיט רוסלאַנד'ס דראָהונגען, דער טייוועל איז נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָהלט איהם.

האָט זיך אָבער דער קרוין־פּרינץ מיט דעם דאָזיגען ענטפער נישט געוואָלט בעגנוגענען. ער האָט געוואָלט הערען פון דעם „הייליגען מאַנ'ס" מויל אַ צוזאָג, אַז רוסלאַנד וועט זיך אָבזאָגען פון די פּרעטענזיעס, וואָס זי מאַכט זיך צו עסטרייך און עס וועט וויטער הערשען צווישען די צוויי מאָנאַרכען שלום ושלוה, ווי פריהער. ער האָט דערביי צוגעזאָגט דעם רבי'ן אַ גרויסע בע־לוינונג.

האָט דער רבי ר׳ בער זיך אָבגעזאָגט פון פדיון און אויך פון דער צוגעזאָגטער בעלוינונג, בעטענדיג דעם קרוין-פּרינץ, אַז ער זאָל דאָס געלד בעסער פערטיילען צווישען יודישע אָרימע, פערזיכערענדיג איהם, אַז אין דעם זכות וועט עסטרייך געהאָל-פען ווערען צו אַ שלום מיט רוסלאַנד.

מיט דעם דאָזיגען ענטפער איז שוין פּראַנץ יאָזעף צופרי-דען געוועזען און, געזעגענענדיג זיך הארציג מיט דעם רבי׳ן, האָט ער זיך ווייטער פערבויגען דריי מאָל פאַר׳ן רבי׳ן ביים ארויס-געהן, אַזוי ווי ער האָט עס געטהון ביים אריינקומען און איז באַלד אָבגעפאָהרען אַ היים.

ג.

אין קייזערליכען הויף אין וויען האָט מען אויסגעקוקט מיט גרויס אומגעדולד אויף דעם ענטפער, וואָס דער קרוין-פּרינץ וועט ברענגען פון „הייליגען מאַן" פון ראַדאָשיץ.

און קוים האָט פּראַנץ יאָזעף בעוויזען צו בעטרעטען די שוועל פון קייזערליכען הויף, איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון רוס-לאַנד, אַז דער קייזער ניקאָלאַי געהט איין אויף הנחות און איז נוטה צו בעניי‏ען דעם שלום מיט עסטרייך אויף דעם בעסטען אופן.

און עס האָט טאַקע ניט לאַנג געדויערט און דער דאָזיגער שלום איז געשלאָסען געוואָרען לטובת עסטרייך.

פּראַנץ יאָזעף, איבערנעהמענדיג דעם טראָהן נאָך דער רע-זיגנאַציע פון זיין פאָטער אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע אין יאָהר 1848, האָט ער זיך דערמאָהנט אין דעם מופת, וואָס דער ראַדאָשיצער רבי האָט געוויזען, ווען ער איז ביי איהם געווען אַלס קרוין-פּרינץ. האָט ער אין דער גאַנצער צייט פון זיין קעני-גען, אַנ׳ערך 70 יאָהר, געהאַט אַ דאַנקבאַר האַרץ פאַר יודען, וועלכע האָבען איהם פאַר זיין גוטהאַרציגקייט און פאַר זיינע טובות, וואָס ער האָט געטהון יודען, שטאַרק פערעהרט און פער-געטערט.

דער ראדאָשיצער צדיק האָט איהם ביים געזעגענען זיך געבענשט מיט אריכת ימים, אויסרעדענדיג זיך מיט איהם א תנאי, אז ער זאָל גוט בעהאנדלען די יודען.

# דער גאסטינינער „למד־וואווניק"

מיט דעם נאמען למד־וואווניק האט דער קאצקער געקרוינט דעם גאסטינינער רבי ר' יחיאל מאיר.

ווען ר' הירש טאמאשאווער האט זיך אנומעלט בעקלאגט פאר דעם קאצקער, אז ער איז מסופק, צי ס'איז אין דעם איצטיגען זיינדיגען דור פערהאן ל"ו צדיקים, אויף וועלכע די וועלט שטעהט, האט זיך דער קאצקער אנגערופען: וואו איז אונזער מאיר יחיאל? איז ער נישט איינער פון די למד־וואווניקעס?

ביז דעמאלט האט קיינער נארנישט געוואוסט, אז ר' יחיאל מאיר פון גאסטינין איז אזא גרויסער צדיק, אז דער קאצקער האלט איהם אפילו פאר א למד־וואווניק. אזא גרויסער נסתר איז ער געווען.

מען האט געוואוסט, אז ר' יחיאל מאיר איז א טאבאק־סוחר און זיין ווייב איז די גאנצע בריה'טע. זי האנדעלט און וואנדעלט און ער, דער מאן איהרער, פאהרט כסדר אויף א יום־טוב אדער אויף א יומא דפגרא קיין קאצק, זיצט דארט אב צייטען און פראוועט חסידות...

צייטענווייז איז ער אויך אפילו מיטגעפאהרען מיט זיין ווייב קיין קרושניצעווייץ און קוטנא איינקויפען במקח טאבאק, אבער — מעהר נישט.

ווען דער קאצקער האט מגלה סוד געווען, ווער ר' יחיאל

מאיר איז, האָט מען שוין מעהר נישט געראַפּט. דער עולם האָט איהם באַלד אָנגעהויבען רופען: רבי, דערלאַנגט איהם קוויטלעך און געגעבען פדיונות. ער אַליין האָט שטאַרק אויסגעמיטען דעם פרסום ביים קאַצקערס לעבען. ר' יחיאל מאיר איז געבליבען דער וועלכער. דאָס ווייב איז געשטאַנען אין קלייטעל און ער איז זיך ווייטער געפאָהרען, ווי תמיד, קיין קאָצק.

אָבער ס'איז איהם נישט מעהר געלונגען אַרויסדרעהען זיך פון עולם. דער נסתר איז געוואָרען בעל כרחו רבי און פון טאָג צו טאָג איז געוואַקסען זיין אויטאָריטעט אין דער חסידישער וועלט. מען האָט אפילו געזאָגט, אַז ר' יחיאל מאיר האָט גילוי אליהו...

מען האָט דעם גאָסטינינער למדן־וואָוויס געהאַלטען פאַר א גרויסען אויסטהוער און בעל־מופת, חן אין פרנסה־זאכען, הן אפילו אין פּראַצעסען א.ד.גל. דאָ האָט ער ממש מופתים בעוויזען. דער אומשולדינער איז זיכער געווען, אַז ער וועט ביי איהם געהאַלפען ווערען, אָבער אויך דער שולדיגער, קוים האָט זך זיך פאַר איהם מודה געווען און ער האָט נע'טענה'ט, אַז ער האָט חרטה, האָט ביי איהם שטאַרק אויסגענומען און ער פלעגט איהם צוזאָגען הילף.

דאָס איינציגע מיטעל, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיין עולם, איז געווען, אַז מען זאָל זאָגען תהלים, געבען צדקה און ליכט אַנצינדען פאַר ר' מאיר בעל נס...

נאָכ'ן דאַווענען, אין דער פריה און אין אָוונד, פלעגט ער דעם עולם „אָבפּאַרטיגען", נישט קוקענדיג וויפיל איינער לייגט אַריין פדיון־געלד אין דעם טאַרבעלע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער האַנד. און באַלד אויס'ן אָרט האָט ר' יחיאל מאיר דאָס געלד פערטיילט נצרכים. אויך נישט קוקענדיג וויפיל ער נימט. טיילמאָל האָט איהם נאָך אויסגעפעהלט געלד אין טאַרבעלע צו פערטיילען, האָט ער אויסגעטאַבט זיין טייסטערל און ווייטער געגעבען מיט דער פולער האַנד. ביים געזעגענען זיך מיט'ן עולם,

פלעגט ער אלע אַטווינשען, דעם — מיט פרנסה, יענעם — מיט „זרע קיימא״, קינדער־האָבען, א דריטען ווידער — מיט אַנ־אַנדערע ברכה אא״וו און דער גאנצער עולם האָט דערויף געענט־פערט מיט א הילכיגען „אמן״...

אַנומעלט, דערצעהלט מען, איז צו דעם גאָסטינינער למדן וואָוניק געקומען א יוד, א גלות, און שטאַרק נעביטערט פאַר איהם, אַז עס האָט אין זיין שטעדטעל א קריסט אויפגעמאכט א געשעפט מיט די זעלבע סחורות, מיט וועלכע ער האַנדעלט. איצט איז איהם דער קריסט מקפח די פרנסה, וואָרום אַלע קריסטען קויפען נאָר ביי יענעם. דער רבי, בעמערקענדיג, אַז דער דאָזיגער יוד רעדט שוואַך יודיש, האָט איהם געענטפערט: ס׳איז גאָרנישט קיין וואונדער, וואָס די יודען האָבען בעונותינו הרבים, איצט קיין פרנסה נישט, וואָרום — די יודען נעמען ביי די גויים צו דאָס לשון און זיי, ווידער, נעמען צו ביי יודען די פרנסה...

ותגען נאָך א כאַראַקטעריסטישען פאַסט מיט׳ן גאָסטינינער וועלט דערצעהלט:

אין שטעדטעל אוניעו, נעבען לענטשיץ, איז א צעהן־יעהריגער שייגעץ נאָכגעלאָפען אין די גאַסען דעם דאָרטיגען יודישען פאַר־בער ס. און איהם נאָכגעשריגען: טאַטע, טאַטע!...

דער דאָזיגער שייגעץ איז געווען א פרא־אדם, א ממזר. זיין מוטער פלעגט הייצען ביי יודען אין שבת די אויוועגס.

ס׳האָט עמיצער אָנגערעדט דעם שייגעץ, אַז ער זאָל אַזוי טהון און דער פאַרבער האָט פאַר בושה, נעבעך, נישט געקענט דאָס פנים ווייזען פאַר מענשען אין דער גאַס. אַזוי שטאַרק האָט איהם פערדראָסען דאָס ממזר־בלבול.

פלוצלונג האָט מען געפונען דעם דאָזיגען שייגעץ אין א זאַק, צו וועלכען ס׳איז געווען צוגעבונדען א גרויסער שטיין, דערטרונ־קען אין טייך ווארטע, וואָס שנײדעט אַדורך די שטאָדט. א חבורה קריסטען האָט גלייך בעשולדיגט אין דעם דאָזיגען מאָרד דעם יודישען פאַרבער. האָט מען איהם גלייך אָבגעפיהרט אין דער

תפיסה קיין קאליש, וואו מען האט איהם געהאלטען א יענגערע צייט.

מיט די קריסטען האט אויך געהאלטען דער גלח פון דער שטאדט. דאס קאלישער קרייז־געריכט האט דעם פארבער פער־משפט אויף 12 יאהר קאטארגע.

דעם פארבער׳ס ווייב און קינדער זענען דאן געלאפען קיין גאסטינין און דארט ביים רבי׳ן מרעיש עולם געווען. זייער געוויין איז געווען אין לשער. דער רבי האט זיי געהייסען פאה־רען קיין ווארשא און אנגעבען אנ׳אפעלאציע און אויב זייער מאן און פאטער וועט באמת נישט זיין שולדיג — וועט ער פון גויים׳ס הענד בעפרייט ווערען...

און טאקע צו דעם אפעלאציע־פראצעס אין ווארשא מעלדעט זיך יענער גלח און ערקלערט איצט, אז דער אמת׳ער מערדער, וועלכער האט דעם שייגעץ דערמארדעט, איז א גוי, וועלכער האט זיך פאר איהם מודה ומתודה געווען, אזוי, אז דער פארבער איז לחלוטין אומשולדיג.

אין דער יוד אנערקענט געווארען פון דעם ווארשאווער גע־ריכט פאר אומשולדיג און איז תיכף בעפרייט געווארען. האבען חסידים געזאגט. אז דאס האט דער גאסטינינער ארייגגעגעבען אין האר׳ץ פון אמת׳ן מערדער, דעם גוי, דעם חרטה־געדאנק און דער יוד איז אזוי ארום ניצול געווארען...

דער גאסטינינער איז געווען א גרויסער עניו. אין פרט פון עניוות איז באמת נישט געווען זיינ׳ס גלייכען.

אין שטעדטעל גאסטינין, וואו ר׳ יחיאל מאיר איז אויך געווען רב, איז אמאל אויסגעבראכען א מחלוקה צוליב א שוחט. דער רב האט געהאלטען שטאהל און אייזען פאר׳ן שוחט, דאגעגען די שטאדט־בעלי־בתים זענען געווען דעם שוחט׳ס געגנערס.

אזוי ווי דער רבי האט געדאווענט שבת און יום־טוב אין דער שטאדט־שוהל, האבען די בעלי־בתים פערלאזט די שוהל אלס

פראַמעסט און זיך איינגעאַדרעגט אַ בעזונדער קלויז צו דאַ־
ווענען.

ר׳ יתיאל מאיר, נישט קוקענדיג אויף זיין כבוד, האָט זיך
גענומען זיין שמש ר׳ אברהם יוסף, איז צוזאַמען געגאַנגען פאַר
כל־נדרי צו די בעלי־בתים אין זייער שטיבעל אַריין און זיי
מפייס־געווען.

און ווען דער עולם האָט גלייך געוואָלט מיט איהם מיטגעהן
אין דער שוהל אַריין, האָט ער מוחל געווען אויף זיין כבוד און
געהייסען זיי איבער יום־טוב וויטער ביי זיך דאַווענען.

ערשט נאָכ׳ן יום־קדוש איז דער עולם צוריקגעקומען אין
שוהל אַריין.

מיט אַ זעהר הארציגער שפּראַך און אין אַ נוטען יודיש
פלעגט ער אַהן שום וואָרנונגען און אָבשרעקונגען, אין דער
שוהל אָדער ביי זיך אין דער היים, מוסר זאָגען דעם עולם, בע־
טען, אַז זיי זאָלען בעסער ווערען, יודישלעך לעבען אאַ״וו.

איינמאָל, אין אַ פראָסטען מיטוואָך, האָט ער געהייסען זיין
שמש קלאַפּען און רופען אין שוהל אַריין, ווייל מ׳דאַרף תהלים
זאָגען.

אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט דאָס שטעדטעל, וואָרום קיינער
האָט נישט געוואוסט, וואָס די סיבה איז. ערשט אין עטליכע טעג
אַרום, ווען ס׳איז אויסגעבראָכען ביים רבי׳ן אין הויז אַ שרפה
און ס׳איז איינגאַנצען אַלץ אָבגעברענט געוואָרען און אין דער
שטאָדט האָט עס קיינעם נישט געשאַדט, האָט מען ערשט פער־
שטאַנען, וואָס דער הייליגער רבי קען אויפטהון אין הימעל... ער
האָט הייסט עס פערהיט די שטאָדט פון אַ שרפה, פאַר׳ן פרייז
פון זיין איינען הויז...

אויף דער עלטער איז דער גאַסטיניגער אַנ׳אַלמן געוואָרען
און התונה געהאַט מיט אַנ׳עלטער מיידעל פון זשיכלין. האָט זי
איהם מקצר ימים געווען מיט ר״עם, וואָס זי האָט ביי איהם גע־
וואָלט „מאַכען אַ לעבען״. ער האָט נישט געקאָנט איהר נאָכקר־

מען און ער האָט זי געמוזט גט'ן, אוועקגעבענדיג איהר אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. אַזוי האָט איהר צונג'פּסק'נט דאָס בית־דין.

בצלד נאָכדעם איז דער גאָסטינינער לכר־וואָוויק נסתלק געוואָרען (כ"א שבט, תרמ"ח), איבערלאָזענדיג 2 זיהן: ר' לייבוש און ר' משה'לע. ער האָט אויך איבערגעלאָזט בירושה עט־ליכע הייזער און טייערע ווערט־זאַכען.

ר' לייבוש האָט נישט געוואָלט ווערען דעם פאָטער'ס ממלא מקום. ר' משה'לע אָבער האָט איבערגענומען זיין פאָטערס רבי־סטווע. ער האָט נעהאַט ווענינ גליק. ער האָט געוואוינט אין קאָ־ועל, בלוינע, פּרושקע, צום סוף אין וואַרשע — און קיין עולם זיך נישט ערוואָרבען...

· פון גאָסטינינער זעגען דערשינען: לקוטים און ספר „כרום הבי"ם".